ש. סימכאָוויטש

# אַ שטיפקינד בײַ דער װײַסל

אַרײַנפיר־בריוו פון אליעזר וויזעל



אַרויסגעגעבן דורך אַ קאָמיטעט
טאָראָנטאָ, 1992

# פאָרוואָרט

מיטוואָך פאַר טאָג, דעם 19טן אויגוסט, 1942, האָבן דײַטשישע איינזאַץ־טרופּן, צוזאַמען מיט זייערע העלפערס, זיך אַרײַנגעריסן אין געטאָ פון אָטוואָצק, 28 קילאָמעטער דרום פון וואַרשע. מיט געשרייען און שיסערייען האָבן זיי צונויפגעטריבן די אײַנוווינער פון געטאָ אויף אַ פּלאַץ הינטער דער באַנסטאַציע, ווו זיי האָבן געמוזט וואַרטן ביז די יידן פון די דערבײַיקע יישובים — פאַלעניץ, קאַרטשעוו א.אַ. — זײַנען, געטריבענע צו פוס, אָנגעקומען אויף דעם אָרט.

די איבער פופצן טויזנט יידן — מענער, פרויען און קינדער — זײַנען דאַן אַרײַנגעשטופּט געוואָרן אין די צוגעגרייטע פראַכט־וואַגאָנען און אָפּגעשיקט געוואָרן אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע. די וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין געטאָ האָט מען דערנאָך אויסגעמאָרדעט אויפן אָרט. דאָס זעלבע איז געטון געוואָרן צו די יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן אַרויסגעהאָלפן אין דעם גירוש פון זייערע שוועסטער און ברידער. אַזוי זײַנען אומגעקומען די יידן פון אָטוואָצק און אומגעגנט, וואָס האָבן דאָ געלעבט, געבויט און געשאַפן אין משך פון דורות.

**„אַ שטיפקינד בײַ דער ווײַסל״** איז די לעבנס־געשיכטע פון אַ יונגן אָטוואָצקער ייִד פון דער אָרעמער יידישער געגנט אַרום באַזאַר. זײַן קינדהייט און יוגנט ווערן געשילדערט אויפן פאָן פון פּילקאָליריקן, שפּרודלדיקן לעבן אין דער שטאָט, אַזוי ווי דער מחבר, וואָס האָט פאַרלאָזן זײַן היים צו אַכצן יאָר, האָט עס פאַרגעדענקט.

ש. ס.

— — — — — — — — — — — —

קאַפּיטלעך פון דעם בוך זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „ירושלימער אַלמאַנאַך״, 1991 און 1992, „יידישע קולטור״, סעפּט.־אָקט. 1992 און „אויפן שוועל״, אָקטאָבער, 1991 — מאַרץ, 1992.

# אַרייַנפיר־בריוו פון אליעזר וויזעל

ליבער ש׳. סימכאָוויטש,

אײַער ראָמאַן האָט מיך פאַרפירט העט־ווײַט, אַזש ביז קיין אָטוואָצק — אַ שטאָט אַ יידישע, וואָס דעם שׂונאס פײַער־שטורעם האָט פאַרצוקט אין מלחמה־פיצטערנישן.

כ׳בין קיין מאָל אין אָטוואָצק נישט געווען. פונדעסטוועגן האָב איך, אַ דאַנק אײַך, אַ מאָדנע געפיל: כ׳האָב אין אירע גאַסן שפּאַצירט שבת נאָך מיטאָג און זיך צוגעהערט צו די פּאָליטישע דיסקוסיעס פון אײַערע חברים.

זעט אויס, אַז אַלע יִדישע שטעטלעך האָבן געהאַט נישט בלויז דעם זעלבן גורל, נאָר אויך די זעלבע ראָמאַנטישע חלומות, וואָס יונגע בחורים און מיידלעך האָבן געוועבט יאָר־אײַן יאָר־אויס, ווי זיך צו באַשיצן פון דער אַרומיקער טרויעריקער ווירקלעכקייט.

אײַער ראָמאַן איז דורכגענומען מיט יִדישער בענקשאַפט. ס׳איז גלײַך ווי איר זענט אויסן געווען צוריקצוברענגען אָטוואָצק פון תהום. דערפאַר איז דער סטיל אײַערער אַזוי ליריש און דער טאָן אַזוי נאָסטאַלגיש. איר שילדערט דאָס לעבן פון קליינעם, דערנאָך יונגן נחום פריידאָוויטש, זײַן הונגער, זײַן צער, זײַן לערנען, זײַן דערוויַיטערונג פון פרומקייט, זײַן סאָציאַלן באַוווסטזיין. אָבער ־די קאַנווע איז פיל ברייטער. איר ווײַזט זײַנע עלטערן, זײַנע לערער, זײַנע קרובים. מ׳לייענט אײַער ראָמאַן און מ׳זעט פאַר זיך אַ יִדיש יִנגל, וואָס באַווײַזט, טראָץ זײַן אָרעמקייט, טראָץ די רדיפות, צו פאַרבלײַבן געטרײַ צום יִדישן פאָלק.

געוויס, נחום איז אײַער הויפּט־העלד. אָבער אײַער ראָמאַן פאַראייביקט פיל אַנדערע יִדישע טיפּן, וואָס געהערן צום יִדישן

זכּרון: די אַרבעטער, די טרעגער, די בונדיסטן, די קאָמוניסטן, די ציוניסטן און — להבדיל אלף אלפי הבדלות — די מוסרים. איר ברענגט זיי אַלע אין דער דערציילונג, גלײַך ווי איר וואָלט געוואָלט זאָגן, אַז אָן זיי וואָלט נחום נישט געווען נחום. זוכט איר זיי אומעטום, כּדי זיי אַרויפצוברענגען אויף דער בינע. כ׳האָב נאָר וואָס באַגעגנט איינעם און שוין ווײַזט איר מיר אָן אַנדערן. איר דערמאָנט איין טעמע, און שוין איז דאָ אַ צווייטע. גאָר פילפאַרביק איז אײַער ראָמאַן, ליבער פרײַנד סימכאָוויטש. וואָלט איר געהאַט ווייניקער טאַלאַנט, וואָלט דער לייענער זיך פאַרבלאָנדזשעט אין אייער עולם־הדמיון. אָבער איר זענט אַ גוטער וועגווײַזער.

דאָס בוך ענדיקט זיך אָנהייב סעפּטעמבער 1939 מיטן אָנפאַל פון די דײַטשע מערדער אויף פּוילן. פילט מען, אין די לעצטע זײַטן פון ראָמאַן, די אָנקומענדיקע אימהדיקייט. ס׳וועט לאַנג נישט נעמען ביז אָטוואָצק וועט אונטערגיין. נחומס עלטערן, משה־אברהם און איטע, זייערע קליינע קינדערלעך, אַלע ייִדישע קינדערלעך פון אָטוואָצק, אַלע ייִדישע טאַטע־מאַמעס פון פּוילן זענען שוין, ערגעץ־ווו אין בערלין, פאַראורטיילט געוואָרן צום אומקום.

און נחום? וואָס איז געשען מיטן באַגאַבטן מחבר פון דער אויטאָביאָגראַפיע פון אַ ייִדיש בחורל? צי וועט איר אונדז געבן אַן ענטפער אין אײַער קומענדיקן ראָמאַן? כ׳וויל האָפן אַז יאָ.

**אליעזר וויזעל**

באָסטאָן, יולי 1, 1992

# די שטוב

די שטוב, אין וועלכער נחום איז אויפגעוואַקסן, איז געווען אַ פּײַכטע און טונקעלע, מיט אַן איינציק זײַטיק פענצטער וווהין די זון פלעגט זעלטן צוקומען. דער לענגלעכער חדר, וואָס איז געווען די היים פון אַ משפחה פון זיבן נפשות, איז געווען אויסגעפּילט מיט אַלטע, אָפּגענוצטע מעבל און שטוב־חפצים.

לענג־אויס דער וואַנט בײַם פענצטער זײַנען געשטאַנען טאַטע־מאַמעס בעטן; אין ווינקל, בײַ דער פאָדערשטער טיר, וואָס האָט געפירט אין טאַטנס וואַרשטאַט אַרײַן, איז געווען די פּירקאַנטיקע קאַכלענע קיך און נעבן איר — אַ קעסטל מיט אַן עמער און שיסל צום וואַשן זיך. דאָס איבעריקע אָרט בײַ דער צווייטער וואַנט האָט פאַרנומען אַ הויכע קליידערשאַנק מיט שווערע טירן, באַצירטע מיט אַלטמאָדישע שניצערײַען און באַפּוצונגען. האַרט בײַ דער שאַנק איז געווען די טיר אין הויף אַרײַן.

שפּעט אין האַרבסט, ווען דער ווינטער האָט גענומען גענענען, האָט די וואַנט, בײַ וועלכער ס׳זײַנען געשטאַנען די בעטן, גענומען שלאָגן מיט קײַלעכיקע טראָפּנס פּײַכקייט, ווי אין אַ חולאת. דאָס איז געווען אַ קאַלטער מויער, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט אַ חורבה, ווו מען פלעגט אָפּלייגן שטיקער אײַז פאַרן זומער, און עס האָט געווייעט פון דאָרטן מיט אומהיימלעכער, אײַזיקער קעלט.

דעמאָלט פלעגט משה־אברהם, נחומס פאָטער, פאַרקאַשערן די אַרבל און זיך נעמען באַשיצן די שטוב פאַרן אָנקומענדיקן שווערן ווינטער. פאַר אַלעם האָט ער פאַרקלאַפּט די טיר אין הויף אַרײַן, דערנאָך פאַרשטופּט די שפּאַרונעס מיט שטרוי און צום סוף איבערגערוקט די מלבושים־שאַנק צו דער טיר, זי זאָל מיט איר גרייס

און פאַרנעם באַשיצן די וווינונג פונעם בייזן ווינטער. ערשט נאָך דעם פלעגט ער אַרויפברענגען פון קעלער דאָס אײַזערנע אייוועלע, מחמת די קיך אין ווינקל איז נישט בכוח געווען צו געבן גענוג וואַרעמקייט. פונעם אייוועלע, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב, האָבן זיך געצויגן בלעכענע רערן ביז אין דער וואַנט וואָס בײַ דער קיך, און ווען דאָס פײַער פלעגט זיך צעקנאַקן, זײַנען די רערן געוואָרן רויט און געשפּרייט אַ ליבע וואַרעמקייט איבערן אַרום.

אין דער אָ אָרעמער שטוב האָט משה־אברהמס ווײַב, איטע, געהאָדעוועט פיר אייגענע קינדער און אַ שטיפטאָכטער פון איר מאַנס ערשטן ווײַב, וואָס איז געשטאָרבן אין ערשטן יאָר פון דער מלחמה. געשען איז עס אין שטעטל סאָבין, ווּהין משה־אברהם, אַליין פון גער, האָט זיך אַריבערגעקליבן ווען ער האָט חתונה געהאַט און געעפנט אַ קליינעם שטעפּער־וואַרשטאַט, פון וועלכן ער האָט געצויגן חיונה.

ווען די גרויסע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט און ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס לעבן וועט זיך ווידער אײַנשטעלן ווי אַמאָל, האָט משה־אברהם, אַצינד אַן אַלמן מיט אַ קליין קינד, חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל מיט איטען, וואָס האָט אַ יאָר שפּעטער אים געבוירן אַ זון — נחום. אָבער ס'איז זיי נאָך נישט באַשערט געווען צו קומען אל הנחלה ואל המנוחה, ווײַל גלײַך אין זעלבן יאָר, וואָס נחום איז געבוירן געוואָרן, איז אויסגעבראָכן אַ נײַע מלחמה, די רוסיש־פּוילישע, און די רויטע אַרמיי איז דערגאַנגען ביז אַהער און נאָך ווײַטער, ביז וואַרשע. אין די אַרטילעריע־שלאַכטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט בײַ דער ווײַסל, איז דאָס שטעטל אָפּגעברענט געוואָרן און די ייִדישע אײַנוווינער דאָרטן האָבן קוים באַוויזן אַרויס מיטן לעבן.

אויף אַ געדונגענער פור האָט משה־אברהם אַרויפגעזעצט דאָס ווײַב מיט ביידע קינדער און צוזאַמען מיטן ביסל אָפּגעראַטעוועטן האָב־און־גוטס זיך אַריבערגעפּעקלט קיין אָטוואָצק, אַ שטאָט אויף דער באַנליניע קיין וואַרשע, וואָס האָט געהאַלטן אין וואַקסן און זיך פאַרגרעסערן. אין אַ צווייטאָקיקן מויער בײַם אָנהייב פון שווידערסקע גאַס, נעבן דער באַנליניע און דעם שטאָטישן באַזאַר, האָט ער געדונגען אַ צווייטשטוביקע דירה; די פראָנטשטוב, וואָס איז אַרויס אויפן גאַס, איז באַשטימט געוואָרן פאַרן וואַרשטאַט און די הינטערשטוב פאַר דער משפּחה. און טאַקע אין דער אָ שטוב האָט

איטע געקינדלט יאָר־נאָך־יאָר און געברענגט אויף דער וועלט, אַחוץ נחומען, צוויי מיידלעך און נאָך אַ יִינגל.

די ענגע ווינשטוב איז געוואָרן פול מיט קינדערשע קולות און גערודער; די קינדער האָבן געקרענקט, געפּאָקט און געמאָזלט, אָבער זײַנען, מיט גאָטס הילף, אַרויס מיטן לעבן. ווען אַ קינד איז איר קראַנק געוואָרן, האָט איטע נישט גערוט. ווי אַ גוטער מלאך האָט זי טאָג און נאַכט געוואַכט איבער אים, גערופן דאָקטוירים און אָפּשפּרעכערינס און אַלץ געטון, כּדי אַרויסצורײַסן איר בלוט־און־פלייש פון די נעגל פון מלאך־המוות.

צום מײַנסטן האָט איטע געליטן פון נחומען, וואָס איז געוואַקסן אַ שוואַכער און צאַרטער, ווי אַ דין ביימל, וואָס אַ ליאַדע ווינט קען אים איײַנברעכן. פון געבוירן אָן האָט ער געקרענקט, געליטן אויף אַן אויגן־אָנצינדונג, פאַרגרעסערטע מאַנדלען, אַדורכגעמאַכט אַ שווערע שקאַרלאַטינע און גאָר אָפּט פאַרקילט זיך. מער פון אַלעם האָט איטע מורא געהאַט פאַר די פאַרקילונגען, וואָס קענען, חלילה, אָנגרײַפן דעם קינדס לונגען, מחמת זי האָט געהערט, אַז משה־אברהמס פאָטער איז פריצײַטיק אַוועק פון דער וועלט פון אָט דער מחלה. אויך ער, איר מאַן, כאָטש לויטן אויסזען אַ ברייטביייניקער און פעסטער, האָט גערירשנט פון זײַן טאַטן אַ הוילן, באַסאָווען הוסט, וואָס פלעגט אָנוואַרפן אויף איר אַ פּחד.

פלעגט זי דעריבער אָפּהיטן דאָס יִינגל מער פון אַלע קינדער, אים אײַנשאַפן פרישע קאָזעמילך צום טרינקען און פאַרוויקלען אים דעם האַלדז מיט שאַליקלעך, ווען ס׳איז קילער געוואָרן אין דרויסן. און ווען נחומל האָט זיך טאַקע פאַרקילט, האָט אים איטע געריבן דאָס פלייצעלע מיט ספּירט, געוואַרעמט דאָס געלעגער מיט אַ הייסן טשײַניק און געשטעלט אים באַנקעס.

„מײַן אוצרל, מײַן קדישל, קיין שום בייז זאָל דיר נישט זײַן,״ האָט זי דערבײַ צו זיך אַליין געמורמלט.

אַרויסגעהאָלפן אין האָדעווען נחומען האָט די שטיפטאָכטער, שיינדל. אָפּט מאָל, ווען איטע איז געווען פאַרנומען בײַ דער קיך אָדער אין מאַנס וואַרשטאַט, פלעגט שיינדל אים אָנטון און קאָרעמען אָדער לייגן שלאָפן. שיינדל איז געווען מיט פיר יאָר עלטער פון נחומען און האָט שוין געלערנט אין דער פּוילישער שולע. פון דאָרטן פלעגט זי אַהיימברענגען ביכלעך מיט סיפּורים וועגן פּוילישע קייסאָרים און ריטער, וואָס האָבן מלחמה געהאַלטן מיט די דײַטשישע קרײַצטרעגער, די „קזשיזשאַקעס״, אָדער וועגן דער שיינער קיניגין

וואַנדאַ, וואָס האָט זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דער ווײַסל און איז דאָרטן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רוסאַלקע, אַ וואַסער־פּרינצעסין.

פֿאַרן שלאָפֿן גיין האָט נחום ליב געהאַט אויסצוהערן שיינדלס אויסטערלישע מעשׂיות. אָפֿט מאָל פֿלעגט אויך איטע צושטיין און אָנהייבן דערציילן וועגן איר אייגענער קינדהייט אין אַ דאָרף אין לובלינער קאַנט, ווו איר פֿאָטער, אַ מלמד, פֿלעגט אַרומגיין איבער די אַרומיקע דערפֿער און געלערנט תּורה מיט ייִדישע קינדער און אַהיימקומען בלויז אויף שבתים און יום־טובים. נישט איין מאָל פֿלעגט ער, אויפֿן וועג אַהיים, פֿאַרבלאָנדזשען אין וויסטע פֿעלדער און וועלדער, ווו סע לויערן גזלנים און בייזע חיות, און איז אָפּגעקומען מיט גרויס שרעק, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן אַהיים. פֿון שיינדלס און דער מאַמעס מעשׂיות און דערמאָנונגען פֿלעגן זיך נעמען נחומען קלעפּן די אויגן צום שלאָף.

„מ׳דאַרף מאַכן נאַכט,‟ פֿלעגט איטע אויסרופֿן און נעמען זיך צו רעכט מאַכן די בעטן און געלעגערס פֿאַרן הויזגעזינד. דאָס איז געווען נישט פֿון די לײַכטע זאַכן: די שטוב איז געווען ענג און קינדער, קיין עין־הרע, פֿינעף, חוץ טאַטע־מאַמע. צום בעסטן האָט זיך געהאַט דאָס מיזיניקל, וואָס איז געלעגן איינער אַליין אין הילצערנעם וויגל אין מיטן שטוב. אויך שיינדל איז געשלאָפֿן באַזונדער, אויף אַן אויסלייגבעטל בײַ דער טיר צום הויף אַרויס. די אַנדערע צוויי מיידלעך זײַנען געשלאָפֿן אין בעט מיט דער מאַמען און נחום — מיטן טאַטן.

אין בעט האָט נחום ליב געהאַט זיך צוטוליען צום טאַטנס האָריקער ברוסט און פֿילן זײַן וואַרעמען אָטעם איבער זיך. דעם טאַטנס הוסטן אָבער, וואָס פֿלעגט אים אויפֿוועקן אָפֿט מאָל אין מיטן דער נאַכט, האָט אים געשראָקן. אָבער דער טאַטע פֿלעגט אים אײַנגעמען אין דער שטיל, ער זאָל זיך נישט צעוויינען, און געשעפּטשעט אים אין אויער: „ס׳איז גאָרנישט, נאַרעלע, גאָרנישט.‟

נחום פֿלעגט זעלטן ווען זען, ווען דער טאַטע לייגט זיך שלאָפֿן און ווען ער שטייט אויף. משה־אברהם איז געווען פֿאַראַרבעט אין וואַרשטאַט פֿון פֿאַרטאָג ביז אין דער נאַכט. ווי נאָר ס׳האָט גענומען שאַרײַען, פֿלעגט ער עפֿענען די לאָדנס און זיך שטעלן דאַוונען בײַם פֿענצטער. אַ מאָל, אַז נחום האָט זיך אויפֿגעוועקט פֿאַר טאָג, פֿלעגט ער זען דעם טאַטן אין ווינקל, אײַנגעוויקלט אין גרויסן טלית, מיט די

שוואַרצע תפילין־קעסטעלעך אויפן קאָפּ און אָרעם, ווי ער שאָקלט זיך און מורמלט אין דער שטיל, עלעהיי אַ נישט־ערדיש וועזן. אָפּגע־דאַוונט שחרית, האָט זיך משה־אברהם געשטעלט צו דער אַרבעט אין שטעפּער־וואַרשטאַט אין דער פראָנטשטוב און נישט אָפּגעטראָטן פון דאָרטן ביז אין אָוונט.

דערפאַר אָבער איז שבת אין דער פרי געווען די בעסטע צײַט פאַר די קינדער ווי פאַר די עלטערן. מידע פון דער וואָך האָרעוואַניע, זײַנען טאַטע־מאַמע אונטערגעליגן אין די בעטן און די קינדער, נאָך אין די בלויזע נאַכטהעמדלעך, פלעגן שפּרינגען פון איין בעט אין צווייטן און זיך טיילן מיט די קיכלעך, וואָס די מאַמע האָט געבאַקן אויף שבת. נחום האָט ליב געהאַט אַרויפצוקריכן אויפן טאַטן און רײַטן אויף אים, ווי אויף אַ פערדל. דער טאַטע פלעגט אים קונציק אַראָפּוואַרפן אויפן שעניק, כּדי נחום זאָל ווידער אויף אים אַרויפ־קריכן און ווידער פּרובירן רײַטן און רופן, „העטאַ־וויאָ, פערדעלע!"

צום סוף פלעגט משה־אברהם כאַפּן נחומען אין זײַנע שטאַרקע אָרעמס און צערטלעך אים צודריקן צו זיך. זײַן שטעכיקע באָרד האָט באַרירט נחומס באַקן בעת ער האָט געמורמלט צום זונעלע מיט ליבשאַפט, „נאַרעלע, בהמהלע וחזירל."

ווי נאָר אָבער דער שבת איז פאַרבײַ, איז משה־אברהם ווידער געוואָרן ערנסט און שווײַגענדיק ווי פריער, אַ פאַרנומענער אַ פולן טאָג אין וואַרשטאַט.

* * *

# דער שטעפּער־וואַרשטאַט

דורך דער האַלב־אָפּענער טיר האָט זיך אַ גאַנצן טאָג געטראָגן אין שטוב אַרײַן דער געזשום פון די ניימאַשינען פון משה־אברהמס וואַרשטאַט. דאָס גערויש פון די מאַשינען האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן געזאַנג און גערייד פון די געזעלן און די שוסטערס, וואָס פלעגן קומען מיט שטעפּער־אַרבעט און זיך פאַרהאַלטן אין געוועלב און שמועסן אויפן קול.

פון קליינוויַיז אָן האָט נחום ליב געהאַט זיך אַרײַנצוגנבענען אין וואַרשטאַט און זיך צוקוקן און צוהערן צו אַלץ וואָס גייט דאָרטן אָן. אין קעגנזאַץ צו דער ענגער, טונקעלער שטוב, איז דער וואַרשטאַט געווען אַ ליכטיקער און געראַמער, מיט אַ גרויס שויפענצטער און אַ באַגלאָזטער טיר, דורך וועלכער די זון האָט אַרײַנגעשײַנט ביז נאָך האַלבן טאָג. האַרט בײַם שויפענצטער זיינען געשטאַנען די ניימאַ־שינען — אַ נידעריקע „זינגער״־מאַשין צום נייען די אויבערטיילן פון שיך און לאַטשן און אַ הויכע סלופּמאַשין פאַר שטיוול.

בײַם טיש, פאָרנט פון די ניימאַשינען, איז געשטאַנען משה־אברהם געבויגן איבער אַ דיקן שנײַדברעט און צוגעשניטן, לויט טאָוולענע פּאַרמעס, די כאַליעוועס פון שטיוול און די אויבערטיילן פון לאַטשן און שיך. רעכטס פון אים, בײַ דער קלענערער מאַשין, איז געזעסן יצחקל, דער געזעל, אַ נידעריקער און פולער, מיט אַ קאָפּ געדיכט־שוואַרצע האָר און ממזריש־קלוגע אויגן. צום טאַקט פון מאַשין־געזשום, האָט ער אונטערגעזונגען איינע פון זײַנע „רויטע״ לידלעך:

אין דרויסן ז׳געפאַלן אַ שניי,
געגאַן זײַנען קאָמיוגן צוויי,
געגאַנגען אויפהענגען אַ פאָן —
אַ גרוס צו דער רויטער אַרמיי. . .

משה־אברהם, מיטן שנײַדמעסער אין דער האַנט איבערן אויסגעשפרייטן גלאַנציקן לעדער, האָט אַ קוק געטון שטרענג אויף יצחקלען און אים געמוסרט:

,,מאַך בעסער צו ס׳מויל. דער ערל איז מבין כל דבר. . .״

,,כ׳האָב אים אין דער אדמה,״ האָט יצחקל זיך טראָציק צעלאַכט און גענומען אונטערברומען אַן אַנדער טרייפענעם ניגון.

אַקעגן איבער, בײַ דער סלופמאַשין, איז געזעסן דער צווייטער געזעל, לייבושל ,,ברילוש״ האָט מען אים גערופן, צוליב זײַן שוואַכער ראיה און די גלעזער, וואָס ר׳האָט מחמת דעם געמוזט טראָגן. לייבושל, אַ דאַרער און הויכער, מיט אַ שפּיציקער נאָז און אַ האַלב־אָפן מויל, פון וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעשטאַרצט עטלעכע פאַרגעלטע ציינער, איז געווען אַ בחור שוין אין די צוואַנציקער, אָבער אַלץ נאָך אויף דער לער און נישט קיין אמתער געזעל. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַן אויסגעפּאַפּטן שטיוול, וועלכן ער האָט געדאַרפט איבערדרייען, כּדי אַרײַנצופּאַסן די אונטער־לעדער אין דער כאָליעווע. אַ ווײַלע האָט ער זיך געבאָרעט, נישט געקאָנט זיך אַן עצה געבן מיט דער אַרבעט און זיך געווישט בשעת־מעשה מיט די אויסגע־שמירטע הענט איבערן שטערן, ביז יצחקל, וואָס האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן, איז אויפגעשטאַנען און פאַרענדיקט איינס־צוויי דאָס איבערדרייעכץ. מיט דער גלאַנציקער כאָליעווע האָט ער לייבושלען דערלאַנגט איבערן קאָפּ און אַרײַנגעלאַכט אים אין פּנים אַרײַן:

,,בלינדע שקאַפּע, ווער האָט דיך געהאַט, דער טאַטע צי די מאַמע?״

לענג־אויס דער טיר וואָס פירט אין דער הינטערשטוב אַרײַן, איז געשטאַנען אַ בופעטל און הינטער אים — פּאָליצעס מיט ווייכע און האַרטע לעדער און שוסטער־צודאַטן. ווען נויטיק, פלעגט איטע אַרײַנקומען אין געוועלב אַרײַן און פאַרקויפן די סחורה צו די שוסטערס. פון מיטעלן וווּקס, מיט זומער־שפּרענקעלעך אויפן לענגלעכן פּנים און מיט בלאָנדע האָר פאַרוואָרפן איבער די שמאָלע אַקסלען, איז זי געשטאַנען הינטער דעם בופעט און אָפּגעוויגן אַ גאָרשט טשוועקלעך פאַר דעם הויכן גײַגער, אַ פּוילישער שוסטער,

וואָס האָט זיך אויסגעלערנט אַ נישקשהדיקן ייִדיש, האָבנדיק צו טון אָלע יאָרן מיט ייִדן.

,,נאָך אַ ביסל, מאָשקאָוואַ,״ האָט ער זיך שפּאַסנדיק געדונגען, ,,מע טאָר נישט אָפּנאַרן קאַ גוי״. געגומען דאָס ביסל צודאַט, האָט זיך גייַגער אַוועקגעשטעלט בייַם ציגלנעם אייוועלע, וואָס איז גע־שטאַנען אין מיטן געוועלב, און אַ קלאַפּ געטון גוט־ברודעריש אין דער פּלייצע שלמה קלאַפּעצקין, אַ שוסטער, וואָס איז נאָר וואָס אַרייַנגעקומען מיט אַ פּעקל אַרבעט.

,,וואָס הערט זיך, שליאָמקע? שלעכטע צאַטן, האַ? נישטאָ קאַ פּינוסע, נישטאָ קאַ קויעך, אַיאָ?״

ביידע שוסטערס האָבן פֿאַררייכערט געמיטלעך טוטין־פּאַפּיראָסלעך און זיך געשטעלט אַ שמועס טון בייַם וואַרעמען אייוועלע, דאָרט ווו דער קליינער נחום איז געזעסן אויפֿן דיל און געוואָרפֿן שטיקלעך לעדער־אָפּפאַל אין פֿייַער אַרייַן, הנאה האָבנדיק פֿון די רויט־בלאָע פֿייַערצינגלעך, וואָס האָבן זיך צעטאַנצט נאָך יעדן וואָרף.

,,ווּעסט נאָך אָנמאַכן אַ שׂריפֿה, פּענדריק!״ האָבן די שוסטערס אויף אים אָנגעשריגן און גייַגער האָט אים גוטמוטיק אַ שנעל געטון הינטערוויַילעכץ אין די אויערן. נחום האָט זיך אָפּגעטראָגן פֿון אייוועלע און זיך געשטעלט בייַ דער באַגלאָזטער טיר, וואָס איז געווען באַמאָלן מיט ווייַסע פֿראָסט־געמעלן.

באַלד האָט זיך די טיר געעפֿנט און אַ שטיק ווייַסע, פֿאַרשנייטע גאַס האָט אַ בלענד געטון נחומען פֿאַר די אויגן. אויפֿן שוועל איז געבליבן שטיין אַן עלטערער ייִד מיט אַ שוואַרץ־גראָער באָרד און טיפֿע, טרויעריקע אויגן. זייַן ברייטער רוקן איז געווען געבויגן, ווי ער וואָלט געטראָגן אויף זיך אַ שווערע משא. ער האָט אָפּגעטרייסלט פֿאַמעלעך דעם שניי פֿון זייַן טונקעלן מאַנטל און פֿון פֿוטערנעם היטל און אַרויסגעקרעכצט:

,,אַ גוט־מאָרגן, ייִדן״. ,,אַ גוט־מאָרגן אייַך, רב לוזער,״ האָבן עטלעכע קולות אים געענטפֿערט. ,,רופֿט מיך נישט רב לוזער,״ האָט דער אַרייַנגעקומענער אויסגערופֿן מיט אַ גמרא־ניגון, ,,רופֿט מיך בעסער רב צרות און נישט רב לוזער״. יצחקל, דער געזעל, האָט זיך נישט געקאָנט אייַנהאַלטן; ר׳האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, מען זאָל נישט זען זייַן חוזק־שמייכל, און זיך צעזונגען, כלומרשט סתּם אַזוי:

אַ גוטן פּורים, מלאך,
ווו איך גיי, פֿאַל איך.
די באָרד איז מיר לאַנג,
דאָס ווײַב איז מיר קראַנק.

,,זינג, זינג, שייגעץ,'' האָט אים רב לוזער געמוסרט, ,,וואָלסט געהאַט מײַן פּעקל צרות, וואָלסטו פֿאַרגעסן אין דײַנע חברימלעך פֿון פֿאַראיין און זיך נישט אײַנגעריסן דעם יאַשטשיק פֿאַר 'פּאָניע' גנב''.

רב לוזער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן בענקל נעבן דער סלופּמאַשין און גענומען אויפֿבינדן דאָס זעקעלע מיטן טעפּל וואַרעמס, וואָס ער האָט געברענגט לייבושלען, זײַן זון.

,,כ'האָב דיר געברענגט עפּעס צו עסן, תכשיט מײַנער,'' האָט ער זיך געוואָנדן צו לייבושלען.

,,האָסט גוט געטון, טאַטע. כ'בין הונגעריק,'' האָט לייבושל געענטפֿערט.

,,טו אָן דאָס היטל. פֿרעס נישט ווי אַ גוי, אין בלויזן קאָפּ,'' האָט אים רב לוזער דערמאָנט. לייבושל האָט אָנגעטון דאָס ליצעפּעטל און זיך אַ נעם געטון מיט פֿלייס צו דער אכילה.

,,זאָג מיר דעם אמת, חתן־בחור מײַנער,'' איז רב לוזער ווידער אַרויס מיטן גמרא־ניגון, ,,וועסט כאָטש זאָגן קדיש נאָך מיר?''

,,יאָ, טאַטע, כ'על זאָגן,'' האָט אים לייבושל געענטפֿערט, אײַנגעטונקענדיק אַ שטיק ברויט אין דער זופּ.

,,כ'גלויב דיר נישט, גויעץ!'' האָט זיך רב לוזער צעשאָקלט. ,,כ'וואָלט בעסער נישט דערלעבט דאָס אַלץ צוצוזען''... זײַנען אים די רייד געבליבן שטעקן אין האַלדז.

רב לוזער איז געווען משה־אברהמס אַ בן־עיר און אַ לאַנגיאָריקער פֿרײַנד. ,,אַ רחמנות אויף דעם ייִד,'' פֿלעגט משה־אברהם נישט איין מאָל זאָגן, ,,אַלע צרות אויף דער וועלט מוזן אים טרעפֿן''. ,,אַז ס'איז נישטאָ קאַ מזל, דאַרף מען נישט געבוירן ווערן,'' האָט איטע צוגעגעבן.

אַליין איז רב לוזער געווען אַ ייִד אַ חלוש. דאָס ווײַב זײַנס האָט שוין יאָרן לאַנג געליטן פֿון דער צוקערקרענק און די איינציקע טאָכטער איז, נעבעך, געבליבן זיצן אין הויז אַן אַלטע מויד. צו דעם אַלעם איז דער זון זײַנער, לייבושל, לגמרי נישט געווען קיין ,,לײַט'', אַפֿילו קיין מלאכה זיך נישט געקאָנט אויסלערנען. טאָג און נאַכט פֿלעגט ער אָפּליגן אין אַרבעטער־פֿאַראיין און זיך פֿאַרנעמען מיט טעאַטער־פּראָבעס פֿון דעם דראַמאַטישן קרײַז, וואָס פֿלעגט יעדן

פרילינג צוגרייטן אַן עפנטלעכע פאָרשטעלונג פאַר דער יוגנט פון שטאָט. ביי איינער אַזאַ פאָרשטעלונג איז לייבושל אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעזעסן עטלעכע מאָנאַטן אין טורמע. רב לוזער האָט געמוזט פאַר די לעצטע פאָר זלאָטעס, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, דינגען אַן אַדוואָקאַט, כּדי דער יונג זאָל נישט פאַרפוילט ווערן אין תפיסה.

יעדעס מאָל ווען רב לוזער איז געווען אין אַן עת־צרה, פלעגט ער קומען צו לויפן צו משה־אברהמען, כּדי אויסגיסן פאַר אים זיין ביטער האַרץ.

„משה־לעבן, כ׳קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן," האָט ער געטענהט. „באָו מים עד נפש! כאָטש נעם אַ מעסער און טו זיך אָפּ אַ מעשׂה, רחמנא־לצלן. . ." משה־אברהם פלעגט אים איינשטילן און דערמוטיקן און אָפּט מאָל אים אַרויסהעלפן מיט אַ גמילות־חסד וועקסעלע, אָדער אַ ביסל צודאַט אויף באָרג. אויס רחמנות אויף לוזערן האָט ער מסכּים געווען אַריינצונעמען לייבושלען אויף דער לער נאָך דעם ווי ער איז אַרויס פון אַרעסט.

„הער נאָר דו, יצחקל," האָט רב לוזער ווידער זיך אָנגערופן, „זאָג מיר דעם אמת, גרייט עץ שוין ווידער אַ נייע פורים־שפּיל, טעאַטער, מיין איך."

„אָ, דעם דראַמקרייז," האָט אים יצחקל פאַרריכט, „אוודאי גרייטן מיר אַ נייע פיעסע. געקומען אַ רעזשיסאָר פון וואַרשע..."

„כ׳זאָג דיר אָן, למען־השם," האָט רב לוזער געטייטלט יצחקלען מיטן וויַיזפינגער, „איר זאָלט אָט דעם לץ מיינעם נישט אַריינעמען אין דער שפּיל. כ׳על דיך אַרויסוואַרפן פון הויז ווי אַ הונט," האָט ער זיך איצטער שוין געוואָנדן צום זון.

„יאָ, טאַטע, מער שפּיל איך נישט. כ׳זאָג דיר צו," האָט אים לייבושל געפּרוּווט באַרויִקן.

שוין באַלד צוויי יאָר פאַרביי זינט דער פאָרשטעלונג בעת וועלכער לייבושל איז אַרעסטירט געוואָרן, און אין שטעטל האָט מען נאָך נישט פאַרגעסן וועגן דעם. אַ גאַנצן ווינטער האָט דער דראַמקרייז ביים פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין זיך געהאַט געגרייט צו דער פרילינג־רעוויע. מען האָט רעפּעטירט, געגרייט די קאָסטיומען און דעקאָראַציעס צו דער פאָרשטעלונג און נאָכגעזוכט פון אויסנווייניק טיילן פון דער שפּיל:

קום נאָר, איטשע־בער,
קום נאָר דאָ אַהער,
כ׳וועל דיר עפּעס זאָגן,
וועסטו הנאה האָבן:
מ׳האָט שוין אויסגעהַרגעט
אַלע שטרײַקערס,
מ׳האָט שוין פאַר קיין שטרײַקערס
נישט קיין מורא,
מ׳עט שוין קענען לערנען
די הייליקע תורה. . .

דער הויפּט־מחותן בײַ דער שפּיל איז טאַקע געווען רב לוזערס זונדל, לייבושל ,,ברילוש״. אָנגעטון אין אַ שוואַרצער זשופּיצע, מיט באָרד און פּאות און אַ שטרײַמל אויפן קאָפּ, האָט ער זיך געשאָקלט בײַ אַן אָפּענער גמרא, זיך געווישט דעם שטערן מיט דער רויטער פאַטשיילע און זיך געמיטלעך אונטערגעזונגען. פּלוצעם האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין זאַל צוויי פּאָליציי־אַגענטן מיט רעוואָלווערן אין די הענט. ס׳איז געוואָרן אַ בהלה, אַ געשריי, מען איז געלאָפן דורך טיר־און־פענצטער. בלויז איין לייבושל האָט זיך נישט פאַרלוירן; ער האָט זיך אַ ריס געטון אין מיטן דער בינע, פונאַנדערגעוויקלט די רויטע פאַטשיילע און אין איין אָטעם אויסגעשריגן:

,,זאָל לעבן די רעוואָלוציע! נידער מיטן. . .״ מער האָט ער שוין נישט באַוויזן צו זאָגן, ווײַל בײדע אַגענטן האָבן אים אַ נעם געטון און אָפּגעפירט אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. דאָרטן האָט אים העניעקל, דער ראש פון די שפּיצלעס, גוט צעממיתט, אַזוי אַז ער האָט עטלעכע טעג נישט געקאָנט אַראָפּגיין פון דער נאַרע אין דער שטאָטישער קאָזע. צום סוף האָט מען אים אַוועקגעפירט קיין וואַרשע אין דער וואַיעוואָדישער תפיסה, וווּ ער איז אָפּגעזעסן ביז צו דער באַפרײַונג.

משה־אברהם האָט נישט איין מאָל געטראַכט וועגן דעם נײַעם דור, די פאַראיין־יונגען און מוידן. אויך ער האָט אין זײַנע יונגע יאָרן געהאַט ספקות אין אמונה און נישט געווען אַלע מאָל אָפּגעהיטן אין די מצוות. ער האָט אויך פון צײַט צו צײַט אָנטיילגענומען, צוזאַמען מיט אַנדערע געזעלן, אין אַ שטרײַק קעגן אַ מײַנסטער אַן אויסנוצער. דאָך האָט ער נישט פורץ־בגדר געווען, פאַרבליבן אַ ייִד ווי אַלע ייִדן. איצטער אָבער איז אויפגעקומען אַ הפקרער דור, וואָס האָט פאַר גאָרנישט קיין מורא. אַלע זײַנען זיי געוואָרן רעוואָלוציע־מאַכערס, רעדנערס און טומלערס, אַרבעטן אַרום, אַז איין גאָט ווייסט וואָס פון

דעם וועט אַרויסקומען. צוריקגערעדט אָבער, איז די זאַך נישט אַזוי פּשוט. אין רוסלאַנד, זאָגט מען, האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ נײַער סדר, ווו אַלץ ווערט געטון פֿאַר און אין נאָמען פֿון די אַרבעטער און אָרעמען פֿאָלק. ווער ווייסט, אפֿשר וועלן די חוצפּהדיקע יונגען און מוידן יאָ עפּעס אויפֿטון. . . די גאולה מיט גוואַלד ברענגען. . . האָט משה־אברהם געטראַכט, אַ דערשראָקענער פֿון די אייגענע געדאַנקען.

אַקעגן איבער איז געזעסן רב לוזער און געקוקט אויף אים, ווי ער וואָלט געלייענט זײַנע מחשבות. „וואָס וועט זײַן, משה־אברהם, וואָס וועט זײַן?" האָט ער זיך טרויעריק צעברומט. „ווער ווייסט וואָס פֿאַראַ חורבן די יונגען וועלן נאָך אויף דער וועלט ברענגען?" יצחקל, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד, האָט גענומען ציטירן אויפֿן קול די ווערטער פֿון פּרצעס רב שלמה:

חרוב זאָל ווערן די וועלט.
און מיר —
מיר שבתדיקע,
מיר יום־טובדיקע,
מיר נשמה־יתרהדיקע ייִדן,
וועלן איבער אירע חורבות גיין. . .

* * *

# אַ ר ו ם  ב אַ ז אַ ר

אַ גאַנצן ווינטער זײַנען די גאַסן און געסלעך אַרום באַזאַר געלעגן פֿאַרטוליעט אין שניי און אין פֿראָסט. פֿון די קוימענס אויף די נידעריקע דעכער האָבן זיך געצויגן שנירלעך רויך און פֿון די טירן, וואָס פֿלעגן גיך פֿאַרמאַכט ווערן, האָט געשלאָגן אַ פּאַרע און דער וואַרעמער ריח פֿון געקעכץ. סוף־ווינטער, ווען דער שניי איז צעגאַנגען, זײַנען די גאַסן באַלייגט געוואָרן מיט בלאָטיקע קאַלוזשעס, ביז די פֿרילינגזון האָט ביסלעכווײַז גענומען אויסטריקענען דעם ברוק. דעמאָלט האָט די גאַנצע געגנט אָפּגע־אָטעמט פֿרײַער — דער שווערער ווינטער איז אַריבער. איבערן פֿאַרשטויבטן ברוק האָבן אַצינד געאײַלט בעל־עגלות מיט פֿערד און וועגענער; בייגל־פֿאַרקויפֿער האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסן מיט געפֿלאָכטענע קוישן געבעקס און מיט מונטערע קולות אויסגערופֿן זײַער סחורה. די קינדער, וואָס זײַנען אַ גאַנצן ווינטער געווען פֿאַרשפּאַרט אין די חדרים אָדער שקאָלעס, האָבן זיך איצט געלאָזט ווּילגיין אין פֿאַרשיידענע שפּילערײַען.

נחום איז נאָך קיין פֿינעף יאָר נישט אַלט געווען און נאָך נישט געלערנט אין חדר. אַ שוואַרצינקער און דאַרער, פֿלעגט ער זיך זומערצייט אַרומדרייען אויפֿן גאַס, פֿאַרן טאַטנס געוועלב, נאָכקוקן און באַטראַכטן אַלץ אַרום מיט נײַגער און חידוש. בשכנות מיט משה־אברהמס וואַרשטאַט איז געווען דאָס תבואה געוועלב פֿון איטשעלע גליניקער, ווו איטשעלע, צוזאַמען מיט זײַן ווײַב גיטל, האָבן זיך אַרומגעדרייט אַ גאַנצן טאָג צווישן די פֿאַרשטויבטע זעק מעל, האָבער און קלײַען. פֿאַר נאַכט, ווען דאָס געוועלב איז געוואָרן

געשלאָסן, פלעגט איטשעלע זיך זעצן בײַם פענצטער אויפֿן צווייטן שטאָק איבער דער קראָם און לערנען אויפֿן קול מיט אַ צעצויגענעם ניגון ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן. אַ טיר נאָך איטשעלען איז געווען דאָס געוועלב מיט דער שטוב פֿון פּײַוול שוסטער, אַ הויכער, לעבעדיקער ייִד, אַ גוטער־ברודער מיט אַלעמען. פּײַוול האָט אַ שטיקל צײַט געווױנט אין ארץ־ישׂראל, ווו ער האָט געהאַט אַ נחלה, וואָס ער האָט אַליין באַאַרבעט. צוריקגעקומען, זאָגט מען, איז ער צוליב זײַן קראַנק ווײַב, וואָס דער ארץ־ישׂראל קלימאַט האָט איר נישט געדינט. בשכנות מיט פּײַוולען האָט געווױנט דער אַמשינאָ־ווער, אַ בידנער שטעפּער מיט מוטנע, פֿאַרלאָפֿענע אויגן פֿון אַרבעטן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן. דורכן פענצטער צו דער גאַס האָט מען געזען אים, אַ צוגעשמידטן צום מאַשינבענקל, מיט אָנגעלייגטע שטויסן זומער־סאַנדאַלן אָדער ווינטער־געטרעס, וואָס ער האָט גענייט טאָג און נאַכט, כּדי אַרויסצושלעפּן דאָס ביסל חיונה פֿאַרן ווײַב מיט די דרײַ טעכטער. שכנים פֿלעגן אים באַדויערן און זאָגן, אַז ער וועט לאַנג נישט אויסהאַלטן פֿון אַזוי אַרבעטן.

נאָך דעם אַמשינאָווערס וואַרשטאַטל, אויף דער אַנדערער זײַט פֿון טויער, וואָס האָט געפֿירט אין הויף אַרײַן, האָבן זיך געצויגן נאָך אייניקע געוועלבלעך, וואָס נחום האָט ביסלעכווײַז קענען געלערנט. צום ערשט איז געווען די וועשערײַ, פֿון וואַנען ס׳האָבן זיך געטראָגן חלשותדיקע ריחות פֿון זייפֿן און פֿאַנאַמע, מיט וועלכער מען האָט געריייניקט די בגדים. דערנאָך איז געווען די צעלניקקראָם פֿון הערשל פּראָם, אַ ייִד אַ בעל־פּרנסה, צו וועמען ס׳זײַנען געקומען קונים, ייִדן און קריסטן, פֿון אַלע עקן שטאָט. דאָס לעצטע געוועלב פֿון דעם לאַנגן, צווייִשטאָקיקן מויער איז געווען די שניטקראָם פֿון איטשעלע איינפּעלד, דעם גביר און באַלעבאָס פֿון הויז. דורך דעם אָפֿענעם פענצטער האָט מען געקאָנט זען איטשעלען, אַ ייִד אַ גבֿרן, מיט אַ לאַנגער באָרד און גערדיכטע ברעמען, ווי ער זיצט אין דער לײדיקער קראָם בײַ אַן אָפֿענער גמרא, פֿאַרטיפֿט אין לערנען.

מיט איטשעלעס קראָם האָט זיך אָנגעהויבן די שווידערסקע גאַס ווו נחום האָט געווױנט. אַקעגן איבער, דורך דעם דראָטענעם פּאַרקאַן, האָט מען געקאָנט זען דעם ווײַסן בנין פֿון דער שטאָטישער באַנסטאַציע און די אויסגעשפּרייטע באַנליניעס, וואָס האָבן צעשניטן די שטאָט אין צוויי טיילן: דער קוראָרט, מיט רחבֿותע ווילעס און פּענסיאָנאַטן, און דאָס שטעטל — אַ צענדליק גאַסן און געסלעך אַרום דעם שטאָטישן באַזאַר און מאַרק — באַווױנט מערסטנטייל פֿון

אָרעמע סוחרים און בעל־מלאכות, וואָס האָבן געצויגן זייער פּרנסה פון די אָנגעפּאָרענע דאַטשניקעס אין די זומער־וווינונגען און פּענסיאָנאַטן אויף דער אַנדערער זייַט באַליניעס.

אַרום דער הויכער אייַזערנער פּלומפּ, אין מיטן פון פּלעצל פאַרן באַן־פּאַרקאַן, איז געווען דאָס זאַמלאָרט פון די טרעגערס און פורמאַנעס — צעוואַקסענע, קרעפּטיקע ייִדן, אין פאַרשטויבטע וואַטענע בורקעס און פאַרוואַקסענע פּרצופים. דאָ פלעגן זיי אָנפּאָיען די פערד און וואַרטן אויפן טעגלעכן פּדיון — אויסצולאָדן די אָנקומענדיקע פּראַכטוואַגאָנען מיט אַלערליי פּראָדוקטן און זיי צעפירן אין די פּענסיאָנאַטן, קוריר־אַנשטאַלטן, אָדער צו עטלעכענע הורטאָווניקעס אין און אַרום דעם באַזאַר.

אין ראָג, אויף דער קעגנאיבערדיקער זייַט גאַס, איז געווען לייבל סאַנעס רעסטאָראַנדל — צוויי ענגע חדרימלעך מיט אַ בופעטל און אַ קיכל הינטער אַ דיקטע־ווענטל. אַהער פלעגן די טרעגערס און בעל־עגלות זיך אַרייַנכאַפּן און זיך דערוואַרעמען מיט אַ שנאַפּס, אָדער עפּעס איבערבייַסן און פאַרטרינקען מיט אַ קופליע ביר, און דערבייַ זיך ווערטלען און פריילעך מאַכן אויף זייער שטייגער. נאָך דעם רעסטאָראַנדל איז געווען אַ נאַפטהאַנדל — אַ שוואַרצע קראָם פון וואַנען סע האָט געשלאָגן מיט שאַרפע ריחות פון נאַפט און סמאָלע און בשכנות פון דעם — די אויסגעווייַסטע שטוב פון בערל דעם בייַטל־קלעפּער.

ווייַטער צו זייַנען די שטיבער געווען גאָר נידעריקע, פאַרזונקענע ביז צו די פענצטער אין דער ערד. דאָ האָט אין עטלעכע שטיבלעך געוווינט דער אייַער־הענדלער מיט זייַן הויזגעזינד; דערנאָך — דער טויבער שוסטער מיט זייַן ווייַב און צוויי בנים, און דאָס קליינע שנייַדערל — אַ נידעריק, ברייטביייניק ייִדל, וואָס האָט געלאַטעט און געניצעוועט בגדים פאַר קליין און גרויס. נאָך דעם שנייַדערל האָט געוווינט גאָדל דער בלעכער, וואָס אַ גאַנצע וואָך פלעגט ער אַרומגיין אין פאַרסאַזשעטע בגדים, אָבער שבת האָט ער פאַראַדירט אין אַ גרינעם מונדיר פון „ברית החיל״, אַ כמו־מיליטערישע פאָרמאַציע פון די רעוויזיאָניסטן, וואָס האָבן זיך געגרייט מלחמה צו האַלטן מיט די ענגלענדער, כּדי אויפצוריכטן דאָס ייִדישע מלכות. אין אַ נידעריק שטיבל נאָך גאָדל דעם בלעכער האָט געוווינט זייַנוועלע שוסטער, אַ פּיצל, אויסגעדאַרט ייִדעלע מיט אַן ענלעך צו אים קליין ווייַבעלע, מיט דרייַ טעכטער און אַן אַלטע מאַמע ווי אַ צולאָג. די לעצטע שטוב אויפן ראָג האָט געהערט צו מנשה דעם

דראָשקע־אָנטרײַבער, וואָס איז פריער געווען אַ שוסטער, און אַצינד אַרומגעפאָרן אין אַ גלאַנציקער דראָשקע, געשפּאַנט מיט אַ קאַשטאַן־ברוין, מוסקולירט פערד.

רעכטס צו, אַ פּאָר הײַזער ווײַטער, האָט זיך אָנגעהויבן די גורנע גאַס, וואָס אירע הייף און ווילעס האָבן זיך געצויגן העט ביז דעם טײַך שווידער, אויפן באַנוועג קיין וואַרשע. דאָ, אויפן קרייצוועג פון שווידערסקע און גורנע, פלעגן פון צײַט צו צײַט פאָרקומען אומלעגאַלע קאָמוניסטישע „מאַסוווקעס״. פּלוצעם, ווי געקערעוועט פון אַ געהיימער האַנט, פלעגט יונגוואַרג פון די אַרומיקע גאַסן און געסלעך זיך צונויפזאַמלען אין אַ געדיכטער מאַסע און אָנהייבן זינגען אָדער אויסשרײַען אויפן קול, אין ייִדיש און אין פּויליש, „זאָל לעבן דער ראַטן־פאַרבאַנד! נידער מיטן פּוילישן פאַשיזם!״ באַלד האָט זיך אויף די אַקסלען פון איינעם פון די חברה־לײַט דערהויבן אַ יונגער בחור און מיט אַ הילכיק קול זיך צעלאָזן אין אַ טיראַדע קעגן דער פּוילישער רעאַקציע, פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט און באַפרײַונג. לאַנג פלעגן אָט די דעמאָנסטראַציעס נישט דויערן. נישט וואַרטנדיק ביז ס׳וועט זיך באַווײַזן אַ פאַרבײַגייענדיקער פּאָליציאַנט, פלעגן זיך די יונגעלײַט און מיידלעך צעלויפן און נעלם ווערן אין די דערבײַיִקע געסלעך און הויפן.

אָפּטרעטנדיק, פלעגט טייל מאָל איינעם פון זיי געלונגען צו פאַרוואַרפן אַ רויט פענדל אויף די עלעקטרישע דראָטן. פאַרבונדן מיט אַ שטריקל צו אַ שטיינדל, פלעגט דאָס פענדל זיך באָמבלען שעהן לאַנג אין דער הייך, ביז סע זײַנען געקומען עטלעכע פּאָליציילײַט עס אַראָפּצונעמען און זוכן די שולדיקע. אַ פּחד פלעגט דעמאָלט אַרומנעמען די אַרומיקע גאַסן און געסלעך; טיר־און־פענצטער האָבן זיך גענומען פאַרהאַקן, מאַמעס און טאַטעס האָבן געציטערט איבער זייערע זין און טעכטער און די געזעלן־יונגען פלעגן בלײַבן זיצן בײַ די ווערקשטעלן שווײַגנדיק, מיט אַן אײַנגעהאַלטענעם אָטעם. אָבער נחום מיט נאָך אַ פּאָר נײַגעריקע קינדער פלעגן דווקא ליב האָבן זיך צוצוקוקן פון דער ווײַטנס ווי די פּאָליציאַנטן קריכן אַרויף אויף אַ הויכן לייטער און רײַסן אַראָפּ דאָס רויטע פענדל. די קינדער פלעגן זיך דערבײַ שטילערהייט דערציילן שרעקיקע מעשיות, וואָס זיי האָבן אויפגעכאַפּט פון דערוואַקסענע, וועגן די „רויטע״, וואָס פירן אַ מלחמה מיט דער רעגירונג און ווערן דערפאַר פאַרשפּאַרט אויף לאַנגע יאָרן אין תּפיסה. ווי נאָר די פּאָליציאַנטן זײַנען אַוועק און קיינעם פון די יונגען נישט פאַרנומען, פלעגן די גאַסן אַרום באַזאַר

אָפּעטעמען פרײַער און זיך ווידער צעזינגען מיט זייער טאָג־טעגלעכן רעש און האַרמידער.

גאָר לעבעדיק פלעגן די אַרומיקע גאַסן ווערן פרײַטיק אין דער פרי, ווען ס׳האָט זיך געשטעלט דער וועכנטלעכער מאַרק. זומערצײַט, ווען אין דרויסן איז געווען פרײַ און וואַרעם, פלעגט נחום נישט אָפּלאָזן די מאַמע, זי זאָל אים מיטנעמען אין באַזאַר און אויפן מאַרק, ווו זי פלעגט גיין אײַנקויפן אויף שבת. צום באַזאַר איז געווען בלויז אַ קורצער גאַנג. מיטן באַזאַרגעסל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן גלײַך אין ראָג, ווו מנשה דער דראָשקע־אָנטרײַבער האָט געוווינט, האָט מען דורכגעשניטן די דערבײַיִקע קופּיעצקע גאַס און שוין איז מען געווען בײַם הינטערשטן טויער פון באַזאַר. פון פאַרטאָג אָן האָט דאָ געווימלט מיט מענטשן — פּויערים אין סורדוטלעך און אין גראַנאַטענע היטלעך מיט גלאַנציקע דאַשקעס, ייִדן אין לאַנגע קאַפּאָטעס און אין שוואַרצע, קײַלעכדיקע היטלען, ייִדענעס פאַרוויקלט אין שאַלן און טיכער, יונגע ווײַבלעך און דינסטמיידלעך מיט קוישלעך אין די הענט — אַלע האָבן זיך דאָ אויסגעמישט אין אַ פּילפּאַרביקער מחנה, וואָס האָט געשטראָמט דורך עטלעכע טויערן אין שטאָטישן באַזאַר אַרײַן.

אין באַזאַר האָט איטע, מיט נחומען בײַ דער האַנט, צום ערשט זיך געלאָזן צו די צעלניק־בוידן אײַנצוקויפן אַ ביסל באַלעבאַ־טישקייט פאַר איר הויזגעזינד. נעבן די בוידן האָבן זיך געצויגן צוויי רײַען פון אָפענע געשטעלן מיט פרישן געבעקס. אונטער די הילצערנע דעכלעך זײַנען געשטאַנען די סוחרטעס בײַ שטויסן ברויט, פרישע זעמל און ראָגאַלעס און חלות פון אַלע סאָרטן. אײַנגעקויפט דאָס שבת־געבעקס, זײַנען איטע מיט נחומען אַוועק צו די פישהענדלערס און קצבים. אַרום די פולע באַליעס מיט לעבעדיקע פיש איז דער געדראַנג געווען גרויס; באַלעבאָסטעס און דינסט־מיידלעך האָבן זיך געשטופּט אַרום די נאַסע בלעכענע וואָגן, אויף װעלכע ס׳האָבן געצאַפּלט די פיש, וואָס האָבן נאָך הײַנט געדאַרפט געמאַכט ווערן לכבוד שבת. קעגן איבער די פישהענדלער זײַנען געווען די אָפענע יאַטקעס, ווו די קצבים־יונגען האָבן אַרומגע־שמײַעט אין פאַרבלוטיקטע פאַרטעכער, געהאַקט די בהמה־טיילן אויף די קלעצער און אויסגעטיילט די פּאָרציעס צו די אומגעדול־דיקע ווײַבער און דינסטן.

נחום האָט ליב געהאַט דעם לעבעדיקן האַרמידער פון באַזאַר און דערבײַיִקן מאַרק. כאָטש ער איז שוין געווען מיד פון אַרומגיין,

האָט ער נישט אָפּגעלאָזט די מאַמע זי זאָל אים לאָזן מיטגיין אין מאַרק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן גלייַך נאָכן באַזאַר, לענג־אויס אַן אָפּן וועלדל און אויף אַ גרויסן פּלאַץ אַקעגן איבער. אין וועלדל, אונטערן שאָטן פוןביימער, זייַנען געשטאַנען ביי לאַנגע הילצערנע געשטעלן די טאַנדעט־סוחרים, שוסטערס און שנייַדערס, מיט זייערע סחורות. די אָפּגעפּרישטע שטיוול און שיך האָבן געגלאַנצט אין דער זון ווי שוואַרצע שפּיגלען; פּויערטעס און פּויערים האָבן באַטראַכט די שוכוואַרג, אָנגעמאָסטן די סורדוטן און רעקלעך און לאַנג זיך געדונגען וועגן מקח. צווישן די בוידן און געשטעלן זייַנען געשטאַנען קופּקעלעך מענטשן און זיך צוגעקוקט צו אַלערליי לאָטעריע־שפּילן, וואָס אָנגעפּאָרענע פּאַרשוינען האָבן אויסגערופן אויפן קול. יונגע פּויערים האָבן ריזיקירט, אייַנגעשטעלט מטבעות און געדרייט די קאָליריקע מזל־רעדער אָדער געוואָרפן די אייַזערנע רינגען צום ציל. פון טיפער אין וועלדל האָבן זיך געטראָגן פריילעכע קלאַנגען פון אַ זיך־דרייענדיקער קאַרוזעלע.

אַקעגן איבער דעם וועלדל, אויפן מאַרקפּעלד, זייַנען געשטאַנען איינס נאָכן אַנדערן פּויערשע פורן און פורלעך מיט אַלערליי דאָרפישע פּראָדוקטן. אַהער האָבן פון פּאַרטאָג אָן זיך געאייַלט תבואה־סוחרים און אייגנטימער פון די שפּייַז־געוועלבלעך; קצבים, וואָס האָבן אייַנגעהאַנדלט קעלבלעך און בהמות, און באַלעבאָסטעס, וואָס זייַנען געקומען אייַנקויפן לעבעדיקע הינער, גענדז און קאַטשקעס. אין גערודער פון מאַרקפּלאַץ האָבן זיך אויסגעמישט די קולות פון הירזשענדיקע פערד, דאָס מעקן פון קי און די קוויטשערייַען פון עופות און חזרים. און איבער אַלעם האָט געשייַנט די זון ברייט און גאָלדיק און אָנגעצונדן מיט בונטע קאָלירן די פאַרביקע קליידער פון די פּויערטעס, וואָס האָבן זיך געפּאָרעט אַרום די פורן און וועגענער.

כּדי אויסצומייַדן דאָס געדרענג, איז איטע, אַ באַלאָדענע מיטן אייַנגעקויפטן שפּייַז, אַהיימגעגאַנגען נישט מיטן באַזאַרוועג, נאָר דורכן וועלדל הינטערן מאַרק, וואָס איז אַרויס צו דער באַנליניע. אָבער אויך דאָ האָט נחום געפונען נייַע אַטראַקציעס, גענומען זיך קלייַבן גרויסע, פּאַרברוינטע שישקעס, אָדער רייַסן גאָלד־קאָליריקע ווילדע בלומען, כּדי וואָס לענגער צו פאַרבלייַבן אין וועלדל. אַ מידע און אומגעדולדיקע, האָט איטע אים געשלעפּט בייַם הענטל און זיך געבעטן, „נחומל־קרוין, ס׳איז שוין באַלד האַלבער טאָג, כ׳דאַרף נאָך מאַכן שבת.״

נחום מיט דער מאַמען האָבן זיך דערנענטערט צום ראַנד פון װעלדל, װוּ ס׳איז געשטאַנען, אַרומגערינגלט מיט בלומען־קװייטן און יונגע ביימלעך, די סטאַטוּע פון ישוע הנוצרי — אַ הויכער און דאַרער, מיט אַ קורץ בערדל און אַ לענגלעך, טרויעריק פּנים. אויף זײַן גוף איז געװען פאַרװאָרפן װי אַ טלית אַ ברוינער אויבער־מלבוש, װאָס האָט געכװאַליעט איבער זײַנע אָרעמס און אַקסלען. אין זײַן לינקער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ לאַנגן, הילצערנעם צלם בעת די רעכטע איז געװען אויסגעשטרעקט אין דער װײַט אין צאָרנדיקער הילפלאָזיקייט. אויף די טרעפּ, װאָס האָבן געפירט פון דער גאַס אַרויף צו דער סטאַטוּע, האָבן עטלעכע פרויען געקניט אין שטילן תּפילה־דיקן געפּליסטער. זונטיק אין דער פרי און אין די חגאות פלעגן דאָ אָפּט מאָל פּאָרקומען הייליקע פּראָצעסיעס. די קלויסטערגלאָקן פלעגן זיך צעקלינגען מיט אומהיימלעכן געקלאַנג; מענער און פרויען פלעגן שװײַגנדיק פאַרבײַגיין דער הייליקער געשטאַלט און שיקסלעך אין שנייװײַסע קליידלעך און װעלאָנען פלעגן זיך צלמען און זינגען אַזאַ מאָנאָטאָן, דערדריקנדיק געזאַנג.

אַקעגן איבער דער סטאַטוּע איז געװען דער באַנטונעל, װאָס איז באַשטאַנען פון צװיי הויכע אײַזערנע בריקן, איבער װעלכע ס׳זײַנען געלאָפן הין און קריק די צוגן װאַרשע — לובלין. אונטער די בריקן האָבן מענטשן שפּאַצירט געמיטלעך, דראָשקעס זײַנען אָנגעלאָפן פון דער באַנסטאַציע מיט אָנגעקומענע אויף סוף־װאָך געסט און צײַטונג־פאַרקויפער האָבן אויסגערופן אויפן קול די נעמען און נײַעסן פון זייערע בלעטער. פון דאַנען האָט געפירט דער טראָטואַר, לענג־אויס דעם דראָטענעם באַנהויף פאַרקאַן, צוריק אַהיים, צו דער פאַמיליאַרער שװידערסקע גאַס.

# ווינטער

גיך פֿלעגן אַריבערלויפֿן די פּאָר זומער־חדשים, ווען די שטאָט איז געווען פֿול מיט אָנגעפּאָרענע געסט און דאָס לעבן — פֿרײַער און גרינגער. סוף אלול, ווען די פּענסיאָנאַטן און ווילעס האָבן זיך גענומען אויסליידיקן, האָט אַ מרה־שחורהדיקע אומהיימלעכקייט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער שטאָט. די פּנימער פֿון די ייִדן אַרום באַזאַר זײַנען געוואָרן ערנסטער: מען האָט געדאַרפֿט באַזאָרגן די שטיבער מיט קוילן און געהילץ, אײַנשאַפֿן אַ פּאָר זעק קאַרטאָפֿל פֿאַרן ווינטער, אָדער גאָר באַשוכן די קינדער, זיי זאָלן נישט דאַרפֿן בלײַבן זיצן אין דער היים.

ווי נאָר ס׳האָבן זיך געשטעלט די האַרבסטווינטן און רעגנס, איז איטע געוואָרן באַזאָרגט וועגן די קינדער, זיי זאָלן זיך, חלילה, נישט פֿאַרקילן. ספּעציעל האָט זי געציטערט פֿאַרן געזונט פֿון איר בכור, נחומל, וואָס איז פֿון קלײנוויז אָן געווען אַ שוואַך און אָפּגעציטערט קינד. יעדעס מאָל ווען זי האָט אים געדאַרפֿט אַרויסלאָזן אין דרויסן, פֿלעגט זי אַרויפֿציִען אויף אים נאָך אַ סוועטערל און פֿאַרוויקלען זײַן האַלדז מיט אַ שאַליקל, כּדי די קעלט זאָל אויף אים קיין שליטה נישט האָבן. אָבער וויפֿל זי האָט זיך געמיט איר נחומלען צו פֿאַרטוליען און צו פֿאַרהיטן, האָט דאָס קינד נישט געקאָנט אויסמײַדן קיין אָפּטע פֿאַרקילונגען. אומגעריכט פֿלעגט נחום אַרײַנקומען פֿון דרויסן אַ בלײַכער, מיט אַ קרענקלעכן גלאַנץ אין די אייגעלעך און מיט אַ רויט, פֿאַרלייגט העלדזל. די מאַמע האָט אים גלײַך אַ טאַפּ געטון אין קעפּל און אויסגערופֿן, „ווײ איז מיר, ס׳קינד האָט זיך ווידער פֿאַרקילט!״ באַלד האָט זי נחומען אויסגעטון, געלייגט אין בעט אַרײַן און אים אײַנגעדעקט מיטן וואַרעמען איבערבעט.

צו הילף דער מאַמען איז געקומען די עלטערע שוועסטער שיינדל. שעהען לאַנג פלעגט זי אָפּזיצן אויף אַ בענקל נעבן נחומס בעט, פאַרשפּילן אים און פאָרלייענען מעשיות פון די ביכלעך, וואָס זי פלעגט אַהיימברענגען פון דער פּוילישער שולע. דאָס מאָל האָט זי געלייענט אים אַ געשיכטע וועגן אַן אָרעם מיידעלע, אַ פאַרקויפערין פון שוועבעלעך, וואָס איז אַרומגעגאַנגען איינע אַליין אין אַ קאַלטער ווינטערנאַכט. נחום האָט פאַרשלאָסן די אויגן און געזען אין דמיון ווי די ווייַסע שניי־שטערנדלעך פאַלן אָן אויפהער. אַרום זייַנען טיר־און־טויער צוגעמאַכט; בלויז דורך די פענצטער שפּאַרן אַרויס די יום־טובדיקע ווייַנאַכט־ליכטער. דאָס מיידעלע רייַבט אָן יעדעס מאָל אַ שוועבעלע, כּדי זיך אַ ביסל צו דערוואַרעמען; דאָס דינע, שוואַכע פלעמל ציטערט אויף און לעשט זיך באַלד אויס אין שנייִיקן געווירבל, קוים דערוואַרעמענדיק אירע פאַרפרוירענע הענטלעך.

,,אַ רחמנות אויפן מיידעלע,'' האָט נחום טרויעריק געזאָגט. ,,איז זי פאַרפרוירן געוואָרן?''

,,יאָ, זי איז,'' האָט שיינדל שטיל געענטפערט.

,,און דער אייבערשטער האָט איר נישט געהאָלפן?''

,,ניין,'' האָט שיינדל געזאָגט.

,,וואָס ווערט אַז מען שטאַרבט?'' האָט נחום נישט אָפּגעלאָזן.

,,כ'וויס נישט,'' האָט שיינדל געענטפערט אַ פאַרטרויערטע.

,,מע זאָגט, אַז די נשמות פון צדיקים און גוטע לייַט קומען אָן אין גן־עדן און די רשעים ברענט מען אין גיהנום.''

,,אוי, כ'האָב מורא,'' האָט נחום אויפגעציטערט.

אין דעם איז איטע צוגעקומען צום בעט מיט אַ זעקעלע וואַרעם זאַלץ צו פאַרלייגן אַרום נחומס העלדזל און זי האָט זיך צעשריגן אויף שיינדלען:

,,וואָס שרעקסטו דאָס קינד?! טפו, טפו, אויף אַלע ווּיסטע פעלדער און וועלדער! נחומלען וועט גאָרניט זייַן, נחומל וועט אויסוואַקסן גרויס און שטאַרק,'' האָט זי אונטערגעזונגען בשעת זי האָט אַרומגעוויקלט דעם וואַרעמען קאָמפּרעס אַרום נחומס האַלדז.

נחום איז געבליבן ליגן אין בעט אַליין מיט זיך. מיט האַלב־אָפענע אויגן האָט ער באַטראַכט דעם שטובּיקן אַרום. אין מיטן סופיט איז געהאָנגען דאָס עלעקטרישע לעמפּל, פון וועלכן ס'האָבן זיך געצויגן דינע, צעצונדענע שטראַלן אין אַלע זייַטן פון חדר. דאָס אייַזערנע אייוועלע אין מיטן שטוב האָט געקנאַקט פריילעך און די שוואַרץ־ברוינע רערן האָבן צעטראָגן די וואַרעמקייט איבערן חלל. די

גרויסע קליידער־שאַפע איז שוין געשטאַנען איבערגערוקט צו דער טיר, וואָס מען האָט איר מער נישט אַרויסגעזען. ביי אַ טישל נעבן דער שאַנק איז שיינדל איצט געזעסן און פונאַנדערגעשפּרייט אירע ביכער און העפטן צו מאַכן די היימאַרבעט, וואָס מען האָט איר פאַרגעבן אין דער שולע. פון דערבייַיקן וואַרשטאַט האָבן זיך ווי תמיד דערטראָגן דאָס געזשום פון די ניימאַשינען און דאָס געקלאַפּעריי פון די שטעפּער־העמערלעך.

אַ ביסל שפּעטער האָבן זיך די קולות אײַנגעשטילט; דער וואַרשטאַט האָט זיך פאַרמאַכט און משה־אברהם איז אַרײַנגעקומען אין שטוב עסן נאַכטמאָלצייַט. באַלד איז ער אַריבערגעקומען צו נחומען, אים אַ טאַפּ געטון דאָס קעפּל און געפילט זײַן דופק.

,,דאָס קינד איז גוט פאַרקילט,'' האָט ער אַ זאָג געטון צו איטען.

,,מע דאַרף אים נייטיק שטעלן באַנקעס.''

,,נו, ביסט דאָך אַ טאַטע,'' האָט איטע געענטפערט.

שיינדל איז שנעל אַריבערגעלאָפן צו אַ שכן און געברענגט דאָס קעסטל מיט די גלעזערנע באַנקעס. משה־אברהם האָט אויסגעדרייט נחומען מיט דער פּלייצע אַרויף און איינגעריבן זײַנע אויסגעדאַרטע באָקעס מיט ספּירט. לעבן מאַן האָט זיך געשטעלט איטע מיט אַ ברענענדיק ליכט, ביי וועלכן משה־אברהם האָט געצונדן אַ שטעקל און עס געשיקט אַרײַנגעטון אין דער באַנקע איידער ער האָט זי אַרויפגעזעצט אויף נחומס פּלייצע. די קייַלעכדיקע באַנקעס זײַנען צוגעפאַלן איינע נאָך דער אַנדערער אויף נחומס רוקן און אײַנגעצויגן זײַן הויט, אַזש ס'האָט פאַרשפּאַרט אים דער אָטעם.

,,גענוג, טאַטעשי, גענוג! כ'האָב נישט קייז כּוח!'' האָט נחום זיך געבעטן.

,,שוין, שוין,'' האָט אים די מאַמע אײַנגענומען, ,,צום געזונט! צום לעבן!'' זי האָט פאַרלאָשן דאָס ליכט און פאַרדעקט מיטן ווייכן איבערבעט נחומס פּלייצע מיט די אָנגעשטעלטע באַנקעס.

נחום איז געבליבן ליגן שטיל און געוואַרט גערולדיק ביז דער טאַטע האָט אים אָפּגעדעקט און גענומען איינציקווייַז אַראָפּרייסן די באַנקעס. אַן אײַנגעשטילטער און מידער, איז ער גלייַך דערנאָך אַנטשלאָפן געוואָרן. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז די פאַרקילונג פאַריבער און נחום איז אויפגעשטאַנען פון בעט. אַן אויסגעבלייַכטער און פאַרשוואַכטער, האָט ער זיך אַרומגעדרייט אין שטוב און אַרײַנ־געגנבעט זיך אין וואַרשטאַט, כּדי אַרויסצוקוקן דורך דער באַגלאָזטער טיר אויפן גאַס.

אין דרויסן איז שוין געווען פולער ווינטער, מיט פריש אָנגעפּאַלענעם שניי איבער די גאַסן און דעכער. קינדער זײַנען פאַרבײַגעלאָפן מיט געפּילדער און געוואָרפן שנייקוילן איינער אויפן אַנדערן. אַקעגן איבער, בײַ זײַנוועלעס שוסטער, איז דאָס פענצטער געווען געגנידערט ביז צום פאַרשנייטן טראָטואַר. דורך די שײַבלעך האָט מען געקאָנט זען דאָס שוסטערל זיצן אַן אײַנגעבויגענעם איבערן נידעריקן ווערקשטעל, פאַרטון ווי תמיד אין דער אַרבעט.

דאָרט, אין דעם אָרעמען הויזגעזינד, איז געוואַקסן זײַנוועלעס ייִנגסטע טעכטערל הינדע, אַ גאָלדקעפּיק מיידעלע מיט געקרײַזלטע האָר און ליכטיק־בלאָע אויגן. זומערצײַט, ווען די קינדער האָבן זיך אַרומגעשפּילט אין גאַס, פלעגט הינדע תמיד שטיין אין אַ זײַט, מורא האָבנדיק מען זאָל זי נישט אַוועקטרײַבן אָדער זיך רייצן מיט איר, מחמת זי איז געווען די קלענסטע פון אַלע. בלויז נחום איז געווען צוגעלאָזן צו הינדען און זיי פלעגן זיך אָפט מאָל שפּילן זאַלבעצוויי אויפן טראָטואַר נעבן זייערע שטיבער.

שוין אַ פּאָר טעג ווי הינדע האָט זיך נישט געוויזן אין דרויסן, מחמת זי האָט זיך שטאַרק פאַרקילט און געקראָגן אַ לונגען־אָנצינדונג. דורך דער שויב פון דער טיר האָט נחום געזען ווי בײַ זײַנוועלעס שטוב האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ דראָשקע, פון וועלכער ס׳איז אַרויס דער דאָקטער. ווען ער איז אָפּגעפאָרן, זײַנען עטלעכע שכנות, צווישן זיי נחומס מאַמע, אַרײַן צו זײַנוועלען הערן וואָס דאָס קינד מאַכט. באַלד איז איטע צוריקגעקומען און געזאָגט, „דאָס קינד דאַרף רחמים. ס׳איז חרוב־קראַנק."

אין צוויי טעג אַרום, פאַרנאַכט צו, האָט זיך פּלוצעם דערהערט פון זײַנוועלעס שטוב אַ יאָמערלעך געוויין. שכנים און שכנות זײַנען אַרײַן און אַרויס פון דאָרטן און איבערגעגעבן, „ס׳קינד איז גע־שטאָרבן! ברוך דיין אמת!" אויף צו מאָרגנס האָט זיך בײַ זײַנוועלעס שטוב אָפּגעשטעלט די שוואַרצע עגלה, מיט וועלכער מען פירט די מתים צו קבורה. די חברה־קדישא לײַט האָבן אַרויסגעטראָגן הינדעס אײַנגעוויקלט גופל און עס אַרײַנגעלייגט אין וואָגן. אַ ווײַלע האָט דאָס געוויין פון הינדעס טאַטע־מאַמע און שוועסטער פאַרציטערט די גאַס. באַלד האָבן פערד און וואָגן גערירט און צוזאַמען מיטן ביסל מלווים נישט געוואָרן אין באַזאַרגעסל, אויפן וועג קיין קאַרטשעווו, צום גוטן אָרט אַהינטער דער שטאָט.

פאַר אַ לאַנגער צײַט נאָך הינדעס לוויה איז נחומען נאָכגעגאַנגען די אַנגסט און שרעק פאַר דער מיסטעריע פון טויט. אין

זײַן קינדערשן מוח האָבן געמאַטערט שווערע פראַגעס: פאַר וואָס איז הינדע געשטאָרבן, בעת ער, נחום, וואָס איז דאָך אויך געווען אַ פּאָר טעג פאַרקילט, איז אויפגעשטאַנען אַ געזונטער? אויף הינדען האָט, זעט אויס, גאָט גוזר געווען זי זאָל שטאַרבן. פאַר וואָס? און וואָס געשעט מיט דעם וואָס שטאַרבט? דעם טויטן גוף לייגט מען אין דער ערד אַרײַן, אָבער די נשמה, זאָגט מען, קומט אין הימל אַריין, ווו זי ווערט געמשפּט פאַר די מעשים בײַם לעבן. הינדעס נשמה, האָט זיך נחום געטרייסט, איז אויף זיכער אין גן־עדן; זי האָט דאָך גאָרנישט געזינדיקט, געווען אַלע מאָל אַזאַ שטילע און גוטע. פאַר וואָס זשע האָבן אירע טאַטע־מאַמע און שוועסטער אַזוי ביטער געיאָמערט ווען מע האָט זי אַוועקגענומען?

ווען ווינטער איז פאַרבײַ און די פרילינגזון האָט צעטײַעט די פאַרפרוירענע ערד, האָבן די קינדער אויף נחומס הויף געפונען אַ פייגעלע, וואָס איז אַרויסגעפאַלן פון איר נעסט. האָבן זיי אַרומגערינגלט דאָס אפרוחל, געגלעט איר בלוילעך־נאַקעט גופל און געפּרוּווט עס אָנקאָרמען, כּדי עס צו דערהאַלטן בײַם לעבן. אָבער סע האָט נישט געהאָלפן; דאָס פייגעלע האָט געצאַפּלט און געפּישטשעט ביז ס׳איז אַוועקגעפאַלן אַ טויטע. פאַרטרויערטע האָבן די קינדער אויסגעגראָבן אַ גריבל אין ווינקל פון גערטנדל אויפן הויף און באַגראָבן דאָס נפשל. אויפן פייגעלעס קבֿרל האָבן זיי אָנגעשיט אַ בערגעלע געלן זאַמד און דאָרט אַרײַנגעשטעקט אַן אָפּגעבראָכן צווײַגל. נחום האָט זיך בעת־מעשׂה דערמאָנט אָן הינדען, וואָס ליגט, פונקט ווי דאָס פייגעלע, אין איר קבֿרל אויפן בית־עולם הינטער דער שטאָט. אַ גרויסער צער האָט פאַרקלעמט זײַן האַרץ און טרערן האָבן זיך געריסן אין די אויגן. ער איז אַוועק אין אַ זײַט, די קינדער זאָלן נישט זען, און זיך צעוויינט אויפן גורל פון זײַן חבֿרטע, דער שטילער, גאָלדקעפּיקער הינדע.

* * *

# דער הויף

דער הויף, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פון דער גאַס דורכן לאַנגן, צווייִשטאָקיקן מויער, האָט אין משך פון די זומער־חדשים פולסירט מיט אַן אייגן, אינטענסיוו לעבן. דער באַלעבאָס אויפן הויף איז געווען לייבל, איטשעלע דעם ווירטס דערצויגלינג. היות ווי סימעלע, איטשעלעס ווייַב, איז געווען אַן עקרה, האָבן זיי גענומען לייבלען, אַ קליינעכיקן יתום, און אים אויפגעצויגן ווי אַן אייגן קינד. לייבל האָט געטריי געדינט זיין פעטער און מומע, ווי ער האָט איטשעלען און סימעלען גערופן; ער האָט אַרויסגעהאָלפן אין דער שניטקראָם, איינגעמאָנט דאָס דירה־געלט ביי די קנאַפּע צוויי צענדליק לאָקאַטאָרן און געטון אַלץ וואָס מע דאַרף אין הויז און אויפן הויף. אויסגעוואַקסן איז לייבל אַ ירא־שמים, אַ לערנער, מיט אַ קורץ, געל בערדל און פרום־פּאַרגלייזטע אויגן. אַז לייבל פלעגט באַגעגענען נחומען אויפן הויף, האָט ער אים געגלעט איבערן קעפּל און אין אים אַריינגערעדט: „אַ ייִד זאָלסטו זיין, נחומל, אַ ייִד! ווייסט גאָרנישט, קינד מיין, ווי ווויל און ווי גוט ס'איז צו זיין אַ ייִד, אַן עבד־אלוקים."

פאַר פּסח, ווען די בלאָטעס האָבן גענומען אויסטריקענען, האָט לייבל דעם ווירטס זיך גענומען מאַכן פּאַראָנדקעס אויפן פאַרוואָר־לאָזטן הויף. לייבלען צו הילף איז געקומען דער סטרוזש כאַראַנזשיק, אַ גוי שוין אין די זיבעציקער, וואָס האָט יאָרן לאַנג געראַמט דעם הויף און געווען באַקאַנט מיט אַלע איינוווינער, אין וועמענס שטובן ער פלעגט קומען יעדן שבת איינהייצן די קיכן און אייוועלעך. באַנאַנד מיט לייבלען פלעגט כאַראַנזשיק אַרומגיין איבערן הויף און פאַרריכטן דאָס צעבראָכענע פלויטל פון גערטנדל אָדער די

צעשעדיקטע דעכער פון די קאַמערן. דערווײַל האָט זיך אויפן הויף געשטעלט דער גרויסער ערב־פסח ,,יאַריד." ווײַבער האָבן אָנגעהויבן אַרויסשלעפּן שענקלעך און קאַמאָדן זיי צו וואַשן און רייניקן, און מענער האָבן גענומען אויסשפּרייטן די ספרים זיי צו לופטערן. נחום האָט ליב געהאַט אַרומצוגיין אַרום די ספרים און זען ווי דער ווינט באַוועגט די באַגעלטע בלעטער פון די גרויסע גמראָס, חומש־טײַטשן און עין־יעקבס. די קליינע, פּירקאַנטיקע אותיות, אויסגעשטעלט אין קאָלומנעס און אַרומגערינגלט פון אַ ים געדיכטן געשריפטס פון די פּירושים, האָבן זיך נחומען אויסגעוויזן ווי ווײַטע, געהיימע אינדזלען פון אַן אַנדערער פאַרבאָרגענער וועלט. ביי די ספרים האָט זיך געפּאָרעט לייבל דעם ווירטס און דערבײַ געמונטערט נחומען:

,,לערנען דאַרף מען, נחומל, לערנען גאָטס תורה! דינען דעם אייבערשטן מיט פרייד, אַזוי ווי ס'שטייט געשריבן, כל עצמותי תאמרנה — אַלע מײַנע ביינער זינגען צו גאָט."

גלײַך נאָך פּסח האָט זיך לייבל גענומען אויפריכטן דאָס גערטנדל לענג־אויס דעם פּלויט, וואָס האָט אָפּגעטיילט איטשעלעס פּאָסעסיע פון וועלוול דעם שמידס דערבײַיִקן הויף. לייבל האָט פאַרראָכטן דאָס איינגעפאַלענע פּלויטל און דער אַלטער כאָראָנזשיק האָט צעקאָפּעט די ערד און אײַנגעטיילט דעם שטח אין בייטן, מיט שמאָלע סטעזשקעלעך אין צווישן. דערנאָך האָבן זיך בײדע גענומען צום פאַרזייען און באַוואַסערן די זריעה. דערבײַ זײַנען די קינדער פון הויף אויך געווען בײַהילפיק; זיי פלעגן דערלאַנגען די זעקעלעך מיט קערנער און שלעפּן קענדלעך וואַסער פון פּלומפּ צו באַוואַסערן די בייטן. שבועות־צײַט איז שוין דער גאָרטן געשטאַנען אַ צעבליטער מיט בלומען און גרינסן, וואָס האָבן שימערירט אין דער זון מיט אַלערליי קאָלירן. די ברוינלעכע גלעקלעך פון די מאַקווּוקעס זײַנען שוין געווען אָנגעפּילט מיט מאָן, די קײַלעכיקע בערשטלעך מיט געדיכט־שוואַרצע קערלעך פון די זונרויזן האָבן זיך גערייפט אויף די שלאַנקע שטאַמען און די אוגערקעס, רעטעכלעך און פּאָמידאָרן זײַנען געוואָרן פול און צײַטיק. דעמאָלט איז דער גאָרטן געוואָרן פול מיט געזשום פון זומער־פלאַטערלעך און בינען און דער גאַנצער הויף האָט הנאה געהאַט און געווען שטאָלץ מיט אים.

נאָך שבועות, ווען ס'רוב קינדער זײַנען פרײַ פון דער פוילישער שקאָלע, פלעגט זיך יעדעס יאָר אַראָפּיאַווען פון וואַרשע איצושל, דעם ווירטס אַ פּלימעניק, און גענומען קיניגן איבער די קינדער פון הויף. געווען איז ער אַ ייִנגל פון אַ יאָר צען־עלעף, אַ דאַרער און

פלינקער, מיט אַ ברוינלעך פּנים און צוויי שאַרפע, קלוגע אויגן. די קינדער האָבן געקלעפּט אַרום אים און אויסגעפּאָלגט זײַן יעדעס וואָרט.

יעדן אינדערפרי האָט איצוש אויסגעשטעלט די ייִנגלעך אין אַ רײַ לויט דער הייך און זיי מושטירט ווי אמתע זעלנער. דער ערשטער איז געווען פײַוול, אַ הויך ייִנגל מיט אַ רויטן העפט אויפן שטערן און אַ בייז, אָנגעכמורעט פּנים; נאָך אים — חיימל הערשל פּראָמס, אַן אָפּגעהיטן ייִנגל מיט פולע בעקלעך; דערנאָך — די צוויי זינדלעך פון ווײַנהענדלער, שמעיה און דאָווטשע, ביידע האַלבע קאַליקעס: שמעיה האָט געטראָגן אַ הויקערל אויפן רוקן און דאָווטשע האָט זיך פּאַרהיקעט און דער גאַווער איז אים געווען פון מויל איבער דער גאָמבע. נאָך זיי זײַנען געקומען נחום מיט זײַן קוזינדל שׂמחהלע, אַ זשוואַווער קונדס מיט רויטע בעקעלעך און בלאָנדע האָר. נאָכן אויסשטעלן די ייִנגלעך אין אַ רײַ, פלעגט איצוש נעמען מושטירן זײַן קליינעם חיל, זיי באַפעלן צו שטעלן זיך אויף „אַכטונג", ציילן גיך אויפן קול אָדער לויפן אין אַ שורה איבערן הויף. דערנאָך, אַז די ייִנגלעך האָבן זיך צעוואַרעמט, האָט מען גענומען זיך שפּילן אין יאָגעלעך און באַהעלטעניש, אָדער גאָר אין פײַערלעשער.

בליצשנעל פלעגן די ייִנגלעך אויסדרייען די היטלעך מיט די דאַשקעס פון הינטן און פאַרוואַנדלען זיך אין אויסגעפּרוווטע פײַערלעשער. 'געברענט' האָבן די קאַמערן בײַם הויכן פּלויט, וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם הויף פון אַ געהילצסקלאַד אַקעגן דער באַנראַמפּע. די קינדער פלעגן זיך צעלאָזן מיט קולות ווי פײַער־סירענעס און גענומען באַפאַלן די קאַמערן, קריכן אויף די דעכער און גיסן עמערלעך וואַסער, כּדי צו לעשן דאָס פײַער. דערווײַל איז בײַ דער פּלומפּ געוואָרן אַ גאַנצע פאַרפלייצונג, ביז עמעצער פון די דערוואַקסענע האָט עס דערזען, זיך צעשריגן אויף דער צעווילדע־וועטער חברה און איבערגעריסן די שפּיל.

בכלל, איז צווישן די דערוואַקסענע און די קינדער אָנגעגאַנגען אַ כּסדרדיקע מלחמה ווער ס'זאָל הערשן איבערן הויף. דער שׂונא נומער איינס איז, פאַרשטייט זיך, געווען איטשעלע, דער אייגנטימער פון מויער. אַז איטשעלע פלעגט דערזען אַ ייִנגל אויפן דאַך פון אַ קאַמער, איז ער געוואָרן מלא־חמה. מיטן גראָבן פינגער פון זײַן האָריקער האַנט האָט ער געטײַטלט אויפן ייִנגל און געשריגן אויף זײַן באַסאָווען קול: „אַראָפּ לײַדאַק! אַראָפּ באָלשעוויק! כ'על באַלד מיט דיר לערנען בָלק, זאָלסט מער אויף קיין דעכער נישט קריכן!" דאָס

יִינגל איז דעמאָלט געבליבן שטיין אויפֿן דעכל און נישט געוווּסט ווו זיך אַהינצוטון און געוואָלט באַדיי אַרײַנפֿאַלן אין אַ פֿינצטערן קאַמער איידער אין איטשעלעס הענט.

אַ צווייטער, וואָס האָט אָפּט געהאַט צו טון מיט די קינדער איז געווען פּײַוול שוסטער, וואָס האָט געהאָדעוועט אויפֿן הויף הינער און גענדז. די הינער האָבן געקוואָקעט, געלייגט אייער און אויסגעבריט פֿרישע הינדעלעך, וואָס האָבן פֿאַרמערט דאָס געזעמל אויפֿן הויף. בדרך־כּלל האָבן די קינדער געלעבט בשלום מיט פּײַוול שוסטערס עופֿות. דאָך האָט זיך געטראָפֿן אַז עמעצן איז אײַנגעפֿאַלן זיך צו יאָגן נאָך אַ הון אָדער הינדל און דער צעפֿלאָשעטער עוף איז אַריבערגעפֿלויגן דעם פּלויט און פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אויף יענער זײַט, צווישן אָנגעלייגטן געהילץ. פֿאַר נאַכט, בײַם אַרײַנלאָזן די עופֿות אין קאַמער אַרײַן, האָט פּײַוול דערזען די בראָך און געוואָרן אויסער זיך. דעמאָלט פֿלעגט ער נעמען חוקר־ודורש זײַן ווער ס'האָט עס אָפּגעטון, און נישט דערגייענדיק קיין זאַך, האָט ער גענומען טרײַבן די קינדער אין די שטובן אַרײַן, כּדי אַזוי אַרום שטילן זײַן כּעס.

אַ פֿאַרצויגענע מלחמה איז אויך אָנגעגאַנגען צווישן דעם קליינעם שׂמחהלע און זײַן טאַטן, עליע שאַמעס. שׂמחהלע האָט בשום־אופֿן נישט געוואָלט גיין אין חדר אַריין און עליע פֿלעגט אים יאָגן איבערן הויף אים צוריקצוברענגען צום רבין. „אַ שייגעץ וועסטו אויסוואַקסן, אַ פּויעריונג,“ האָט אים עליע נאָכגעשריגן אויף זײַן וואַרשעווער יידיש, „יאַך וועל דיך ממתין, דורסן אויפֿן אָרט!“ ווען ער האָט ענדלעך געכאַפּט זײַן תּכשיט, האָט ער אים פֿאַרוואָרפֿן ווי אַ זעקל איבער די פּלייצעס און געלאָזט זיך מיט אים אין חדר אַרײַן. ס'האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און שׂמחהלע איז געווען צוריק אויפֿן הויף און עליע האָט אָנגעהויבן דאָס געיעג פֿון דאָס נײַ.

לויטן אויסזען איז עליע געווען אַ שיינער, שטאַלטנער מאַן מיט אַ ציכטיק בערדל און איידל פּנים; ס'איז שווער געווען צו דערקענען, אַז ער איז, נעבעך, אַן אָרעמאַן אַן אביון. ערשט אַרײַנקומענדיק אין זײַן אויסגעווײַסט שטיבל, אונטער די טרעפּ פֿון צווייטן פֿליגל פֿון מויער, האָט מען געקאָנט זען זײַן ביטערן מעמד. לענג־אויס דער וואַנט זײַנען געשטאַנען די אײַזערנע בעטלעך, בײַם פֿענצטער — אַ צעקאַרבטער טיש מיט אַ פּאָר בענקלעך און נעבן דער טיר — אַן אַלטער קופֿערט מיטן ביסל וועש און בגדים. וויפֿל עליע זאָל זיך נישט האָבן געמיט, געהאַנדלט און געמעקלט, האָט ער דאָס ביסל חיונה נישט געקאָנט אויסשלאָגן; חיה־שׂרה, זײַן ווײַב, האָט זיך

געמוזט אײַנשפּאַנען און אַרויסהעלפן אין דער פּרנסה: זומערצײַט אַרומגײן מיט אַ קײשל אויפּס און גרינס איבער די ווילײעס צו פֿאַר־קויפֿן צו די מאַדאַמען.

נישט בלויז פֿון שׂמחהלען, נאָר אויך פֿון דער עלטערער טאָכטער רחלען, האָבן עליע און חיה־שׂרה קײן נחת נישט געהאַט. רחל איז גראָד געווען אַ געראָטן מײדל, געקאָנט העפֿטן און נײען און געלערנט זיך גוט אין שולע. וואָלט זי אײַנגעשטאַנען בײַ פּאַרמעגלעכע עלטערן, פֿלעגן שכנים זאָגן, וואָלט זי אויסגעוואַקסן אַ לײַטיש מײדל. רחל האָט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן די אָרעמקײט פֿון איר הײם און געשעמט זיך מיט איר נויט ווי מיט אַ חולאת. איר בעסטע חברטע איז געווען פּעלע, הערשל פֿראָם דעם צעלניק־סוחרס טאָכטער, וואָס בײַ איר פֿלעגט רחל אָפּזיצן יעדע פֿרײַע צײַט. בײדע דירות, עליעס און הערשלס האָט אָפּגעטײלט בלויז אַ וואַנט, אָבער ווי אַנדערש זײַנען געווען זײערע הײמען. בײַ פּעלען אין שטוב איז געווען אַלע מאָל אויפֿגעראַמט, דער דיל — אַן אָפּגעפּרישטער מיט רויטער פֿאָמאַדע און די בעטן פֿאַרבעט מיט קאָלירטע דעקעס און אויסגעהאָפטענע קישעלעך. פּעלע איז געווען אין אײן עלטער מיט רחלען; אַן אײדל־געכאָוועטע, מיט אַ רונדיק, מילכקלאָר פּנים און גרויסע, פֿאַרחלומטע אויגן. רחל איז געווען בלאָנד און איר לענגלעך, מיט זומער־שפּרענקלעך באַשפּריצט פּנים איז געווען אָנגעצויגן מיט עקשנות.

אָפּט מאָל, ווען רחל האָט עפּעס פֿאַרלאַנגט פֿון אירע טאַטע־מאַמע — אַ נײַ קלײדל, אַ פּאָר לאַטשן, אָדער סתם קעשענע־געלט צו גײן אין קינאָ — און זי האָט עס מערסטן טײל ניט געקאָנט קריגן, איז זי אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ היסטעריע, וואָס האָט אויפֿגערודערט דעם גאַנצן הויף. ווי אַ פֿאַרווונדעטע צויג פֿלעגט זי אַרויסלויפֿן פֿון איר שטוב און אַוועקפֿאַלן אין מיטן הויף און זיך וואַלגערן אין שטויב, און דערבײַ געריסן פֿון זיך ס׳קלײד און זיך געשלאָגן מיט די פֿויסטן איבערן קאָפּ. חיה־שׂרה איז איר נאָכגעלאָפֿן און זיך געמיט איר אײַנ־צונעמען מיט גוטן. „ווילדע יאַכטשע, וואָס מאַכסטו מיר דעם טויט?! וואָס פֿאַרשעמסטו מיך פֿאַר אַלעמען אין די אויגן?“ האָט זי געהעשעט און ריטשקעלעך טרערן זײַנען גערונען איבער איר אײַנגע־פֿאַלענעם פּנים. פֿון דער מאַמעס רײד איז רחל געוואָרן נאָך מער צערײצט, זיך אויפֿגעריסן פֿון דער ערד און גענומען לויפֿן מיט אויסגעשפּרײטע אָרעמס צום טויער פֿון הויף.

„אונטער דער באַן! אונטער דער באַן וועל עך זיך לייגן! שטאַרבן וויל עך!״ האָט זי געיאָמערט. קינדער און דערוואַקסענע האָבן זיך גענומען איר נאָכיאָגן און פאַרשטעלן דעם וועג אין גאַס אַרויס. דערווײַל האָט מען אַרויסגערופן רבקהלען, הערשל פּראָמס ווײַב מיט איר טאָכטער פּעלע, די אײנציקע צו וועמען רחל פלעגט זיך צוהערן, און זיי האָבן גענומען רחלען אונטער די הענט און אַרײַנגעפירט צו זיך אין שטוב ביז זי וועט זיך באַרויִקן און קומען צו זיך.

חוץ די שטענדיקע אײַנוווינער, וואָס האָבן באַלעבעט דעם הויף, פלעגן זומערצײַט אַראָפּקומען אַהער פאַרשיידענע פאַרשוינען — שמאַטע־קלײַבער, הויפזינגער און אַלערליי קונצן־מאַכער. צום ערשט האָט זיך באַוויזן דער הויכער זינגער מיטן אויסגעצויגענעם קנאָכיקן פּנים. ער פלעגט זיך אַוועקשטעלן אין מיטן הויף און זיך צעלאָזן מיט זײַן מעטאַלענער שטימע:

אויף דעם בית־עולם, לעבן דעם מויער,
קום איך אויסוויינען מײַן עלנט, מײַן טרויער.
אַ יתום געבליבן אויף דער וועלט אַליין,
קום איך זיך טוליען צו מײַן טײַערן שטיין.

שטיין, שטיין, טײַערער שטיין,
דו ביסט אַמאָל מײַן מאַמעניו געווען.
אַ האַרץ, אַ נשמה האָסטו דאָך געהאַט,
איך האָב דיך פאַרלוירן, געשטראָפט האָט מיך גאָט.

נחומען פלעגן זיך שטעלן טרערן אין די אויגן ווען ער האָט געהערט דאָס ליד. ער האָט געזען אין זײַן דמיון דעם ליידיקן בית־עולם מיט די פאַרוואַקסענע קברים און דעם יתום געאָרעמט מיט דער מאַמעס מצבה. אַ נישט־דרײַסטער האָט ער זיך דורכגעשטופּט צום זינגער און אַרײַנגעוואָרפן אין זײַן היטל אַן אײַנגעוויקלט פּאַפּירל מיט די פּאָר גראָשן, וואָס די מאַמע האָט אים געגעבן. „אַ געזונט אויף דײַן קעפּל, לאַכטיק יינגעלע,״ האָט אים דער זינגער געדאַנקט.

נאָך דעם הויכן זינגער פלעגט זיך באַווײַזן דער בלינדער, וואָס האָט נישט נאָר געזונגען, נאָר אויך געשפּילט אויף אַ האַרמאָניע. געפירט האָט אים אַ מיידל מיט קורץ־געשוירענע האָר, אָנגעטון אין יינגלערישע בגדים, מיט אַ טאָרבע פאַרוואָרפן איבער די אַקסלען. ווען זיי זײַנען אָנגעקומען אין הויף, האָט דאָס מיידל אויפגעשטעלט אַן אויסלייגבענקל אויף וועלכן דער בלינדער האָט זיך אַנידער־

געזעצט און גענומען אויספּרובירן די האַרמאָניע, וואָס ער האָט געטראָגן אָנגעהאָנגען אויף אַ רימען.

„פאַנאָוויע און פאַני,“ פלעגט ער אָנהייבן מיט אַן הקדמה, „באַלד וועט איר הערן אַ ליד, וואָס כ׳האָב אַליין פאַרפאַסט, וועגן אַ יידישער משפחה אין וואַרשע, וואָס איז אַוועק אין פלאַמען אין אַ מוראדיקער שׂרפה. הערט אויס די טרויעריקע געשיכטע און שענקט אַ פּאָר גראָשן אַ בלינדן זינגער און זיין קינד.“ דאָ האָט ער געגעבן אַ צי מיט דער האַרמאָניע און אָנגעהויבן דאָס ליד:

אין וואַרשע, אויף קראָכמאַלנע גאַס
האָט זיך עס פאַרלאָפן און געשען;
אַכט נפשות — אַ יידישע משפחה,
אָרעם און ערלעך זענען זיי געווען.

פּלוצלינג איז אַ פייער אויסגעבראָכן,
ס׳גאַנצע הויזגעזינד ז׳געוואָרן פאַרברענט,
אַ טאַטע מיט פינעף קליינע קינדער,
דאָס זעקסטע אויף דער מאַמעס הענט.

נאָכן אָפּזינגען דאָס ליד איז דאָס מיידל אַרומגעגאַנגען מיט אַ הילצערנעם טעלער אין וועלכן די פאַרזאַמלטע, קינדער און דערוואַקסענע, האָבן אַריינגעוואָרפן פינפער און צענער גראָשנס. טייל האָבן אפילו געקויפט פאַר אַ פינף־און־צוואָנציקער דאָס אָפּגע־דרוקטע בלעטל מיטן ליד, זיי זאָלן עס קאָנען דערנאָך איינחזרן און זינגען.

אין מיטן זומער האָבן זיך באַוויזן די וואַנדערנדיקע קונצן־מאַכערס. אַריינקומענדיק אין הויף פלעגן זיי אויסלייגן אַ טוך אויף דער ערד און שטעלן זיך באַווייזן ווונדער: שלינגען פייער, גיין באָרוועס אויף שטיקער גלאָז, לאָזן לויפן בלעכענע טעלערס אויף אַ דין שטענגל און אַוועקשטעלן עס בשעת־מעשׂה אויפן שטערן און באַווייזן נאָך אַנדערע קונצשטיק. אַרום זיי זיינען געשטאַנען פאַרגאַפט קינדער און דערוואַקסענע, אַפּלאָדירט און באַלוינט די קונצן־מאַכערס מיט קליינגעלט.

פון צייט צו צייט איז די קינדער צוגעגעסן געוואָרן דער כסדרדיקער האַרמידער אויפן הויף און זיי פלעגן זיך אַרויפגנבנען אויפן גרויסן בוידעם, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דער לענג פון הויז. דאָרט איז אַלץ געווען אַנדערש ווי אויפן הויף: מען האָט געמוזט גיין פאַמעלעך, אויף די שפּיצפינגער מען זאָל אין די שטיבער

אונטן נישט דערהערן. אַרום איז געווען טונקל און סודותדיק; בלויז דינע פּאַסמעלעך ליכט האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך די שפּאַרונעס פון דאַך. דער דיל אויפן בוידעם איז געווען אויסגעבעט מיט קאָלקעס און עס איז זיך גרינג געגאַנגען, ווי אויף אַ טעפּעך.

דער קליינער שׂמחהלע איז אַרויפגעקראָכן אויפן לייטערל, וואָס האָט געפירט אויפן דאַך אַרויף, אַרויסגעשטעקט זײַן קעפּל דורך דער עפענונג און באַטראַכט מיט התפעלות די גאַסן און הייף, וואָס זײַנען געלעגן אויסגעשפּרייט אונטן. פאַר גרויס פרייד האָט ער זיך צעקרייעט ווי אַ האָן און אויסגעזונגען:

קוקיריקו! קוקיריקו!
די מאַמע איז נישטאָ.
ווו איז זי געפאָרן?
קיין סימביר.
וואָס וועט זי ברענגען?
אַ פעסעלע ביר.
ווער וועט עס טרינקען?
איך מיט דיר.

„אַראָפּ, יאַטל,” האָט איצוש אויף אים אָנגעשריגן, „לייבל וועט נאָך דערהערן און אונדז דערלאַנגען אַ גאָב.”

„ווער האָט מורא פאַר לייבלען?!” האָט שׂמחהלע לאַכנדיק געזאָגט און זיך גענומען אים נאָכשפּעטן: „קינדערלעך, אין חדר אַרײַן! גייטס לערנען תורה! תורה איז די בעסטע סחורה.” אַ שטיקל צײַט נאָך האָבן די קינדער אַרומגעוואַנדערט איבערן בוידעם און אויסגעפונען אַלערליי חפצים און אַלטע מעבלשטיק, וואָס האָבן זיך דאָרט אין משך פון יאָרן פאַרוואַלגערט. דערנאָך האָט מען זיך אַוועקגעלייגט אויפן ווייכן דיל און אָנגעהויבן זיך דערציילן מעשׂיות וועגן שדים און נישט־גוטע, וואָס וווּיוועט אַרום אין די נעכט אין שטאָטישן בית־מדרש אָדער מקווה. באַלד האָט איצוש גענומען דערציילן וועגן לעבן אין וואַרשע, ווו די טראַמווייען לויפן מיט געקלאַנג איבער די גאַסן און די ברוקירטע הייף זײַנען אַרומגעשלאָסן פון אַלע זײַטן מיט הויכע קאַמעניצעס. שפּעט אין דער נאַכט פאַרשליסט דער סטרוזש דעם טויער און לאָזט קיינעם נישט אַרײַן, סײַדן מען דערלאַנגט אים אַ מטבע אין דער האַנט אַרײַן.

אין דעם האָבן זיך דערהערט טריט פונעם אַנדערן עק פון בוידעם; דאָס האָט לייבל זיך דערנענטערט און גענומען שרײַען פון

פאָרויס: „אַראָפּ פון דאַנען, ליידאַקעס! אַראָפּ!" ווי צעפּלאָשעטע פייגל האָבן די קינדער גענומען לויפן צום לייטער, וואָס האָט געפירט אַראָפּ פון בוידעם. לייבל איז זיי נאָכגעלאָפן און, דערזעענדיק איצושן, זיך ווידער צעשריגן: „ירבעם בן נבט! וואַרט, וואַרט, כ׳וועל דיר שוין צושטעלן אַ בענקעלע ביַים פעטער!" אונטן, ביַי די שטיגן, האָט געוואַרט אויף די ייִנגלעך כאָראָנזשיק מיטן לאַנגן בעזעם אין דער האַנט. פאַר אים אָבער האָבן די קינדער ווייניק וואָס מורא געהאַט: ער איז געווען אַלט און קוים זיך געטראָגן אויף די פיס. מיט איין שפּרונג האָט מען אים אויסגעמיטן און שוין איז מען געפלויגן אַראָפּ פון די שטיגן צוריק אין הויף אַריַין.

* * *

# אין חדר

קיין פינעף יאָר איז נחום נישט אַלט געווען ווען דער טאַטע האָט אים אַוועקגעפירט צו צאַלקע דעם מלמד אין חדר אַרײַן. צאַלקעס הײַזקע איז געשטאַנען אויפן ראָג פון צוויי זײַטיקע געסלעך, אַרומגעצוימט מיט אַ הילצערנעם פּלויט. אינעווייניק, אין דער גרויסער, ליכטיקער שטוב, זײַנען געווען אויסגעזעצט אַרום טיש אַ צענדליק קינדער פון פאַרשיידענעם עלטער. אויבן אָן איז געזעסן צאַלקע און מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל באַטראַכט די אויסגעזעצטע קינדער. לעבן זײַן אָפענעם סידור איז געלעגן אַ לעדערנער קאַנטשיק מיט אַ פוטערן הענטל, כּדי צו דערמאָנען דער קליינוואַרג, אַז כאָטש דער רבי איז נישט קיין כּעסן, ווי אַנדערע מלמדים, אָבער פאָלגן מוז מען אים.

די תּלמידים בײַ צאַלקען זײַנען געווען אײַנגעטיילט אין צוויי כּיתּות: אָנהייבער און די וואָס האָבן שוין געקאָנט לייענען פון סידור. ווי נאָר דער רבי האָט אָנגעהויבן קנעלן מיט די דרדקי־קינדער, האָבן די עלטערע ייִנגלעך זיך גענומען שאַרן צו דער טיר, זיך אַרײַנגע־קראָגן אין פאָדערהײַזל און פון דאָרט אַרויס אויפן הויף. צאַלקע האָט זיך בשעת־מעשׂה געמאַכט נישט זען; סײַ ווי איז ער געווען פאַרנומען מיט די אָנהייבער, האָט אים נישט געאַרט, וואָס די אַנדערע וועלן דערווײַל אַ ביסל הנאה האָבן פונעם ליכטיקן דרויסן. אויפן הויף פלעגן די ייִנגלעך זיך פאַרזיכטיק דורכשאַרן אונטערן אָפענעם פענצטער און זיך צוקריגן צום שמאָלן ווינקל צווישן הויז און דעם פּלויט. דאָרטן האָט מען געקאָנט טון, וואָס דאָס האַרץ גלוסט: שטיפן און לאַכן, גראָבן גריבלעך און טונעלן, אָדער גאָר זיך אויסציִען אויפן ווייכן, וואַרעמען זאַמד, פאַרזשמורען די אויגן און זען ווי די

זונשטראַלן צעדריבלען זיך אין דינע, צעצונדענע פּעדעם, וואָס מיניען און לויכטן מיט אַלע קאָלירן.

דאָס פאַרברענגען אין דרויסן האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט; באַלד האָט צאַלקע זיך באַוויזן פאַרן פאָדערהויז און זיך צעשריגן, „אַריַין יונגאַטשן!״ צעפלאָשעטע האָבן זיך די ייִנגלעך אויפגעריסן פון אָרט און צוריק אַריַינגעלאָפן אין חדר אַריַין. אַצינד האָט דער רבי אַרויסגעלאָזט די ייִנגערע קינדער זיי זאָלן אויך אַ ביסל געניסן פון דער פריַי. דורך דעם אָפענעם פענצטער האָבן איצטער זיך געטראָגן אין הויף אַריַין די מונטערע קולות פון די עלטערע ייִנגלעך, וואָס האָבן אַרויסגעזונגען פון סידור:

אשרי יושבי ביתך,
עוד יהללוך סלה.

פאַרנאַכט צו, ווען צאַלקעס וויַיב האָט גענומען גרייטן אין קיכווינקל דאָס וואַרעמס און דער געשמאַקער ריח פון ריישעכץ האָט זיך צעטראָגן איבערן חדר, זיַינען די ייִנגלעך געוואָרן אומגעדולדיק און געוואַרט אויף דער מינוט ווען צאַלקע וועט אויסרופן, „אַהיים, שקצים!״. דעמאָלט פלעגן די קינדער אויפשפּרינגען פון די ערטער און אין איין וויַילע זיַינען אַלע שוין געווען אין דרויסן.

צוויי זמנים האָט נחום אָפּגעלערנט ביַי צאַלקע מלמד און דורך דער ציַיט זיך אויסגעלערנט פליסיק עברי און אָנגעהויבן לערנען חומש. מער האָט שוין נחום, וואָס האָט געהאַט אַ שאַרף קעפּל און אַ גוטן זכרון, נישט געהאַט וואָס צו טון ביַי צאַלקען. גליַיך נאָך פּסח האָט אים משה־אברהם אַוועקגעפירט צו יאַנקל מינסקער, ווו באַלע־באַטישע ייִנגלעך האָבן געלערנט חומש מיט רש״י און אפילו אַ בלאַט גמרא. יאַנקל מינסקער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ גוטן מלמד, אַ בן־תורה און אַ ירא־שמים. געווען איז ער אַ נידעריקער, ברייטבייניקער ייִד מיט אַ שטרענג, אַסקעטיש פּנים און אַ טונקל־גראָער, לאַנגער באָרד, וואָס האָט אים געגרייכט ביז צו די לענדן. דאָס חדר איז געווען אין אַ נידעריק, ענג שטיבל; אַ בלאַסע שיַין האָט זיך קוים דורכגעשלאָגן דורך די קליינע שיַיבלעך פון פענצטער, וואָס איז אַרויס אויף אַ גרויסן, פאַרוואָרלאָזטן הויף. נחומען איז געווען טרויעריק אויפן האַרצן; ער האָט געבענקט נאָכן ליכטיקן, געראַמען הויז פון צאַלקע מלמד און נאָך זיַין זאַמדיקן הויף, ווו די קינדער פלעגן זיך שפּילן אויף די הפסקות. ער איז געזעסן ביַים טיש אַ שטילער און פאַרמוחטער, זיך געשאָקלט און צוגעברומט צוזאַמען

מיט די אַנדערע קינדער, נישט וויסנדיק אָפּט מאָל ווו מען האַלט אין לערנען.

מיטאָגצײַט האָט דער רבי איבערגעריסן אויף אַ ווײַל דאָס לערנען. טייל קינדער זײַנען אַוועק איבערבײַסן אין דער היים, אַנדערע האָבן געוואַרט אויף די מאַמעס, וואָס וועלן אַריבערקומען מיטן עסן. נחום האָט זיך דעמאָלט פֿאַמעלעך אַרויסגעשאַרט אויפֿן הויף און גענומען לויפֿן אַהיים. ער איז אַרײַן אין שטוב מיט אַ געוויין און זיך באַהאַלטן אין ווינקל אַהינטער דער שאַנק. ,,כ׳וויל נישט דאָס נײַע חדר! כ׳האָב מורא פֿאַרן רבין!'' האָט ער געהעשעט. איטע האָט אים געפּרוּווט אײַננעמען מיט גוטן, אָבער משה־אברהם האָט נישט געוואַרט און שטרענג אַ זאָג געטון: ,,אַ ייִדיש קינד דאַרף גיין אין חדר! נישטאָ וואָס מורא צו האָבן פֿאַרן רבין!'' און גלײַך האָט ער אַ נעם געטון דעם פֿאַרווייַנטן זון און אים קריקגעטראָגן אין חדר אַרײַן.

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און נחום האָט זיך צוגעוווינט צום נײַעם רבין און אים אפֿילו ליב געקראָגן. צו גלײַך מיט זײַן פֿרומער שטרענגקייט, האָט יאַנקל מינסקער פֿאַרמאָגט אויך אַ טרויעריקע מילדקייט, אַן אהבה, וואָס האָבן משפּיע געווען אויף די תּלמידים. אַ גאַנצן טאָג האָבן די קינדער עוסק געווען אין לערנען חומש מיט רשי; אַנדערע, עלטערע תּלמידים, האָבן אויך געלערנט משנה און גמרא. פֿאַר נאַכט, נאָכן אָפּדאַוונען מנחה, האָט מען אַוועקגעלייגט דאָס לערנען און דער רבי האָט גענומען זאָגן מוסר אָדער דערציילן אַ פֿרומע מעשׂה און משל. מיט אַ שטיל, אײַנגעהאַלטן קול האָט ער גערעדט וועגן די רשעים, וואָס זײַנען אָפּט מַצליח אויף דער וועלט, אָבער פֿאַרלירן יענע וועלט. גאָט, ברוך הוא, האָט אַלעמען באַשאַפֿן אין זײַן צלם און געגעבן יעדן אַ פֿרײַע בחירה צו גיין אויפֿן גוטן אָדער שלעכטן וועג. און די שכינה בעט זיך בײַ די רשעים: טוט תשובה און גייט צוריק אויפֿן רעכטפֿאַרטיקן וועג, ווײַל ער, השם־יתברך, איז אַ לײַטזעליקער און דערבאַרעמדיקער. דערנאָך פֿלעגט ער נעמען שילדערן דעם גיהנום, ווו די מלאכי־חבלה שלײַדערן די נשמות פֿון די חוטאים פֿון איין עק וועלט ביזן צווייטן. אָפּט מאָל ווערט גוזר אויף אַ זינדיקער נשמה ווידער מגולגל צו ווערן אויף דער ערד, כּדי אָפּצוקומען פֿאַר אירע זינד.

דערנאָך פֿלעגט דער רבי אַריבערגיין צום אחרית־הימים, די טעג פֿון משיח, וואָס פֿעדערן זיך און קומען. די גרויסע מלחמה פֿון גוג ומגוג איז שוין געווען, מיליאָנען מענטשן זײַנען געגאַנגען לאיבוד און אָן אַ שיעור קהילות זײַנען חרוב געוואָרן. ווען דען, אויב נישט

איצטער איז די צײַט ר׳זאָל קומען? יאַנקל מינסקערס אויגן פלעגן אויפלויכטן ווען ער האָט גענומען דערציילן די װוּנדער פון ימות המשיח, ווי דער לויתן וועט אַ ברום טון איידער מען וועט אים גיין שעכטן, ווי די קינדער פון ישׂראל וועלן אײַנגעזאַמלט ווערן אין זייער אייגן לאַנד, די טויטע וועלן אויפשטיין תחית־המתים און די גאַנצע וועלט וועט פול ווערן מיט גאָטס ליכט, ווי דער ים איז פול מיט וואַסער.

אָפט מאָל, נאָך אַזאַ שמועס, פלעגט דער רבי איבערלאָזן די קינדער אונטער דער השגחה פון דער רביצין און זיך אַרײַנכאַפּן אין דערבײַיִקן בית־מדרש אַ דאַוון טון מנחה־מעריב בציבור. באַהויכט פונעם רבינס רייד, פלעגן די קינדער בלײַבן זיצן אויף זייערע ערטער און זיך ווײַטער דערציילן שרעק־מעשׂיות וועגן גילגולים און דיבוקים, וואָס קריגן זיך אַרײַן אין מענטשן און מען מוז דעמאָלט אָנקומען צו אַ גוטן ייִד, אַ בעל־מופת, ער זאָל דעם דיבוק אַרויס־טרײַבן. אַנדערע האָבן גענומען דערציילן וועגן די מתים, וואָס קומען זיך צונויף יעדן מיטנאַכט אין בית־מדרש און רופן זיך אויף צו דער תורה, אָדער גאָר וועגן די נישט־גוטע, וואָס רודערן נאָך חצות אין דער מקווה.

אין דעם האָט זיך איינער פון די ייִנגלעך אָנגערופן אויפן חדרישן לשון:

שינדער — קינדער
שאָמיר — לאָמיר
שעסער — בעסער
שילן־זיך — שפּילן זיך
שיזקל — ביזקל
שעבי — דער רבי
שעט — וועט
שימען — קומען

אין איין אויגנבליק האָבן די קינדער פאַרגעסן אַלע יענעוועל־טיקע מעשׂיות און אויסגעשריגן מיט פרייד:

שאָ — יאָ
שאָמיר — לאָמיר

גלײַך האָבן זיי גענומען געשמאַק שפּילן אין גראָד־און־אום, אין פּעטשעלעך איבער די דלאָניעס, אין רעטענישן אָדער קאָרטן־קוויטלעך, ביז דער רבי איז צוריקגעקומען און זיי אַהיימגעלאָזן.

אויפן וועג אַהיים פלעגט נחום אָפט מאָל אַרײַנגיין אין גרויסן

בית־מדרש אויף קופּיעצקע גאַס, באַלד אַקעגן איבער דעם חדר. זומערצײַט האָבן זיך דורך די אָפענע פענצטער געטראָגן אין גאַס די קולות פון די דאַוונערס און לערנערס. נחום האָט ליב געהאַט אַרומצוגיין בײַ די טישן און זיך צוהערן צום געזאַנג פון די לערנערס און צו די שמועסרייד פון די בחורים און עלטערע ייִדן. אין בית־מדרש איז שטענדיק געווען היימלעך און רויִק. אין אַ ווינקל, צווישן פענצטער און דעם אָרון־קודש, איז געזעסן דער אַלטער לוזער, אַן אײַנגעקוואַרטער זקן מיט אַ רויטלעך־גראָער באָרד, און געלערנט אַ שיעור מיט עטלעכע בחורים. לעבן זײַן אָפענער גמרא האָט ער געהאַט אַ זילבערן טאַבאַק־שקעטעלע, פון וועלכן ער האָט געצויגן יעדע ווײַלע אַ שמעק טאַבאַק און זיך געווישט, נאָכן אָפּניסן, מיט דער רויטער פאַטשיילע, וואָס איז געלעגן דערנעבן. אַרום צוויי צוגערוקטע טישן לענג־אויס די פענצטער, וואָס זײַנען אַרויס אויפן בית־מדרש הויף, זײַנען געזעסן אַ צוויי צענדליק ייִדן, קרעמערס און בעל־מלאכות, און זיך אײַנגעהערט אין אַ שיעור עין־יעקב, וואָס איינער פון די למדנישע באַלעבאַטים האָט געגעבן.

צווישן די צוויי הויכע אויוונס בײַ דער הינטערוואַנט, דאָרט וווּ ס'איז געווען דער אַרויפגאַנג צו דער עזרת־נשים, זײַנען געזעסן בעטלערס און היימלאָזע ייִדן, וואָס דער בית־מדרש איז געווען זייער מקום. נחומען האָט אַלע מאָל געצויגן צו אָט די אָרעמע־לײַט און מאָדנע פאַרשוינען. ווידער אַ מאָל איז ער זיי פאַרבײַגעגאַנגען, זיך אײַנגעקוקט אין זייערע פאַרוואַקסענע פּנימער און באַטראַכט זייער אָפּגעשליסענעם הולך. טייל פון זיי זײַנען נחומען שוין געווען באַקאַנט פון זייער אַרומגיין איבער די גאַסן און הייף פון שטעטל. צווישן זיי האָט זיך אָנגעזען דער „קוק" — אַ ייִד אַ גברן מיט אַ רויטער באָרד, וועלכער גייט אַרום איבער די גאַסן און הייף מיט אַ קוקקעסטעלע און רופט אויס אין זײַן פאַרצויגענעם ליטוואַקישן ייִדיש: „אַ קוק! אַ קוק פאַר אַ גראָשן! די כותל־מערבי, מוטער רחלס קבר, מגדל־דוד — אַלץ פאַר אַ גראָשן!" אַרום אים שטופּן זיך אַלע מאָל קינדער מיט גראָשנס אין די הענט, גיריקע אַרײַנצוקוקן אינעם געהיימען קעסטעלע, ווו מען קאָן זען אין לעבעדיקע קאָלירן די אַלע הייליקע ערטער.

נחום האָט זיך אַרומגעזען, אַז ס'איז שוין צײַט צו גיין אַהיים עסן וועטשערע, ווען אין דעם האָט פּינחס דער שמש אַ קלאַפּ געטון אין טיש פון באַלעמער און אויסגערופן, אַז גלײַך נאָך מעריב וועט

דרשענען אַ מגיד. נעבן דעם שמש איז געשטאַנען דער מגיד — אַ הויכער, דאַרער ייִד מיט פּעך שוואַרצע באָרד־און־פּאות, און אַן איַינגעפאַלן, לענגלעך פּנים, פון וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעלויכטן צוויי טיפע, טרויעריקע אויגן. נחום האָט ליב געהאַט צו הערן די דרשות פון די מגידים, וואָס פלעגן אַראָפּקומען פון צײַט צו צײַט אין שטאָט. כאָטש ער האָט נישט אַלץ פאַרשטאַנען וואָס זיי האָבן געדרשנט, האָבן אָבער זייערע פרומע רייד אָנגעפילט אים מיט אַ זיסער בענקשאַפט און טרויער. אָט אַזוי, האָט נחום געטראַכט, האָבן אַמאָל געוואַנדערט איבער די שטעט און דערפער פון יהודה און ישׂראל די הייליקע נביאים, וואָס האָבן געטראָגן גאָטס וואָרט, געשטראָפט און גערופן די בני־ישׂראל זיך אָפּצוקערן פון די אָפּגעטער און עבודה־זרה.

אָפּגעדאַוונט אויף גיך דעם מעריב, האָט זיך דער עולם צונויפגערוקט אַרום באַלעמער צו הערן די דרשה. דער מגיד איז געשטאַנען אויסגעגלײַכט בײַם באַלעמער־טיש און געוואַרט ביז אַלע וועלן זיך אײַנשטילן. פּלוצעם האָט ער זיך אַ וויג געטון אַהין און צוריק און אָנגעהויבן מיט אַ וויינענדיקן ניגון:

„אונדזערע הייליקע חז״ל האָבן געזאָגט, ׳בשביל שלושה דברים נגאלו בני ישראל ממצרים׳, — צוליב דרײַ זאַכן זײַנען אונדזערע עלטערן, די בני־ישראל, אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים: דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט געענדערט זייערע נעמען, נישט געטוישט זייער ייִדישן לבוש, און האָבן אָפּגעהיטן דעם הייליקן שבת. און הײַנט, ווייַ איז אונדז, וואָס זעען מיר? צום אַלעם ערשטן טוישט מען אויס דעם ייִדישן לבוש און מע גאָלט אָפּ באָרד־און־פּאות, דערנאָך פאַרוואַרפט מען דעם אייגענעם נאָמען און דאָס ייִדישע לשון, און צום סוף איז מען מחלל־שבת בפרהסיא. און אַזוי זינקט מען אַלץ טיפער און טיפער אין די מ״ט שערי־טומאה פון הפקרות און כפירה. אַזוי ווי דער בוים, וואָס מען שיילט אָפּ זײַן קאָרע, בלײַבט שטיין נאַקעט און הויל און קאָן שוין קיין פּרות נישט געבן, אַזוי געשעט, רחמנא־לצלן, מיט דעם ייִד, וואָס וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם עול פון ייִדישקייט: ער ווערט איינגעדאַרט און פאַרטריקנט און קאָן שוין מער קיין נײַע ייִדישע דורות נישט ברענגען.״

אַ ווײַלע איז דער מגיד געבליבן שטיל און אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. באַלד האָט ער זיך ווידער צעוויגט און ממשיך געווען מיט אַן איכה־ניגון: „ווייַ, גוואַלד! די ווענט פון די בתי־מדרשים און ישיבות טרויערן אויף די ייִדישע קינדער, וואָס האָבן זיי פאַרלאָזן. און

וווּהין זײַנען זיי אַוועק? אויף די שפּילפּלעצער און אין די פּאַראײַנען, אין די טאַנצזאַלן און טעאַטערס, ווו מען איז מחלל־שבת און מ׳איז פּורץ־בגדר לעיני־כל. פרײַע מענטשן ווילן זיי זײַן, אָן עול פון מצוות, ככל הגויים. און פּונקט ווי דער דור־המדבר, וואָס האָט געטאַנצט אַרום גאָלדענעם עגל, איז באַשטראָפט געוואָרן און נישט דערגאַנגען צום הייליקן לאַנד, אַזוי איז דער ווידערשפּעניקער דור עלול צו ברענגען אויף זיך און אויף אונדז אַלעמען ביטערע פּגעים און פּורעניותן.״

ווײַטער, האָט דער מגיד געברענגט בײַשפּילן און מוסר־השׂכּל פון ייִדן, וואָס זייער האַרץ איז פאַרשטיינערט געוואָרן נישט צו הערן ס׳געוויין פון אַ צווייטן, אַן אח־בצרה. וואָס איז דער אונטערשייד, האָט ער געפרעגט, צווישן אַ שויב און אַ שפּיגל? ווען די שויב איז נישט פאַרשטעלט, זעט מען נישט בלויז זיך אַליין, נאָר אויך דעם אַנדערן אין דרויסן. אָבער ווען דאָס גלאָז איז באַזילבערט, ווי אין אַ שפּיגל, זעט מען דאָך נאָר זיך אַליין. „גוואַלד, ייִדן,״ האָט דער מגיד אויסגעשריגן, „טוט תשובה, העלפט איינער דעם צווייטן, שטאַרקט און האַלט אונטער די געפאַלענע בחומר וּברוח! בזכות זה וועט השם־יתברך זיך מרחם זיין און אונדז פאַרהיטן פון די בייזע גזירות און שלעכטסן, וואָס שטייען אונדז פאַר, און ס׳וועט מקוים ווערן דער ובא לציון גואל, אין אונדזערע טעג, אָמן!״

געענדיקט די דרשה, איז דער מגיד פאַמעלעך אַראָפּ פון באַלעמער און געשטעלט זיך שווײַגנדיק בײַם אַרויסגאַנג פון בית־מדרש. פאַרבײַגייענדיק האָבן ייִדן אים דערלאַנגט ׳שלום׳ און אַרײַנ־געוואָרפן אַ מטבע אין דער פאַטשיילע, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אויף דער באַנק דערנעבן.

אויף דער גאַס איז געווען היימלעך און טומלדיק. אויף די טראָטואַרן פאַר די הייף זײַנען געשטאַנען קצבים־יונגען אין גאָלע קעפּ, אין ווײַסע זומער־העמדער מיט פאַרשאַרצטע אַרבל, און געשמועסט אויפן קול. פון פּאָפּאָווערס רעסטאָראַן אויפן ראָג האָבן זיך געטראָגן הײַטערע קולות פון חברה־לייט, וואָס האָבן זיך געלאָזט ווױלגיין בײַ גלעזער ביר און פאַרבײַסנס. אין דרויסן פאַרן רעסטאָראַן זײַנען געשטאַנען אַרבעטער־ און געזעלן־יונגען, מיטגלידער פון די פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, אַרײַנגעטון אין פּאָליטישע דיסקוסיעס. די ספּאָרטלער און זייערע פאַרערער האָבן זיך געאַמפּערט וועגן רעזולטאַט פון לעצטן פוטבאָלמעטש און איבער־

געחזרט, צום וויפלטן מאָל, די אויפטועץ פון באַזונדערע שפּילער און זייערע מאַנשאַפטן.

פאַרבײַגייענדיק די לעבעדיקע גרופּקעלעך יונגוואַרג, האָט נחום געטראַכט וועגן מגיד, וואָס האָט נאָר וואָס גערופן די ייִדן אין בית־מדרש תשובה צו טון, כּדי צו דערנענטערן דאָס קומען פון משיחן. ווי שיקט עס זיך, האָט נחום זיך געוווּנדערט, וואָס אַזוי פיל ייִדן זײַנען מבטל די געבאָטן פון דער תורה און האָבן גאָר קיין מורא נישט פאַר דעם אייבערשטנס צאָרן און שטראָף?

* * *

# אין רבינס הויף

עטלעכע זמנים האָט נחום אָפּגעלערנט ביַי יאַנקל מינסקער אין חדר און דורך דער צײַט איז ער געוואָרן צוגעבונדן צום אַלטן, שטרענגן רבין. אויך דער רבי האָט ליב געקראָגן נחומען פאַר זײַן איידלקייט און התמדה אין לערנען. אונטערן אײַנפלוס פון רבין איז נחום געוואָרן פרום און אָפּגעהיטן, נישט פאַרגעסן צו זאָגן קריאת־שמע פאַרן שלאָפן גיין און אָפּצוגיסן נעגל־וואַסער גלײַך נאָכן אויפשטיין. ער האָט זיך פאַרלאָזט פאַהלעך און צוגעשטאַנען צום טאַטן ער זאָל אים באַשטעלן ביַי מענדל היטל־מאַכער אַ קיַילעכיק יִדיש היטעלע, מיט אַ קליין, שוואַרץ דאַשיקל, ווי סע האָבן געטראָגן אַלע פרומע יִדישע יִנגלעך. ס׳האָט געטראָפן, אַז די מאַמע האָט נחומען גענומען צום שערער, וואָס אין ראָג פון גאַס, און יענער האָט בכיוון אָפּגעשניטן זײַנע פאַהלעך. אַ פּאָר טעג האָט נחום גע־טרויערט איבער דעם און זיך געשעמט צו ווייַזן אין חדר אַריַין, ביז יאַנקל מינסקער איז געקומען צו נחומען אין שטוב אַריַין און אים איַינגענומען מיט גוטע רייד און אים געטרייסט, אַז ס׳איז אַ זכיה צו גיין אין די וועגן פון אייבערשטן און צו ליַידן פאַר דעם.

איטע איז געווען שטאָלץ און גליקלעך מיט נחומען און באַדויערט איר גאָטזעליקן פאָטער — אַליין אַ פרומער, אָפּגע־היטענער ייִד — וואָס האָט נישט דערלעבט צו קליַיבן נחת פון אַזאַן אייניקל ווי איר נחום. משה־אברהם איז אויך געווען צופרידן, אָבער דאָך אַ ביסל סקעפּטיש.

„הלוואי זאָל ער אַזוי וועלן פרום זײַן ווען ר׳וועט גרויס ווערן...״

בײַ מענדל היטל־מאַכער האָט מען נחומען געקױפֿט אַ ייִדיש היטעלע און דאָס קלײנע שנײַדערל פֿון אַקעגן איבער האָט אים אױפֿגענײט אַ חסידיש כאַלאַטל, און די פּאהלעך זײַנען אים ביסלעכװײַז צוריק אָנגעװאַקסן. װען לײבל דעם װירטס האָט דערזען נחומען אין דעם נײַעם הילוך, האָט ער אים אַ קניפּ געטון אין בעקל און מיט פֿרײד אױסגערופֿן:

,,אַזױ, נחומל, אַזױ דאַרף אױסזען אַ ייִדיש קינד!" גלײַך האָט ער אים גענומען פֿאַרהערן אין חומש און רש"י פֿון דער װעכנטלעכער פּרשה:

,,אַנו, נחומל, זאָג מיר, װאָס מאַכט רש"י אױפֿן פּסוק 'ויתרוצצו הבנים בקרבה'?" נחום האָט לאַנג נישט געװאַרט און אױסגעזונגען דעם ענטפֿער מיטן אָנגענומענעם חדר־ניגון:

,,װען רבֿקה איז פֿאַרבײַגעגאַנגען די געצעלטן פֿון שם־ועבֿר, האָט יעקבֿ זיך געריסן אַרױס פֿון איר בױך; און אַז זי איז פֿאַרבײַ אַ טומאה — האָט עשׂיו געװאָלט זיך אַרױסרײַסן."

,,אַ געזונט אױף דײַן קעפּל, נחומל!" האָט לײבל אָנגעקװאָלן און אים געבענטשט. ,,השם־יתברך זאָל דיך היטן, זאָלסט װײַטער גײן אין זײַנע װעגן, אָמן!"

אַ פּאָר טעג נאָך שבֿועות איז יאַנקל מינסקער קראַנק געװאָרן און געלײגט זיך אין בעט. זײַן פּנים איז געװאָרן געל װי פּאַרמעט, די אױגן — אײַנגעפֿאַלן און ער האָט יעדע װײַלע אַרױסגעלאָזט אַ שטילן, טיפֿן קרעכץ. די רביצין האָט זיך געפּאָרעט אַרום אים, צוגעטראָגן אים אַ טעפּעלע געקאָכטע װאַסער פֿאַרװײַסט מיט מילך אָדער אַ שיסעלע קאַשע און שטילערהײט אונטערגעבורטשעט אױף װעלװולען, איר זון, אַז דאָס האָט ער מיט זײַן אפּיקורסישן ברודער מאירל, דערפֿירט דעם טאַטן צו אַזאַ מעמד. אַז יאַנקל מינסקערס בײדע זין, װעלװול און מאיר, זײנען 'קאַליע' געװאָרן, האָט מען שױן פֿון לאַנג אין שטעטל געװוּסט. װעלװול האָט פֿאַרקױפֿט אױפֿן באַזאַר לעקעך און שטרודל, װאָס זײַן שװעסטער, נחמה, האָט געבאַקן אין אַ זײַטיק שטיבל פֿון הױז. מחמת דעם װאָס ער איז געשטאַנען אין דער הײם, האָט ער אָנגעהאַלטן אױבנאױפֿיק דעם ייִדישן הילוך און געהיטן זיך נישט מחלל־שבת זײַן בפּרהסיא. דאַקעגן זײַן ברודערל, מאירל, האָט שױן פֿון לאַנג זיך אַרױסגעקליבן פֿון הױז, זיך אױס־געלערנט אַ מלאכה און געװאָרן אַ גאַנצער טוער בײַ די פּרײַע — די לינקע ,,פּועלי־ציון". יאַנקל מינסקער האָט, אַזױ אַרום, פֿון בײדע

בנים קיין נחת נישט געהאַט און קיין געזונט איז אים פון דעם נישט צוגעקומען.

אַ פּאָר טעג איז דער רבי געלעגן צו בעט און מיט די חדר־ייִנגלעך האָט געלערנט וועלוול. דערנאָך האָט מען די קינדער אַהיימגעשיקט, מחמת דעם רבין איז געוואָרן ערגער און מע האָט געמוזט אַרויסרופן אַ דאָקטער. אויף צו מאָרגנס האָבן יאַנקל מינסקערס תלמידים זיך דערוווסט, אַז דער רבי איז נפטר געוואָרן. נחום מיט נאָך אַ פּאָר תלמידים האָבן זיך פאַרזאַמלט אין חדר־הויף, פאַרן אַרייַנגאַנג אין רבינס הויז. אינעווייניק האָבן יאַנקל מינסקערסביידע זין, צוזאַמען מיט נאָך ייִדן, געזאָגט תהילים אויפן קול, ביי אָנגעצונדענע ליכט און אַ פאַרהאָנגענעם שפּיגל. פון צווייטן שטיבל האָבן זיך געטראָגן פאַרשטיקטע געוויינען פון רבינס ווייַב און טאָכטער. אַרום האַלבן טאָג איז פאַר דער טיר פון הייַזל פאַרפאָרן די עגלה און די חברה־קדישא לייַט האָבן אַוועקגעפירט די מיטה אין פּאָליש פון גרויסן בית־מדרש, וואָס איז געווען איבערפולט מיט ייִדן. בעת דעם הספד, וואָס עס האָט געהאַלטן דער אַלטער שטאָט־רב, האָט געהערשט אין שול אַן אייַנגעהאַלטענע שטילקייט, וואָס איז פון צייַט צו צייַט איבערגעריסן געוואָרן פון געוויינען און שלוכצן, וואָס האָבן זיך דערטראָגן פון די פענצטערלעך פון דער עזרת־נשים, אויפן אייבערשטן שטאָק פון בית־מדרש. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די לוויה און אומעטום ווו זי איז פאַרבייַגעגאַנגען האָבן זיך געשלאָסן געוועלבער און קראָמען און נאָך ייִדן זייַנען אַרויס באַגלייטן דעם באַרימטן מלמד אין זייַן לעצטן וועג. נחום מיט נאָך חדר־ייִנגלעך זייַנען נאָכגעגאַנגען דער מיטה אַ לאַנג שטיקל וועג, ביזן סוף פון דער קאַרטשעווער גאַס, ווו ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די הינטערשטאָטישע פעלדער. דאָ האָבן זיך די מערסטע מלווים גענומען פונאַנדערגיין און זיך געוואַשן די הענט אונטער אַ פּלומפּ אין אַ דערבייַיִקן הייפל, ווי עס פירט זיך נאָך אַ לוויה.

אין אַ פּאָר טעג נאָך יאַנקל מינסקערס פּטירה האָט משה־אברהם אַוועקגעפירט נחומען צו אַ נייַעם מלמד — דעם באַראַנאָווער, וואָס האָט געהאַט אַ שם פון אַ כּעסן און לא־יוצלח. די חדר־ייִנגלעך, וואָס האָבן נישט איין מאָל פאַרזוכט אויף זייער הויט דעם טעם פון רבינס רימען, האָבן וועגן אים געזונגען אין גראַמען:

עלינו לשבח, —
דער באַראַנאָווער ז׳אַ רוצח,
ער שלאָגט די קינדער
מיטן גאַנצן כּוח.

געווען איז ער, דער רבי, אַ הויכער ייִד מיט אַ געדיכט־פאַרוואָקסן פּנים, פון וועלכן ס׳האָט זיך קוים אַרויסגעזען זײַן רויטע נאָז און איבער איר — צוויי מיט ברעמען פאַרוואַקסענע אויגן.

דער באַראַנאָווער האָט מסתמא געמוזט אָנקומען צום מלמדות, ווײַל ער האָט קיין אַנדערע פּרנסה נישט געהאַט; ער האָט פײַנט געהאַט די מלאכה און די קינדער האָבן אים אָפּגעצאָלט מיטן זעלבן. צווישן רבין און די תלמידים איז אָנגעגאַנגען אַ כּסדרדיקע מלחמה, אין וועלכער איין צד האָט דעם אַנדערן נישט געקאָנט בײַקומען. דעם רבינס כּלי־זיין איז געווען אַ שוואַרצער, פאַרדאַרטער רימען, מיט וועלכן ער פלעגט דערלאַנגען די ייִנגלעך, אָפּט מאָל אויפן אָפּגע־דעקטן געזעס. די קינדער, מערסטנס זינדלעך פון שוחטים און קצבים, זײַנען געווען געזונטע שטיפער, וואָס האָבן הנאה געהאַט פון דער שפּיל, נישט קוקנדיק אויף די שמיץ, וואָס טייל פון זיי פלעגן אַרײַנ־כאַפּן. זייער גאַנצן קאָפּ האָבן זיי אָפּגעגעבן אויף אויסצוטראַכטן ווי אַזוי אָפּצוטון דעם רבין און אים דערצערנען. צווישן די שפּיצלעך און תחבולות זײַנען געווען: אַוועקגנבענען און באַהאַלטן דעם רבינס רימען, ווען ער פלעגט צו מאָל כאַפּן אַ דרימל; אַראָפּלאָזן אומיסטן אַ סידור אָדער חומש אין מיטן לערנען און דערנאָך אים אויפהייבן און פיל מאָל קושן, אַזוי אַז אַלע זאָלן לאַכן, אָדער גאָר אָנשיטן זאַמד אין די קעשענעס פון רבינס קאַפּאָטע, און נאָך אַזעלכענע שמד־שטיק.

נישט איין מאָל פלעגט דער באַראַנאָווער בלײַבן שטיין אין מיטן חדר, פאַרגלאָצן די אויגן אַרויף צו, צום הילצערנעם באַלקן, און אויסרופן אַ פאַריאושטער:

,,רבונו של עולם! כ׳קאָן מער שוין נישט אויסהאַלטן!״

באַלד אָבער איז זײַן הילפלאָזיקייט אַריבער אין אַ ווילדן כּעס; ער האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט און אַרויסגעסיקעט:

,,ממזרים! כ׳וועל אײַך צערײַסן אויף שטיקער!״

ווי אַ צערייצטע חיה האָט ער זיך גענומען יאָגן נאָך די ייִנגלעך, וואָס זײַנען זיך צעלאָפן אין אַלע זײַטן, געשפּרונגען איבער די בענק, זיך באַהאַלטן אונטערן טיש און פון דאָרטן אָפּערגעשריגן: ,,נישט יעך, רבי! נישט יעך!״ באַלד האָט דער באַראַנאָווער אָנגעכאַפּט אַזאַ

איינעם, אים צוגעשלעפּט צו דער שטול אויבן אָן טיש, פאַרוואָרפן אים אויף די קני און זיך גענומען שמײַסן אין ייִנגלס געזעס, ביז זײַן האַרץ האָט זיך אָפּגעקילט און דער כּעס איז אים פאָריבער.

פון אָנהייב איז נחומען אויסגעקומען פרעמד דאָס אויפפירן זיך פון די ייִנגלעך, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מורא פאַרן רבין און נישט אָפּגעגעבן קיין כּבוד דער תּורה. ער איז געזעסן שטיל און פּרובירט זיך אויפפירן אַנדערש ווי די איבעריקע תּלמידים. ביסלעכווייז אָבער האָבן זיי אויך נחומען אַרײַנגעצויגן אין די שפּילערײַען און ער האָט גענומען מיטמאַכן און אַפילו הנאה האָבן פון זייערע המצאות און קונדייסישע שטיק.

דעם באַראַנאָווערס חדר איז געווען אין אַ גרויסער טונקעלער שטוב אויפן צווייטן גאָרן פון אַן אַלטער הילצערנער געבײַדע אין אָטוואָצקער רבינס הויף. די ווענט פון חדר זײַנען געווען אויס־געווײַסט, ווי אין אַ פּויערישער כאַטע, און דער באַלקן איז געווען פאַרצויגן מיט שווערע הילצערנע בעלקעס, וואָס האָבן צוגעגעבן אַ מראה פון אַלטקייט צום אָפּגעלאָזענעם און פאַרשטויבטן חדר. אין הויז זײַנען אַרומגעגאַנגען שטיל און אײַנגעהאַלטן דעם רבינס ווײַב, אַ הויכע ייִדענע מיט אַ שוואַרצער קופּקע אויפן קאָפּ און איר טאָכטער — אַ פאַרזעסענע, האָרבאַטע מיידל. ביידע האָבן זיך געהאַלטן פון דער זײַט און נישט געוואַגט זיך אַרײַנצומישן אין דער מלחמה פון רבין מיט די קינדער.

פון צײַט צו צײַט פלעגט דער באַראַנאָווער אַראָפּגיין אין אָטוואָצקערס רבינס בית־מדרש און דעמאָלט אַרויסלאָזן די ייִנגלעך פרײַ אין הויף זיך שפּילן און אַרומלויפן איבערן גרויסן גראָזיקן שטח. אין מיטן הויף האָט זיך געצויגן אַ קייט פון אַלטע, הילצערנע געבײַדעס, אַרײַנגעבויטע איינע אין דער אַנדערער, ווי אַ פאַר־צײַטישער שלאָס. אין רעכטן פליגל פון די בנינים איז געווען דעם אָטוואָצקער רבינס בית־מדרש און נאָך אים, אויף לינקס — דאָס וווינאָרט פון רבין מיט זײַן בני־בית. ווײַטער צו, אין לינקן פליגל פון דער געבײַדע, האָבן געוווינט דעם רבינס מקורבים און סתם אָרעמע־לײַט, בני־תּורה, וואָס האָבן, מערסטן טייל, קיין דירה־געלט נישט געצאָלט. הינטער דעם רבינס דירה איז געווען אַן אַרומגעצוימטע ווילע, ווו דער רבי מיט זײַנע נאָענטע פלעגן זומערצײַט שפּאַצירן אָדער עוסק זײַן אין לערנען אונטערן פרײַען הימל. בלויז אין שבתים און יום־טובים איז דעם רבינס בית־מדרש פול געוואָרן מיט מתפּללים

און אין דעם וועלדל הינטערן רבינס הויז האָבן נאָכן דאַוונען שפּאַצירט אַהין־אַהער חסידים און יונגע־לײַט אין זײַדענע קאַפּאָטעס און מיט שטרײַמלעך אויף די קעפּ.

בלויז אין די אַכט טעג פֿון חנוכה איז דעם אָטוואָצקער רבינס בית־מדרש באַלעבט געוואָרן אויך אין דער וואָכן. יעדן פֿאַרנאַכט, פֿאַרן אָנצינדן דעם חנוכה־לאָמפּ, האָבן זיך דאָ פֿאַרזאַמלט תּלמידים פֿון די אַרומיקע חדרים און פֿון דער קהלשער תּלמוד־תּורה, וואָס האָט זיך געפֿונען בלויז מיט איין הויף אַרויף צו. די קינדער זײַנען געשטאַנען צונויפֿגעדרענגט אויף די דעמבענע טישן און געוואַרט מיט אומגעדולד אויפֿן שמש, ער זאָל זיך לאָזן גיין צו דער גרויסער, מעשענער מנורה, וואָס איז געהאָנגען אויפֿן וואַנט, אויף רעכטס פֿון אָרון־קודש. דערווײַל האָבן די ייִנגלעך זיך געשטויסן און געשטופּט, אַראָפּגעשפּרונגען און צוריק אַרויף אויף די בענק און טישן, ביז ס׳האָט זיך באַוויזן דער שמש מיט די ליכט אין די הענט. אַ פֿריידיקער ציטער איז דעמאָלט אַדורך איבער דער קינדער־מחנה און זיי האָבן זיך אַלע מיט אַ מאָל צעלאָזן אויפֿן קול:

,,ער גייט! ער גייט! ער גייט!״

דער שמש האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע, כּדי צו רעכט מאַכן די ליכטלעך און אָנגרייטן די שוועבעלעך, און דאָס קליינוואַרג האָבן גענומען שרײַען נאָך פֿריילעכער און העכער:

,,ער לאַדעוועט! ער לאַדעוועט! ער לאַדעוועט!״

דער שמש איז נישט נתפּעל געוואָרן פֿון דעם געליאַרעם און זיך ווײַטער געגאַנגען מיט געלאַסענע טריט ביז צו דער וואַנט, וווּ דער חנוכה־לאָמפּ איז געהאָנגען. דאָ איז ער אַרויף אויף אַ באַנק און זיך גענומען אַרײַנשטעלן און אָנצינדן די ליכטלעך. דעמאָלט האָבן די קינדער שוין לגמרי זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן, געטופּעט מיט די פֿיס און געשריגן אויף קולי־קולות:

,,ער צינדט! ער צינדט! ער צינדט!״

צעיאַכמערטע און פֿאַרשוויצטע זײַנען זיי אַראָפּ פֿון די טישן און בענק און זיך גענומען אײַלן אין זייערע היימען צו די אָנגע־ברייטע טעלער מיט פֿרישע לאַטקעס און די פֿריילעכע חנוכה־שפּילערײַען אין דריידל און קאָרטן.

נאָך פֿריילעכער איז געווען דער יום־טוב פּורים. דעמאָלט איז פֿון די שטעטלדיקע גאַסן פֿאַרשוווּנדן די ווינטערדיקע פֿאַרזאָרגט־קייט און מרה־שחורה און אַלע — גרויס און קליין — האָבן זיך גענומען גרייטן צום לוסטיקן יום־טוב. חדר־ייִנגלעך האָבן גענומען

צוגרייטן די מאַסקעס, גראַגערס און המן־קלאַפּערס; באַלעבאָסטעס האָבן געבאַקן המן־טאַשן און געגרייט די שלח־מנותן, און די ביקור־חולים חברותא איז געוואָרן פאַרנומען מיט די הכנות צום יערלעכן פּורים־מאַסקעראַד, וואָס איז געווען דער מקור פון הכנסה פון דער וואָילטעטיקער חברה. פּורים בײַ נאַכט זײַנען אַלע שילן און שטיבלעך אין שטעטל געווען פול מיט מענער, פרויען און קינדער, וואָס זײַנען געקומען צום מגילה־לייענען, צו פאַרהילכן מיט גראַגעריי און קלאַפּעריי דעם פאַרשאָלטענעם נאָמען פון צורר־היהודים. און איבער די גאַסן און געסלעך האָבן זיך געאײַלט די שלח־מנות טרעגער מיט פלעשער ווײַן און איבערגעדעקטע טעלער מיט זיסוואַרג און פרוכטן. פון שטוב צו שטוב זײַנען געגאַנגען גרופּעס פאַרשטעלטע קינדער, אָנגעטון אין כלעריי מאַסקעס, פאַפּירענע קרוינען און מיצלעך, מיט הילצערנע שווערדן אין די הענט, און האָבן אויסגעזונגען פריילעכע פּורים־לידלעך, פאַר וועלכע זיי זײַנען באַלוינט געוואָרן מיט אַלערליי זיסוואַרג און מטבעות. דער אמתער יום־טוב האָט זיך אָנגעהויבן ערשט צו מאָרגנס, ווען די ביקור־חולים לײַט האָבן זיך פאַרשטעלטערהייט אַרויסגעלאָזן איבער דער שטאָט זאַמלען געלט פאַר דער חברה, וואָס האָט באַזאָרגט נויטבאַדערפטיקע קראַנקע ייִדן מיט אומזיסטע דאָקטוירים און רפואות.

זינט משה־אברהם האָט זיך באַזעצט אין אָטוואָצק, האָט ער יעדן שבת אין דער פרי געדאַוונט אין ביקור־חולים מנין און פּורים זיך פאַרשטעלט מיט אַלע פון דער חברה. פרײַ פון חדר, איז נחום באַלד אין דער פרי אַוועק זען ווי דער טאַטע, צוזאַמען מיט אַנדערע ביקור־חולים ייִדן, פאַרשטעלן זיך. די ביקור־חולים חברה האָט פאַרנומען צוויי גערױמע חדרים מיט אַן אָפענער וועראַנדע אין אַן אָפּגעלאָזענער גרויסער ווילע אַרויף צו שווידערסקע גאַס, אַקעגן איבער דעם אָטוואָצקער רבינס הויף. אין דער אָ ווילע האָבן זיך געפונען עטלעכע קהלשע הײַזער: די שטאָטישע תלמוד־תורה, דאָס גערער שטיבל און דער ביקור־חולים.

ווען נחום איז אָנגעקומען, האָט דער עולם שוין געהאַט אָפּגעדאַוונט, איבערגעכאַפּט שטייענדיק אַ לחיים מיט פאַרבײַסעכץ און זיך געהאַלטן אין מיטן איבערטון. אויפן דיל פון צווייטן חדר זײַנען געלעגן עטלעכע שטויסן מיט אַלטע טעאַטער־קאָסטיומען — קאָלירטע הויזן מיט רויטע לאַמפּאַסן, אָפיצירישע רעקלעך מיט שליפעס און עפּאָלעטן און כלעריי מאַסקעס און היטלען. אויף אַ טיש דערנעבן זײַנען געלעגן אַ צאָל שפּיל־אינסטרומענטן — האַר־

מאָניעס און טרומייטן, פּײַקלעך און פײַפלעך, וואָס די חברה האָט אויסגעבאָרגט מיט די קאָסטיומען פון אַ טעאַטער אין וואַרשע. מיטליעריקע און עלטערע ייִדן האָבן אַרויפגעצויגן די קאָלירטע הויזן און רעקלעך, אָנגעמאָסטן די מאַסקעס און היטלען און פאָרמירט זיך אין גרופּעס, יעדע מיט איר פּלאַן וואָסערע גאַסן און געגענטן פון דער שטאָט צו דעקן. יעדע גרופּע האָט זיך געמיט צו האָבן איר אייגענעם האַרמאָניע־ אָדער פידל־שפּילער, אַ צוויי פּײַקלעך און אַ קאַסירער מיט אַ קבלה־ביכל צו פאַרשרייבן דעם בײַשטײַער פון די מנדבים.

אין דרויסן, פאַר דער וועראַנדע פון ביקור־חולים, איז שוין געווען פאַרזאַמלט אַ היפּשער עולם דערוואַקסענע און קינדער, וואָס זײַנען געקומען הנאה האָבן פונעם ספּעקטאַקל. דער הויפּטהעלד פון די פאַרשטעלטע, אויף וועלכן אַלע האָבן אויסגעקוקט, איז געווען יונהלע שאַרפהאַרץ, וואָס האָט געהאַט אַ מילך־האַנדל מיט עטלעכע פערד פונאַנדערצופירן די קאַנען מילך איבער דער שטאָט. צו דעם פּורים־מאַרש איז ער געקומען צו רײַטן אויף איינעם פון זײַנע פערד, אָנגעטון אין אַ גענעראַלסקן מונדיר מיט גאָלדענע שליפעס און טראָלדן. ווי נאָר יונהלע איז אָנגעריטן, האָבן זיך אַרום אים פאַרזאַמלט די פּני פון דער חברה, אַלע אין קאָלירפולע מונדירן און מאַסקעס, און זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזן צו די רײַכע ווילייעס און פּענסיאָנאַטן אויף דער צווייטער זײַט שטאָט. נאָך זיי זײַנען אַוועק די אַנדערע פּאַרטיעס, יעדע צו אירע באַשטימטע גאַסן און ערטער. אויפן וועג, איבער די בלאָטיקע גאַסן פון שטעטל, האָבן זיי אונטער־געשפּילט, געפּײַקלט אין די פּויקן און דאָ אָדער דאָרט זיך אָפּגעשטעלט בײַ די קראָמען פון מער פאַרמעגלעכע סוחרים אײַנ־צומאָנען דאָס יערלעכע פּורים־געלט. אין טייל ערטער האָט מען זיי מהנה געווען מיט לעקעך און בראָנפן און די פאַרשטעלטע האָבן זיך געלאָזט ווױלגיין אין אַ ריקודל און זיך געווונטשן מיט די באַלעבאַטים, מען זאָל דערלעבן איבער אַ יאָר און זיך ווידער משׂמח זײַן.

אינעווייניק, אין הויז פון דער חברה, האָט נחום געוואַרט געדולדיק ביז דער טאַטע וועט זיך פאַרשטעלן. אָבער משה־אברהם האָט זיך נישט געאײַלט, צוגעלאָזן אַנדערע זיך אויסקלויבן די שענערע בגדים און זיך אָנגעטון אין דעם וואָס איז פאַרבליבן. אַ שטיקל וועגס האָט נחום באַגלייט דעם טאַטן מיט זײַנע חברים ביז משה־אברהם האָט אים געהייסן זיך אומקערן אַהיים. אויפן וועג האָט נחום זיך אָנגעטראָפן מיט נאָך אַנדערע גרופּעס פּורים־שפּילער און

פאַרשטעלטע, קינדער און דערוואַקסענע, וואָס אַ טייל פון זיי זײַנען אים געווען באַקאַנט פון חדר און פון גאַס. אַהיימגעקומען איז ער אַ צוגעקעלטערטער און פאַרסאָפּעטער, מיט נאַסע שטיוועלעך און זאָקן, וואָס די מאַמע האָט אים געמאַכט גלײַך אויסטון. באַלד האָט אויך משה־אברהם זיך אומגעקערט און די גאַנצע משפּחה האָבן זיך געזעצט צו דער פּורים־סעודה.

נאָך דער גרויסער פּורים־אויפרודערונג איז די ייִדישע געגנט ווידער אַרײַנגעפאַלן אין דער געוויינטלעכער ווינטער־לעטאַרגיע. אָבער נישט אויף לאַנג, ווײַל נישט ווײַט איז שוין געווען צו פּסח, דער יום־טוב פון פרילינג און ווידער־באַנײַונג.

* * *

# דער רעסטאָראַן

שוין אַ לענגערע צײַט ווי משה־אברהם איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרחושכטער און פאַרזאָרגטער: אַרבעט אין וואַרשטאַט איז געווען ווייניק און די געזעלן דעם לוין האָט מען געדאַרפט אויסצאָלן. דערצו זײַנען כּסדר אָנגעקומען וועקסלען צום דיסקאָנטירן — און די שוסטערס האָבן אויפגעהערט צו צאָלן, אָנגעזוצט איינער נאָכן אַנדערן. אַ באַומרויִקטער איז משה־אברהם אַרויס פון וואַרשטאַט, צו קריגן ערגעץ אַ גמילות־חסדל און דערווײַל פאַרשטופּן די לעכער. צוריק אין וואַרשטאַט האָט ער זיך אַוועקגעזעצט חשבונען אויף אַ בויגן פּאַפּיר און געברומט אין זיך אַרײַן: „ביטערע צײַטן. . . אַ קריזיס. . .״

צו נחומען און צו די אַנדערע קינדער האָט ער קיין געדולד נישט געהאַט און מיטן ווײַב האָט ער זיך געהאַלטן אין איין ווערטלען און קריגן.

„כ׳האָב דיר געזאָגט! כ׳האָב דיך געוואָרנט!״ האָט איטע אין אים אַרײַנגעטענהט. „האָסט מיך נישט געוואָלט האָרכן! אָנגעבאָרגט די שוסטערס, די גנבים, אַרײַנגעפּאַקט אין זיי אַלץ, קרענקען זאָלן זיי!״

„לאָז אָפּ, יידענע!״ האָט זיך משה־אברהם בײַ איר געבעטן און אין זײַנע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן פלעמלעך פון כּעס. איטע האָט נישט אָפּגעלאָזן און זיך צעשריגן מיט אַ קול אָנגעקוואָלן מיט געוויין:

„אַזאַ ווייכעמירל! אַ שיינער ייִד נאָר פאַר יענעם, נישט פאַר אייגענע ווײַב און קינדער!״

משה־אברהם איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט ווי אַן אָפּגעבריטער.

,,שטיל זאָל זײַן!'' האָט ער אויסגעשריגן און אַראָפּגעלאָזט מיט רוגזה די פּויסט אויפֿן שנײַדברעט.

,,כ'וועל נישט זײַן שטיל!'' האָט אים איטע אָקעגנגערעדט. ,,כ'וועל שרײַען אין די גאַסן! אַקעגן מיר איז ער אַ גיבור, נישט קעגן די שוסטערס.''

אַ באַלײדיקטער און צעררײצטער, האָט זיך משה־אברהם אויפֿגעריסן פֿון אָרט, צוגעפֿאַלן צום ווײַב און גענומען איר דערלאַנגען איבערן קאָפּ מיט אַ שטיוול־כאַליעווע. דערזען אַז דער טאַטע שלאָגט די מאַמע, האָבן די קינדער גענומען יאָמערן און שײנדל איז צוגעלאָפֿן צו משה־אברהמען, אים געשלעפּט בײַ דער האַנט און זיך געבעטן:

,,טאַטעשי, שלאָג נישט!''

משה־אברהם האָט אָפּגעלאָזט דאָס ווײַב און איז אַרויס פֿון הויז, פֿאַרקלאַפּנדיק הינטער זיך די טיר.

אַ פּאָר טעג נאָך דעם איז משה־אברהם אַרומגעגאַנגען אַ שווײַגנדיקער. אויך איטע און די קינדער האָבן זיך געשאַרט דער־שראָקענע און פֿאַרשטילטע, און אין הויז איז געהאָנגען אַן אומהיימלעכער אומעט. מיט אַ מאָל, נאָך אַזוי פֿיל יאָרן, איז דער שטעפּער־וואַרשטאַט געוואָרן ליידיק און פֿאַרשטומט. די געזעלן האָט משה־אברהם אַהיימגעשיקט, די מאַשינען — איבערגעדעקט, און אַלע שכנים האָבן שוין געוווּסט, אַז ער גייט שליסן דעם וואַרשטאַט און עפֿענען אויף זײַן אָרט אַ רעסטאָראַן. די שטאָט צעוואַקסט זיך, זומערצײַט פֿאָרן זיך אָן מענטשן פֿון אומעטום און אַלע שענקען און רעסטאָראַנען לייזן און האָבן פּרנסה — האָט משה־אברהם געטראַכט. און אַזוי, נאָך אַ יִישוב־הדעת, האָט ער אָפּגעמאַכט צו פּרובירן ס'מזל און ווערן אַ רעסטאָראַטאָר.

אין גיכן האָבן זיך באַוויזן סטאָליאַרעס און גענומען איבערמאַכן דאָס שטעפּער־געוועלב אין אַ רעסטאָראַן. זיי האָבן אַראָפּגעריסן די פּאָליצעס פֿון די ווענט, איבערגעאַרבעט דעם בופֿעט און דאָס שויפֿענצטער און אַרײַנגעשטעלט טישלעך מיט שטולן. אין דער הינטערשטוב האָבן איטע מיט שײנדלען פֿאַרבונדן דאָס בעטגעוואַנט און דאָס אָנטועכץ אין קאָלדרעס און לײַלעכער און משה־אברהם האָט צענומען די שאַנק און דערנאָך געלאָדן די שטוב־חפֿצים און די קעפּלעך פֿון די ניימאַשינען אויף אַ פֿור. אויך די שטוב האָט געדאַרפֿט ווערן אַ טייל פֿון רעסטאָראַן; פֿאַר זיך און די בני־בית

האָט משה־אבֿרהם געדונגען אַ צימער אויף דער דערבײַיִקער גאַס, בײַ שיעלע קלאַפּעצקי אין הויז.

שיעלע, דער פּאַטריאַרך פֿון אַ גרויסער שוסטער־משפּחה, האָט געוווינט מיט זײַן ווײַב, ברכה, אויף קופּיעצקע גאַס אין צוויי געראַמע חדרים. אין דער ערשטער שטוב, צו דער גאַס אַרויס, האָט שיעלע געהאַט זײַן ווערקשטעל, בײַ וועלכן ער איז געזעסן און געזווילט שיך און קאַמאַשן, אונטערזינגענדיק דערבײַ אַ פֿרום ניגונדל. געווען איז ער אַן אײַנגעדאַרט ייִדל, מיט אַ ווײַס אויסגעקראָכן בערדל, תמיד פֿריילעך און רירעוודיק ווי אַ יונגערמאַן. די קינדער שוין אויסגעגעבן און דערלעבט צו מער ווי אַ טוץ אייניקלעך, איז שיעלע געבליבן אין הויז אַליין מיטן ווײַב און געזאָרגט זיך אַצינד מער וועגן עולם־הבא ווי וועגן חיי־שעה. אָפּגעאַרבעט אַ פּאָר שעה, פֿלעגט זיך שיעלע אַרויסלאָזן אין גאַס אַ שמועס טון מיט ייִדן, אָדער זיך אַרײַנכאַפּן אין בית־מדרש און זיך צוהערן צו אַ שיעור אין לערנען. אויסער דעם האָט ער זיך מתעסק געווען אין דער חבֿרה „תומכי עניים", וואָס העלפֿן אָרעמע־לײַט מיט מתן בסתר. יעדן שבת נאָכן דאַוונען פֿלעגט ער זיך אַרויסלאָזן, מיט נאָך איינעם פֿון דער חבֿרה, מיט אַ גרויסן שטרויע־נעם קויש, איבער די הייף פֿון ייִדישן קוואַרטאַל.

„ייִדן, וואַרפֿט אַראָפּ פֿאַר אָרעמע־לײַט אויף שבת!" האָבן איינער נאָכן אַנדערן געגרופֿן. באַלעבאָסטעס פֿלעגן דעמאָלט אַרויס־ברענגען אַליין, אָדער אַרויסשיקן די קינדער, מיט שטיקער חלה און קוכן, האַרטע אייער אָדער אַ פּאָרציע פֿיש. דער קויש איז געוואָרן פֿולער און שווערער, אָבער שיעלע מיט זײַן אַרויסהעלפֿער זײַנען נישט מיד געוואָרן און ווייטער געטון זייער אַרבעט בשלמות.

מיטן פֿאַרטיילן דאָס עסנוואַרג האָט זיך פֿאַרנומען שיעלעס ווײַב, ברכה די גבאיטע, די מאַמע פֿון די אָרעמע און עלנטע אין שטעטל. פֿאַרהילט אין אַ טונקעלן טוך איבערן קאָפּ, האָט זי זיך געאײַלט מיט דריבנע טריטלעך איבער די גאַסן. אַ גאַנצן טאָג איז ברכה געווען פֿאַרנומען מיט די נויט־באַדערפֿטיקע: דאָ איז אַ ווײַבל געלעגן געוואָרן און נישט געהאַט ווער ס'זאָל איר אַ ביסל וואַרעמס דערלאַנגען; דאָרט ווידער האָט מען געדאַרפֿט חתונה מאַכן אַ דינסט־מיידל אַ יתומה, וואָס האָט נישט געהאַט קיינעמען. פֿאַרנאַכט צו פֿלעגט זי אַהיימקומען, צושטעלן דאָס טעפּל וואַרעמס פֿאַר זיך מיטן אַלטן, דערנאָך לייענען בײַם נאַפֿטלאָמפּ פֿון דיקן קרבן־מנחה סידור ביז ס'איז געקומען די צײַט פֿון שלאָפֿן גיין. כּדי ס'זאָל זיי זײַן היימלעכער, האָבן שיעלע און ברכה אַריבערגענומען די אײַזערנע

בעטלעך אין דער פאָדערשטוב; די הינטערשטוב איז געבליבן אַ צייַט ליידיק און אַהין האָט זיך משה־אברהם מיט זייַנע בני־בית אַרייַנגעקליבן.

די נייַע שטוב איז געווען אַ גערוימע אָבער אומהיימלעך־טונקעלע; איר איינציק פענצטער איז אַרויס אין אַן אָפּגעצוימט עיפּושדיק הייפל מיט צעפוילטע, הילצערנע שטיגן, וואָס האָבן געפירט צו דער דירה אויפן אייבערשטן שטאָק. דאָרטן האָט געוווינט די משפחה פון מאירל, שיעלעס איידעם, אַן אויסגעבלייַכטער טאַנדעטניק, וואָס איז געזעסן יום־ולילה אַ צוגעשמידטער צום בענקעלע און געניצעוועט שיך און שטיוול, וואָס ער האָט פאַרקויפט פרייַטיק אויפן מאַרק.

אויף גיך האָט משה־אברהם אויפגעשטעלט אין דער נייַער דירה די מלבושים־שאַנק, אַרייַנגעפּאַסט די בעטן מיטן ביסל ווירטשאַפט, פאַרשטופּט די צענומענע ניימאַשינען אין אַ ווינקל און אַוועק, צוזאַמען מיטן ווייַב, צוהיטן די פּרנסה אין פריש־אויסגעריכטן רעסטאָראַן. די קינדער האָט מען, בלית ברירה, געלאָזן אַליין. אין דער פרי, נאָכן אויפשטיין, האָבן זיי זיך געלאָזן אין רעסטאָראַן אַרייַן, ווו די מאַמע האָט צוגעגרייט פרישטיק און אָפּגעשיקט נחומען אין חדר אַרייַן און די מיידלעך אין שקאָלע.

אין רעסטאָראַן, לענג־אויס דער וואַנט, איז געשטאַנען דער באַגלאָזטער בופעט מיט פרישע געבעקסן און מאכלים פון איטעס קיך: פּולמיסלעך מיט הערינג, געווייקט אין בוימל און באַצירט מיט פּענעצלעך ציבל, האַרט־געקאָכטע אייער, אַ טאַץ מיט געבראָטענע לעבער באַלייגט מיט פאַרברוינטע ציבל, געבראָטן גענדזנס אָדער ברוסטפלייש און אַ שטויסל ווורשט און אויפשניט. פון דער שאַנק הינטערן בופעט האָבן אַרויסגעקוקט פלעשער ווייַן, ביר און לעמאָניאַדע און שאַכטלעך פּאַפּיראָסן. אויך אין שויפענצטער זייַנען געווען אויסגעשטעלט ליידיקע וויין־ און ביר־פלעשלעך, אייער־מצהלעך און קיכלעך. איבערן פענצטער און אויף די טירן זייַנען געווען אָנגעקלאַפּט בלעכענע שילדן און רעקלאַמעס מיט שוימיקע גלעזער געל־גאָלדן ביר.

אין רעסטאָראַן, האַרט בייַם בופעט, איז געשטאַנען די גלאַנציקע בירמאַשין מיט באַזונדערע קראַנען פאַרן שוואַרצן און ווייַסן ביר. די בירפעסלעך האָט משה־אברהם געברענגט צו שלעפּן פון בירסקלאַד נעבן מאַרק. אַ דריאַכמערטער, האָט ער זיך אַרייַנגעוויגט אין געוועלב מיטן פאַס אויף די פּלייצעס, געבליבן שטיין אַ ווייַלע

אָפּצוקאַפּן דעם אָטעם און געווישט דערבײַ דעם שווייס, וואָס איז אים גערונען איבערן פּנים. ער האָט אַ נעם געגעבן דאָס אײַזערנע געשטעל, וואָס צאַפּט אַרויס דאָס ביר, אַראָפּגעלאָזט עס מיטן גאַנצן כוח איבערן קאָרק פון פעסל, אַרונטערגעשלעפּט דעם פּאַס אונטער דער מאַשין און צוגעשרויפּט די רערלעך, וואָס פירן דאָס געטראַנק אַרויף צו די קראַנען. נאָך דעם האָט משה־אברהם אָנגעטון די ווײַסע, קעלנערישע מאַרינאַרקע און געלאָזט זיך איבערן געוועלב, אָדער אין דער אַנדערער שטוב, באַדינען די געסט. אין דעם האָט אים אַרויסגעהאָלפן די עלטערע טאָכטער, שיינדל. כאָטש זי האָט געהאַט נאָר איין יאָר צו ענדיקן די עלעמענטאַר־שולע, האָט מען איר, גלײַך נאָכן עפענען ס׳געשעפט, אַוועקגענומען און געשטעלט צו דער אַרבעט. ,,אַ מויד פון פערצן יאָר דאַרף צוהעלפן אין דער פּרנסה,״ האָבן טאַטע־מאַמע געפסקנט, ווען שיינדל האָט פּרובירט צו פּועלן מע זאָל איר לאָזן נאָך דאָס יאָר לערנען.

אָפּגעטיילט מיט אַ הילצערן ווענטל, אין ווינקל פון דער צווייטער שטוב, איז געווען די קיך, וווּ איטע איז געשטאַנען בײַם אָנגעהייצטן אויוון און געגרייט די מאכלים פאַר די געסט און פאַרן אייגענעם געזינדל. זומערצײַט זײַנען ביידע חדרים פון רעסטאָראַן געווען פול מיט אָרטיקע און אָנגעפאָרענע מענטשן. פון די שטעטלעך און דערפער פון לובלינער קאַנט פלעגן קומען סוחרים, וואָס האָבן צוגעשטעלט תבואה, אויפס, אייער און עופות פאַר די שטאָטישע פּענסיאָנאַטן און היילאַנשטאַלטן. די סחורות זײַנען אויסגעלאָדן געוואָרן אויף דער באַנראַמפּע דורך די טרעגערס און צעפירט געוואָרן דורך די בעל־עגלות איבער דער שטאָט. די טרעגערס און פורמאַנעס זײַנען געווען שטאַמיקע ייִדן מיט פאַרוואַקסענע בערד, אין פאַרשוויצטע וואַטענע בורקעס. די זין זייערע, וואָס האָבן אַרויסגעהאָלפן אין דער אַרבעט, זײַנען, ווי די טאַטעס, געווען פעסטע און ברייט־פּלייציקע, מיט געגאָלטע פּנימער און צעשויבערטע גריוועס. שפּילעוודיק פלעגן זיי פאַרוואַרפן איבער די פּלייצעס די שווערע זעק און משׂאות און דערבײַ אויפן קול זיך וויצלען און אַרײַנזאָגן זיך ביז צום עלטער־עלטער זיידן.

אַרום די סוחרים האָבן זיך געדרייט שטאָטישע מעקלערס און אויסקויפערס, וואָס האָבן געזוכט צו מאַכן אַ פּדיון פון די דאָרפסייִדן. נאָכן אויסלאָדן און צעפירן די סחורות, האָבן זיך אַלע — סוחרים, פורמאַנעס און טרעגערס, מעקלערס און סתם אונטערהעלפערס — געלאָזט אין די שענקן און רעסטאָראַנען, כּדי צו דערליידיקן, בײַ

גלעזער ביר און פאַרבײַסנס, די עסקים און חשבונות. די פורמאַנעס און טרעגערס האָבן געליאַרעמט, געשיט מיט ניבול־פּה און געקלאַפּט די סוחרים איבער די פּלייצעס, כּדי אַרויסצוקריגן נאָך אַ פּאָר זלאָטעס פאַר זייער האָרעוואַניע. די סוחרים, אײַנגעשפּאַרטע דאָרפסייִדן, האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרטומלען און געשוווירן בײַ ווײַב און קינדער, אַז זיי קענען מער נישט צאָלן, אַנישט וועלן זיי נאָך דאַרפן צולייגן צום עסק.

אָפּט מאָל פלעגן אויסברעכן צווישן זיי ביטערע סיכסוכים און געשלעגן. פון די שאַרפע געטראַנקען זײַנען די אויגן געוואָרן אָנגע־צונדן און די מײַלער פונאַנדערגעבונדן. אַ וואָרט צו אַ וואָרט, און הענט האָבן זיך גענומען הייבן, פויסטן בײַלן און לײַבער האָבן זיך פאַרקנוילט אין אַ בייזן געפעכט. אַ דערשראָקענע פלעגט איטע אַרויסלאָפן אויפן גאַס מיט פאַרבראָכענע הענט:

,,ווײ ז׳מיר! זיי וועלן זיך דערהרגענען! זיי וועלן איבערדרייען ס׳געוועלב! אַזאַ פינצטערע פּרנסה!״

געוויינטלעך, ווען ס׳האָט זיך געמאַכט אַזאַ סומאַטאָכע, האָבן זיך באַוויזן די ווילע־יונגען, וואָס פלעגן אויסגלייכן סיכסוכים און מאַכן שלום צווישן די ערגסטע שונאים. זייער הויפּט איז געווען דוווטשעלע לייב־איצלס, אַ יונג מיט אַ געשטופּלט פּנים, קורץ־געשוירענע בלאָנדע האָר און אַ פּאָר מוסקולירטע אָרעמס, וואָס זײַנען ווי באַשאַפן געוואָרן פאַר געשלעגן און שטרײַטן. וועגן דוווטשע־לעס העלדישקייטן און געוואַגטע מעשים האָט מען זיך דערציילט זייער אַ סך. נישט איין מאָל איז ער געווען אין אַ טויטגעפאַר, אָנטיילגענומען אין געשלעגן מיט מעסערס און אײַזערנע הענטשקעס, אפילו מיט אַ ,,שפּײַער״ געשאָסן — און דער טײַוול האָט אים נישט גענומען; ער איז אַרויס אַ גאַנצער, מיט בלויז אַ פּאָר שראַמען אויפן פּנים און קאַרק. פאַר דוווטשעלען האָבן מורא געהאַט אפילו די שטאַרקסטע פון די טרעגערס און קצבים־יונגען; ער איז געווען פלינק און געוואַגט ווי אַ טיגער, דערצו זאָרגלאָז־הפקר און גרייט אויף אַלעמען. צו דעם האָט ער נאָך געהאַט אַן ,,אײַזערנע וואַנט״ הינטער זיך — זײַן טאַטע, לייב־איצל דער פורמאַן מיט זײַנע דרײַ בנים: מאיר, דני און יואל. מאיר און דני זײַנען געווען פּריוווי־לעגירטע באַנטרעגערס, אין מונדירן מיט מעטאַלענע נומערן אויפן ברוסט, כּדי זיי אונטערצושיידן פון סתם טרעגער־יִינגלעך, וואָס דרייען זיך אַרום וואָקזאַל. יואל, לייב־איצלס יִינגסטער זון, האָט געפירט אַ דראָשקע. כאָטש ער איז געווען דער קלענסטער פון די

ברידער און אונטערגעלאָמט אויף אַ פּוס, האָט מען אים נישט געקאָנט אַוועקמאַכן, ווען עס איז געקומען צו דערלאַנגען קלעפּ און פּאַרטיידיקן דעם אייגענעם קלאַן. מענטשן פלעגן זאָגן, אַז דער קליינער יואל איז דער געפּערלעכסטער פון אַלע; אַ נס וואָס ר׳איז יונגערהייט אַ קאַליקע געוואָרן, אַנישט וואָלט ער, חלילה, איבערגעקערט די שטאָט.

ווען עס פלעגן אָנקומען די ווילע־יונגען, האָט זיך אָנגעהויבן אַ „דין־תורה״. דער „דיין״, איינער פון די שטאַרקע, איז געזעסן אויבן אָן, אויסגעהערט די צדדים און אַרויסגעגעבן אַ פּסק, וואָס אַלע האָבן געמוזט אויספאָלגן. דערוויַיל האָבן די צעקריגטע צוגע־שטעלט ביר און פאַרבייַסנס מיט אַ ברייטער האַנט און די חברה האָט זיך געלאָזט ווילגיין.

סוף־זומער, ווען די סוחרים זייַנען זיך צעפאָרן, זייַנען די עסקים אין רעסטאָראַן געוואָרן שוואַכער. כּדי אַרייַנצוציען קונים פאַרן ווינטער, פלעגט איטע צוגרייטן אַ ביליקן טעלער זופּ מיט פלייש פאַר די גאַסנמענטשן, וואָס זייַנען זיך מחיה מיט אַ היימיש ביסל עסן. מיטאָגצייַט פלעגט דער רעסטאָראַן ווידער פול ווערן מיט טרעגערס, צייַטונג־פאַרקויפער און סתם איינצלנע מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט זיך דערוואַרעמען בייַ אַ טעלער געקעכץ.

בייַ אַ באַזונדער טישל פלעגט זיצן דער „פּראָפעסאָר״, אַן עלטערער מאַן מיט אַן אָנצייניק מויל און אַ רונדיקן פּליך. ער איז געווען אַ פּריוואַטער לערער, געקאָנט אַ צאָל שפּראַכן און געלייענט פון די פּרעמדשפּראַכיקע ביכער אפילו בייַם עסן. טראָץ דער געלערנטקייט זייַנער, איז ער געווען אַ היפּשער אָרעמאַן און נישט איין מאָל האָט אים אויסגעפּעלט די זלאָטע פאַרן מאָלצייט. איטע האָט רחמנות געהאַט אויף אים, געגעבן אים אויף באָרג און אָפּט אַרייַנגעטון אין זיין טעלער קרופּניק נאָך אַ שטיקל פלייש.

„וואָס טויג אינס געלערנטקייט,״ האָט זי זיך אויסגעשמועסט מיט אים, „אַז קאַ פּינוסע איז פון דעם נישטאָ?״

„נאָר נישט קיין גראָבער לויטע, ווי דיזע,״ האָט דער „פּראָ־פעסאָר״ געשמייכלט טרויעריק, אָנווייַזנדיק מיטן בליק אויף די גאַסניונגען בייַ די אַנדערע טישלעך.

אַ צווייטער שטענדיקער אייַנגייער אין רעסטאָראַן איז געווען ראובן דער הויז־גנב. פון די יונגע יאָרן האָט ער זיך פאַרנומען מיט דער מלאכה, געשלעפּט בייַ וועמען ס׳האָט זיך געלאָזט, געקראָכן דורך די אָפענע פענצטער אין די ווילע־הייַזער און אַרויסגעטראָגן

צירונג און חפצים, וואָס ער האָט פאַרקויפט דערנאָך הינטערוויילעכץ פּאַר אַ שיבוש. פון צײַט צו צײַט איז ער אַרײַנגעפאַלן אין תפיסה און אָפּגעזעסן דאָרטן לאַנגע חדשים. אַרויסגעקומען איז ער אַן אָפּגעפאַלענער און פאַרשוואַרצטער און זיך אויף ס׳ניי גענומען צו זײַן מלאכה — ביז ער איז ווידער אַרײַן אין חד־גדיא.

אַרום רעסטאָראַן האָט זיך זומערצײַט געדרייט אַן אָפּגעשליסן ייִנגל, וואָס מען האָט אים גערופן דער „גילגול״. שעהען לאַנג פלעגט ער אָפּשטיין בײַ דער אָפענער טיר פון געוועלב און אויסקוקן מיט זשעדנע אויגן ביז עמעצער וועט אים דערלאַנגען עפּעס צו עסן. זײַן טאַטע־מאַמע, יאָשקע דער דראָשקע־אָנטרײַבער און די דינסטמויד לאה „קנאַק״, זײַנען זיך צעגאַנגען און צוגעוואָרפן דעם זון וועמען ס׳האָט זיך געלאָזן. אָפט מאָל, ווען יאָשקע פלעגט פאַרבײַפאָרן, פלעגט ער זיך אָפּשטעלן און דערלאַנגען דעם זון אַ בייגל מיט פּוטער אָדער עטלעכע גראָשן, ער זאָל זיך עפּעס קויפן. באַלד האָט זיך לאה באַוויזן אויפן גאַס און מאַן־און־ווײַב האָבן זיך גענומען זידלען אויפן קול, ביז יאָשקע האָט אַ שמיר געטון מיט דער בײַטש און זיך אָפּגעטראָגן.

„אַ גיטן טאָג דיר, שײַן פּנים מײַנס!״ האָט ער אויסגערופן פון דער ווײַטנס.

„ווער געבראַנדיקט, לאַכודרע!״ האָט אים לאה נאָכגעשריגן.

טייל מאָל פלעגט איטע אַרויסשיקן מיט נחומען אַ שיסעלע זופּ פאַרן הונגעריקן ייִנגל, אָדער עמעצער פון די טרעגערס און ווילדע־יונגען פלעגט אים אַרײַנרופן און געבן אָפּצועסן אויף זײַן חשבון. צום מיינסטן האָט זיך פאַרנומען מיטן „גילגול״ דער פּאָליאַק מאַלטשיק. כאָטש זײַן נאָמען איז געווען מאַלטשיק — דער קליינער — איז ער געווען אַ הויכער גוי, מיט געדרייטע וואָנצעס, ווי בײַ אַ פּריץ. מאַלטשיק איז געווען אָנגעלייענט אין דער ביבל און גערעדט מיט אָפּשײַ וועגן ייִדן, די בני־ברית, וואָס פון זיי איז אַרויסגעקומען גאָטס זון, דער משיח. אין זומער־פאַרנאַכטן, נאָך אַ טאָג אַרבעט בײַ זײַן בוי־אונטערנעמונג, האָט מאַלטשיק ליב געהאַט אָפּצוזיצן שעהען לאַנג אין רעסטאָראַן בײַ אַ קופּל ביר און שמועסן מיט וועמען ס׳האָט זיך געלאָזן. אויף דעם „גילגול״ האָט ער גרויס רחמנות געהאַט, געשיקט אים צום שערער זיך אָפּשערן די האָר־קאָלטענעס און אַרומוואַשן ס׳פּנים און געקויפט אים אַ זעמל מיט ווורשט און אַ קאַלטן טרונק פאַר אַ צולאָג.

נחום האָט ליב געהאַט צו זיצן אין רעסטאָראַן און זיך צוקוקן צו די חברה־לײַט, וואָס פאַרברענגען דאָרטן. ווי אַנדערש זײַנען זיי געווען פון די געבויגענע, פאַרזאָרגטע ייִדן אין שטעטל! תמיד פריילעך און שטיפעריש, ווי חדר־ייִנגלעך, און אַזעלכע שטאַרקע און דרייסטע, אָן מורא פאַר גויים אָדער מלכות. זיי לעבן זיך זאָרגלאָז, עסן און טרינקען ווען זיי האָבן, און העלפן אַרויס איינער דעם אַנדערן אין אַ נויט. און טאָמער פאַרטשעפּעט אַ גוי ערגעץ ווו אַ ייִדן, זײַנען זיי גרייט אין פײַער אַרײַן צו גיין, אָנצולערנען דעם „שאַלעף", ס׳זאָל זיך אים מער נישט פאַרגלוסטן דאָס צו טון.

פאַררוקט אין אַ ווינקל, האָט נחום זיך צוגעהערט צו זייערע מעשׂיות און באַרימערײַען וועגן געשלעגן און אַוואַנטורעס, אָדער וועגן דינסטמיידלעך און שיקסעס, וואָס זיי האָבן פאַרפירט. טייל האָבן געהאַט געליבטע, ווער אין דערבײַיִקן פאַלעניץ אָדער אין פּראַגע, בײַ וואַרשע. פרייטיק־שבת פלעגן זיי איבערלאָזן ווײַב און קינדער און זיך פאַרנעמען מיט דער באַן צו די „כּלות" און נאָך דעם זיך דערציילן וועגן זייערע אויפטוען און פאַרברענגעכצן מיט די ליובאָוויצעס.

מחמת דעם האָט זיך משה־אברהם באַמיט צו דערווײַטערן נחומען פון רעסטאָראַן מיט די ווילדע ברואים.

„דאָס ייִנגל ווערט אַ תּל," האָט ער זיך געקלאָגט פאַרן ווײַב, „ר׳וועט זיך אָפּלערנען געמיינע רייד און זאַכן. . ."

„גיי שוין, גיי," האָט אים איטע באַרויִקט, „נחומל האָט אַ ריינע נשמה. צון אים וועט זיך גאָרנישט צוקלעפּן."

* * *

# אויף הכשרה

אָפט מאָל, ווען ס'איז אים נמאס געוואָרן די האָרעוואַניע אינעם רעסטאָראַן, האָט משה־אברהם באַדויערט, וואָס ער האָט אויסגעביטן דעם שטעפּער־וואַרשטאַט אויף אַ בירשענק. אמת, פון רעסטאָראַן איז דאָ חיונה פאַרן ווײַב מיט די קינדער און פון זומער־סעזאָן גייט מען אַראָפּ מיט אַ פּאָר הונדערט אָפּגעשפּאָרטע זלאָטעס. דאָך איז אים די שענק נישט געוווען צום האַרצן: מען איז דאָ שטענדיק פאַרהאָרעוועט און פאַריאָגט, אפילו אום שבת אָדער יום־טוב. כאָטש משה־אברהם איז נישט געווען קיין צו אָפּגעהיטענער ייִד — געגאַנגען קורץ געקליידט און געגאָלט די באָרד — האָט אָבער דאָס מחלל־שבת זײַן אין דער רעסטאָראַציע, כאָטש פון הינטערווײלעכץ, בײַ פאַרמאַכטע טירן, אים וויי געטון.

שבת האָט משה־אברהם מיט דער משפחה געהאַלטן אין דער הינטערשטוב פון רעסטאָראַן. פרײַטיק פאַרנאַכט האָט איטע צונויפגערוקט אין מיטן שטוב צוויי טישלעך, אויסגעשפּרייט איבער זיי אַ שבתדיק טישטעך און זיך געשטעלט ליכט־בענטשן. אין גיכן איז משה־אברהם צוריקגעקומען פון דאַוונען און טאַטע־מאַמע מיט די קינדער האָבן זיך געזעצט צו דער פרײַטיק־צונאַכטיקער סעודה, מיט קידוש און זמירות, ווי סע פירט זיך בײַ לײַטן. ס'האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט ווי עס האָבן אָנגעהויבן קומען דורך דער הויפטיר די שבתדיקע קונדן פון רעסטאָראַן.

ספּעציעל זומערצײַט, ווען אַ גאַנצן טאָג איז הייס און פאַרנע, גלוסט זיך צו טרינקען נאָך דעם שבתדיקן מאָלצײַט אַ קאַלט גלאָז ביר און פאַרבייסן מיט אַ זאַלציק אייער־פּלעצל אָדער קיכל. אָפּזאָגן

און נישט אַרײַנלאָזן קיין קונים מחמת ס׳איז שבת, האָט משה־אברהם נישט געקאָנט, ווײַל די אַנדערע שענקער אין דער געגנט פאַרקויפן אויך הינטערווײַלעכץ אום שבת און ער קאָן, אַזוי אַרום, פאַרלירן די קליענטעלע. לכתחילה האָט משה־אברהם פּרובירט צו געבן אויף באָרג און פאַרבויגן סימנים־צעטעלעך אין אַ דיקן העפט, כּדי זיך שבת צו נאַכטס דערמאָנען ווער ס׳האָט גענומען אויף קרעדיט. אָבער ער האָט אײַנגעזען, אַז ער וועט אַזוי אַרום קיין טאָלק נישט דערגיין און ס׳איז נישטאָ קיין אַנדערע ברירה: מחלל־שבת זײַן אָדער ס׳געשעפט וועט אונטערגיין.

שבת בײַ טאָג, גלײַך נאָך דער צווייטער סעודה, האָט איטע אַראָפּגענומען די מעשענע לײַכטער און דאָס טישטעך, פונאַנדער־גערוקט די טישלעך, און די שטוב איז געוואָרן גרייט אויפצונעמען די קונים און געסט, וואָס זײַנען געקומען, טייל מיט זייערע ווײַבער און פרײַנדינעס, זיך צו דערפרישן מיט אַ קאַלטן טרונק. אויסגעפּוצטע אין העלע אָדער ווײַסע הויזן, אין קורצע פילקאָליריקע זומער־העמדלעך און מיט אָפּגעדעקטע, פאַרקעמטע קעפּ, האָבן די קונים — טרעגערס, פורמאַנעס, צייטונג־פאַרקויפער און אַנדערע גאַסנמענטשן — זיך היימישלעך באַזעצט אַרום די טישלעך, געטרונקען און געטומלט, ווי ס׳וואָלט גאָר קיין שבת אויף דער וועלט נישט געווען. משה־אברהם האָט זיי געפּרוווט אײַנשטילן, מחמת ער האָט זיך געשעמט פאַר די שכנים אין הויף, אָבער ווי אויף צו להכעיס, האָבן טייל פון זיי גענומען ליאַרעמען נאָך העכער.

,,ס׳איז שבת הײַנט, רב משה, דאַרף מען זײַן פריילעך און לוסטיק,״ האָבן אַנדערע זיך געוויצלט. משה־אברהם האָט פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן: ווײַזט אויס, אַזוי איז אים באַשערט און העלפן קאָן ער זיך נישט.

דאָס געלט בײַ די שבתדיקע קונים האָט, געוויינטלעך, אײַנקאַסירט שיינדל, וואָס האָט צוליב דעם געמוזט בלײַבן אין רעסטאָראַן דעם גאַנצן נאָכמיטאָג. אָנגעטון אין אַ ווײַסער, געהאָפטענער בלוזקע, די בלאָנדע האָר פאַרפלאָכטן אין צעפּ, האָט זי געאײַלט הין און צוריק, פון געוועלב אין דער הינטערשטוב, צו באַדינען די געסט. מיט יעדן איינעם האָט זי אויסגעטוישט אַ פרײַנדלעך וואָרט אָדער שמייכל, אָבער איר אַליין איז געווען טרויעריק אויפן האַרצן: אַנדערע מיידלעך אין איר עלטער גייען אַצינד, שבת נאָך מיטאָג, שפּאַצירן אין די שטאָטישע אַלייען אָדער

פאַרבערענגען מיט חברה אין די לאָקאַלן פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, און בלויז זי איז צוגעבונדן, שבת ווי אין דער וואָכן, אין דעם רעסטאָראַן, צווישן די פּראָסטע לײַט, וואָס פון זייערע גראָבע רייד און וויצן קומט איר אָפט מאָל דאָס בלוט אין פּנים אַרײַן.

שוין אַ לענגערע צײַט ווי שיינדל האָט אָנגעהויבן צו קומען אין דער פּועלי־ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „החלוץ״. אָפט מאָל אין אָוונט, ווען עס איז געווען שטילער אין רעסטאָראַן, איז זי אַריבערגעלאָפן אין „החלוץ״ לאָקאַל, וווּ ס׳איז געווען היימלעך און רויִשיק ווי אין אַ בינשטאָק. די ווענט דאָרטן זײַנען געווען באַהאָנגען מיט מאַפּעס פון ארץ־ישראל און מיט פּאָרטרעטן פון טעאָדאָר הערצל, א. ד. גאָרדאָן, חיים אָרלאָזאָראָוו און אַנדערע פירער פון אַרבעטער־ציוניזם. אין די עטלעכע צימערן פון לאָקאַל פלעגן כּסדר פאָרקומען זיצונגען און פאַרזאַמלונגען; מען האָט געלייענט און דיסקוטירט אַקטועלע פּראָבלעמען; מען האָט אָפּגעהאַלטן לעקציעס און ליטעראַריש־אַרטיסטישע אָוונטן. אין דרויסן, אויף דער אָפענער וועראַנדע, זײַנען געזעסן בחורים און מיידלעך און געשמועסט, געזונגען און געוויצלט זיך אין אַ געמיש פון ייִדיש און פּויליש.

פון דעם לאָקאַל פלעגט שיינדל אַהיימברענגען ביכלעך און בראָשורן וועגן אַרבעטער־ציוניזם און דעם אויפבויווערק אין פּאַלעסטינע, וואָס זי האָט געלייענט גיריק אין די פרײַע מינוטן. כאָטש אין חדר האָט מען לייענען ייִדיש נישט געלערנט, האָט נחום פון זיך אַליין גענומען לייענען פאַרשיידענע מעשׂה־ביכלעך וועגן צדיקים און בעלי־מופתים, און לעצטנס אַפילו גענומען אַרײַנקוקן אין דעם ייִדישן טאָגבלאַט, וואָס מע פלעגט קויפן פאַר די רעסטאָראַן־געסט. שיינדלס ביכלעך און בראָשורן האָבן נחומען פאַראינטריגירט און וואָס מער ער האָט זיך אַרײַנגעלייענט אין זיי, אַלץ מער איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער נײַער וועלט, וואָס האָט זיך פאַר אים געעפנט.

ארץ־ישׂראל איז נחומען, ווי יעדן חדר־ייִנגל, געווען באַקאַנט פון חומש, דער משנה און די אגדות פון תלמוד. ער האָט געוווּסט וועגן בית־אל, וווּ יעקב אָבינו האָט געזען אין חלום די מלאכים פון ארץ־ישׂראל און חוץ־לארץ אַראָפּשטײַגן און אַרויפשטײַגן אויפן הימלישן לייטער; אָדער באר־שבע, וווּ אברהם אָבינו האָט געגראָבן ברונעמער; וועגן חברון, וווּ די אָבות און אימהות זײַנען באַגראָבן געוואָרן. און פון די אגדתות אין דער גמרא האָט ער פאַרגעדענקט די סיפּורים וועגן טיטוס הרשע, וואָס האָט פאַרברענט דאָס בית־המקדש

און איז דערפֿאַר באַשטראָפֿט געוואָרן מיט אַ מוק, וואָס איז אַרײַן אין אים און געעקבערט זײַן מוח ביז ער איז געשטאָרבן. און אוודאי זײַנען אים באַקאַנט געווען די לעגענדעס און גלייבונגען וועגן משיח צדקנו, וואָס אַלע וואַרטן און האָפֿן אויף זײַן קומען.

אָבער דאָ, אין די ביכלעך, וואָס די שוועסטער האָט אַהיימגעבראַכט, האָט זיך גערעדט וועגן גאָר עפּעס אַנדערש: וועגן טויזנטער יונגעלייט און מיידלעך, וואָס פֿאַרלאָזן זייערע היימען און ציען קיין ארץ־ישׂראל, כּדי אויפֿצובויען דאָס לאַנד. דאָרטן אַקערן זיי און זייען, טרוקענען זומפּן און פֿלאַסטערן וועגן און בויען נײַע ייִדישע שטעט און דערפֿער. און ווען די אַראַבישע שכנים ווילן זיי מיט כּוח פֿאַרטרײַבן, פֿאַרמאָגן זיי ביקסן און אַנדערע כּלי־זיין און שלאָגן צוריק און ווילן בשום־אופֿן נישט אָפּטרעטן פֿון זייער דרך.

אָפּט מאָל, אין געמיטלעכע שעהען, פֿלעגט נחום צושטיין צו שיינדלען, זי זאָל אים דערציילן וועגן לעבן פֿון די חלוצים, די בויער פֿון נײַעם ארץ־ישׂראל. פֿון איר טאַקע האָט נחום אויסגעפֿונען וועגן דער הכשרה — ספּעציעלע ערטער אין פּוילן, וווּ די חלוצים נעמען זיך צונויף, כּדי צו לעבן און אַרבעטן בשותּפֿות אַ צאָל יאָרן ביז זיי קריגן די מעגלעכקייט אָפּצופֿאָרן קיין פּאַלעסטינע. דורך אָט דעם צוזאַמענלעבן און די שווערקייטן, וואָס מען דאַרף אַדורכמאַכן דורך די יאָרן, ווערט מען אַ נײַער מענטש — אַ חלוץ, אַזאַ וואָס גייט פֿאָרויס דער מחנה, כּדי צוצוגרייטן דאָס לאַנד פֿאַר די, וואָס וועלן קומען נאָך אים.

און דאָ האָט שיינדל גענומען רעדן שטילער און פֿאַרטרויט נחומען אַ סוד: אויך זי קלערט וועגן פֿאָרן אויף הכשרה, נאָר זי האָט מורא צו פֿרעגן דעם טאַטן דערוועגן. די מאַמע, ווייסט זי, וועט מאַכן אַ גוואַלד, אַז מען דאַרף זי נייטיק האָבן, זי זאָל אַרויסהעלפֿן אין דער רעסטאָראַציע און זיך פֿאַרנעמען מיט די קינדער. ווער ווייסט צי דער טאַטע וועט מסכּים זײַן זי זאָל פֿאַרלאָזן די שטוב און צי זי וועט קאָנען ווערן אַ חלוצה. דאָ איז שיינדל אַנטשוויגן געוואָרן און אירע אויגן זײַנען פֿײַכט געוואָרן מיט טרערן. מיט אַ פֿאַרבענקט קול האָט זי אָנגעהויבן זינגען אין דער שטיל:

די זון פֿאַרגייט אין פֿלאַמען,<br>
די זון, מען זעט זי קוים;<br>
אַזוי פֿאַרגייט מײַן האָפֿענונג,<br>
אַזוי פֿאַרגייט מײַן טרוים.

אומגעריכט ווי אַ דונער האָט אַ שלאָג געטון אין הויז די נײַעס, אַז שײנדל גייט אַוועקפאָרן אויף הכשרה. געשען איז עס אָנהייב זומער, ווען דער סעזאָן אין רעסטאָראַן האָט זיך נאָר וואָס געהאַט געשטעלט און מען האָט געדאַרפט איר נייטיק האָבן אין געשעפט. משה־אברהם איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרכמורעטער און זיך געשלאָגן מיט דער דעה, וואָס צו טון. דאָס מיידל איז נייטיק אין הויז עלעהיי די אייגענע האַנט, האָט ער געטראַכט. ווער, חוץ איר, וועט אַכט לייגן אויף די קינדער, אַרומוואַשן זיי און דערלאַנגען עפּעס צו עסן? דאָס ווײַב איז דאָך פאַרנומען פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט ביי דער קיך; אַרבעט, נעבעך, איבער די כוחות. אַ קלייניקייט: קאָכן, בראָטן און באַקן פאַר אַלע אײַנגייער פון רעסטאָראַן, אַחוץ דעם אייגענעם הויזגעזינד. אויך אין געשעפט דאַרף מען שיינדלען האָבן זי זאָל אַרויסהעלפן, רעדן מיט מענטשן, אין ייִדיש אָדער פּויליש, אויף איר איידעלן און באַזאַכטן אופן. און בכלל, ווי לאָזט מען עס אַן אייגן קינד סתם אַזוי אַוועק אין דער פרעמד אַרײַן?... און דערצו איז זי דאָך אַ האַלבע יתומה: איר מאַמע, איר צו לאַנגע יאָר, איז אַוועק־געשטאָרבן יונגערהייט אין דער צײַט פון דער מלחמה. כאָטש אַזוי פיל יאָרן זײַנען שוין פאַרבײַ און ער, משה־אברהם, איז שוין אַצינד אַ טאַטע פון זעקס קינדער, שטייט זי אים פאַר די אויגן אַ לעבעדיקע, ווי ער וואָלט זיך ערשט נישט לאַנג מיט איר געשיידט.

אָבער, צוריק געשמועסט, איז דער ענין נישט אַזוי פּשוט ווי סע דאַכט זיך. דאָס מיידל וויל אַזוי שטאַרק פאָרן און זי האַלט זיך אין איין בעטן מיט טרערן אין די אויגן: „טאַטעשי, לאָז מיך פאָרן אויף דער הכשרה," אַזש סע שנײַדט אים בײַם האַרצן. סוף־כּל־סוף וועט ער זי נישט קאָנען אײַנהאַלטן. און אַפילו אויב ער וואָלט געקאָנט, צי מעג ער עס טון? נאָכן אָפּזײַן עטלעכע יאָר אויף הכשרה, וועט זי, מסתמא, ווי די אַנדערע יונגע־לײַט און מיידלעך פון דער פאַרטיי, אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישׂראל, אין הייליקן לאַנד. עפּעס טוען זיי דאָך פאָרט אויף, אָט די יונגע חברה־לײַט. זיי בויען שטעט און דערפער, קיבוצים און ייִשובֿים און שטעלן זיך העלדיש אַקעגן די אַראַבישע אָנפאַלער. די ייִדישע צײַטונגען זײַנען דאָך פול מיט נײַעס, באַשרײַבונגען און בילדער וועגן זייערע אויפטוען און דערגרייכונגען. און מעגלעך, אַז מיט דער צײַט וועט מען צוקומען צו אַן אייגענער מדינה און מען וועט אפשר אויך קאָנען זיך אַריבער־פעקלען אַהין מיט ווײַב און קינדער. איז דען דאָס אַ לעבן פאַר ייִדן אין פּוילן, וווּ יעדער שייגעץ קען דיך זידלען און באַפאַלן, און וווּ מען

רײַסט די הויט פֿון ייִד מיט שטײַערן און כּסדר־נײַע גזרות? וואָס קען ווערן דאָ פֿון שיינדלען — שוין זיבעצן יאָר אַלט — אין דער טומלדיקער שענק, צווישן די פּראָסטע, גראָבע לײַט? ניין, מען דאַרף איר לאָזן גיין איר אייגענעם וועג און האָבן בטחון, אַז זי וועט, מיט גאָטס הילף, דערגיין צו איר ציל.

אַזוי אַרום האָט משה־אברהם, נאָך אַ לאַנגן יִישוב־הדעת, שלום געמאַכט מיט שיינדלס באַשלוס צו פֿאָרן אויף הכשרה. אָבער נישט אַזוי לײַכט איז עס צוגעגאַנגען מיט זײַן ווײַב, מיט איטען.

„אַז ס׳איז נישטאָ קאַ מזל,״ האָט זי אײַנגעטענהט מיט אים, „דאַרף מען זיך לעבעדיקערהייט באַגראָבן. באַ לײַטן האָט מען שוין אַ נוץ פֿון אַזאַ מויד, אָבער דאָ — גאָרנישט! גייט זיך אַוועקשלעפּן ווער ווייסט ווו, אין דער שאול־תּחתּיה אַרײַן.״

משה־אברהם האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק און געשוויגן. דערצאָרנט פֿון זײַן שווײַגן, איז איטע צוגעשטאַנען צו אים מיט נאָך מער רייד.

„ביסטו קיין טאַטע נישט? האָסטו גאָרנישט צו זאָגן איבער איר? ווער לאָזט דאָס אַן אייגן קינד גיין זיך אַרומוואַלגערן איבער דער וועלט, טוען קאַטאָרזשנע אַרבעט און עסן אַ קרענק, און וווינען מיט נאָך אַ כאָפּטע יונגען און מיידן צוזאַמען? האָט זי נישט קיין אייגענע היים, ווו זי קען אַרויסהעלפֿן אין דער פּרנסה?!״

„נו גענוג, גענוג! געהערט שוין דאָס נישט איין מאָל!״ האָט משה־אברהם איר איבערגעריסן מיט אומגעדולד. באַלד אָבער איז זײַן קול געוואָרן מילדער און ער האָט גענומען אויסרעדן איטען: „מע טאָר נישט זינדיקן מיט די רייד. זאָל זי פֿאָרן. מירן זיך ווי ס׳איז אַן עצה געבן. און אַז גאָט וועט העלפֿן און זי וועט קומען קיין ארץ־ישׂראל, וועט מען אויך אַ טראַכט טון, ווי אַזוי מיר זאָלן אַלע אַהינפֿאָרן און לעבן בײַ זיך, צווישן ייִדן. וועסט זען, איטע, ס׳וועט נאָך גוט זײַן, מיטן אייבערשטנס הילף.״

געריירט פֿון מאַנס טרייסטווערטער, האָט זיך איטע מער שוין נישט געקאָנט באַהערשן און זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ כליפּען. טרערן זײַנען גערונען איבער אירע אײַנגעפֿאַלענע באַקן און אירע אַקסלען האָבן געצוקט און געציטערט.

„וואָס בין איך שולדיק,״ האָט זי געהעשעט, „וואָס מיר האָבן אַזאַ שווערע פּרנסה?... נישט קיין שבת, נישט קיין יום־טוב, נאָר האָרעווען טאָג און נאַכט אין געוועלב. און די קינדער זײַנען געבליבן אויף גאָטס באַראָט, ווי זיי וואָלטן, חלילה, קיין מאַמע נישט געהאַט.

נו, גוט! זאָל זי פאָרן געזונטערהייט,״ האָט זי זיך אײַנגעשטילט און גענומען ווישן די טרערן פון פּנים מיטן עק פון פאַרטעך.

עטלעכע וואָכן נאָך דעם, אין אַ שבת צו נאַכט, זײַנען שיינדלס חברים פון דער ,,החלוץ״ אָרגאַניזאַציע געקומען זיך געזעגענען מיט איר פאַרן אָפּפאָר אויף הכשרה. זיי האָבן אָנגעפילט ביידע חדרים פון רעסטאָראַן מיט געזאַנג און מיט הייטערן גערודער. משה־אברהם האָט דערלאַנגט ביר און פאַרבײַסן און די יונגוואַרג האָט זיך משׂמח געווען, געהאַלדזט און געקושט זיך מיט שיינדלען און איר געגעבן אָפּפאָר־מתנות. אַ בחור אַ לץ האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן שטוב און גענומען זינגען מיט אַ נאָכגעמאַכטער סענטימענטאַלער שטימע:

הער נאָר, דו שיין מיידעלע,
הער נאָר, דו פיין מיידעלע,
וואָס וועסטו טון אין דעם ווײַטן לאַנד?

,,הער אויף מיט דעם קוואַטש!״ האָבן זיך עטלעכע מיידלעך צעשריגן. ,,לאָמיר בעסער זינגען אמתדיק־חלוצישע לידער:״

ווען, ווען, ווען זינגט אַ חלוץ?
ווען ער איז אין קיבוץ,
ווײַל אין קיבוץ וויל ער דאָך עסן,
זינגט ער אַ לידל, ער זאָל עס פאַרגעסן.

צום סוף איז דער עולם שטיל געוואָרן און די פירער פון דער באַוועגונג האָבן גענומען דערלאַנגען אָפּשייד־רעדעס, אין וועלכע זיי האָבן אַרומגערעדט די לעצטע אוּמרוּען אין ארץ־ישׂראל און די אויפגאַבן פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער שעה. דערנאָך האָט מען זיך געווונטשן צו טרעפן אין גיכן אין צוגעזאָגטן לאַנד און דאָרט ממשיך זײַן די אַרבעט. נאָכן אָפּזינגען די ,,התקוה״ איז מען שפּעט אין דער נאַכט זיך צעגאַנגען.

אויף צו מאָרגנס האָט שיינדל געדאַרפט אָפּפאָרן אויף דער הכשרה אין אַ ווײַט פאַבריק־שטעטל אין קאַטאָוויצער געגנט. פון דער פרי אָן זײַנען געקומען שכנות און באַקאַנטע זיך געזעגענען. זיי האָבן זיך געקושט מיט שיינדלען און איר געווונטשן מזל, הצלחה און אַלדאָס בעסטע. איטע האָט וויינענדיק געבעטן בײַ דער שטיפטאָכטער מחילה, אויב זי האָט ווען עס איז אויף איר געשריגן אָדער אַן עוולה באַגאַנגען. אַ נישט־אויסגעשלאָפענע און אַ מידע האָט שיינדל געקושט די צוויי ייִנגערע שוועסטערלעך און דאָס

ברודערל און זיי געגעבן לעצגעלט. זי האָט פאַרפּאַקט די צוויי גרויסע וואַליזעס און מיט אַ דראָשקע האָט מען זיך אַוועקגעלאָזט אין וועג אַרײַן. דער טאַטע און נחום האָבן זי באַגלייט ביז צו דער באַן־סטאַציע. משה־אברהם האָט אַרײַנגעשלעפּט די וואַליזעס אין וואַגאָן אַרײַן און זיך געזעגנט מיט דער טאָכטער.

,,פאָר געזונטערהייט. זאָלסט שרײַבן,‘‘ האָט ער מער ווי די פּאָר ווערטער נישט געקאָנט אַרויסברענגען.

,,כ׳על שרײַבן, טאַטעשי, כ׳על שרײַבן,‘‘ האָט שיינדל געשטיקט אין זיך די טרערן און באַלייגט דעם טאַטן מיט קושן. צום סוף האָט זי זיך געזעגנט מיט נחומען:

,,אַצינד, נחומל, ביסט דו דער עלטסטער אין הויז, העלף צו מיט וואָס דו קאָנסט, און שרײַב, שרײַב וועגן אַלעם.‘‘

,,חזק ואמץ, שיינדל! זײַ שטאַרק און גיי פאָרויס צו דײַן ציל; מירן קומען נאָך דיר,‘‘ האָט נחום איר געשטאַרקט און זי געדרוקט צו זיין האַרץ.

דער צוג האָט גערירט. אַ ווײַל האָט נאָך שיינדל געפאָכעט מיט דער האַנט דורכן אָפענעם פענצטער פון וואַגאָן. באַלד איז די באַן פאַרשוווּנדן אין דער וואַלדיקער ווײַט, טראָגנדיק מיט זיך שיינדלען אין דער גרויסער וועלט אַרײַן.

* * *

# צוריק צום וואַרשטאַט

זינט שיינדל איז אַוועקגעפאָרן אויף הכשרה איז דאָס הויז־געזינד בײַ משה־אברהמען געוואָרן נאָך מער אָפּגעלאָזן און פאַרוואָרלאָזט. איטע האָט אָנגעהויבן אונטערצוקרענקען און ס׳איז איר געפאַלן שווער די אַרבעט אין קיך, אָדער דאָס אויפשטיין פאַר טאָג אײַנצוקויפן שפּײַז אויפן מאַרק פאַר די בני־בית און די קונים אין רעסטאָראַן. אָפט מאָל, שטייענדיק בײַ דער אָנגעגליטער קיך אין דער זומערדיקער היץ, האָט איר גענומען קלעמען בײַם האַרץ און שווינדלען פאַר די אויגן.

„כ׳גיי איין, כ׳פאַל פון די כּוחות," האָט זי זיך געקלאָגט, „ווער ווייסט, צי כ׳על עס אויסהאַלטן. . ."

טרערן־טראָפּנס האָבן זיך באַוויזן אין אירע אויגן און איר האַרץ האָט תפילה געטון צום האַר פון אַלע וועלטן, ער זאָל איר שטאַרקן און אויפהאַלטן, זי זאָל דערלעבן כאָטש איין קינד אירס צו דער חופּה פירן. בײַם דערמאָנען זיך אָן אירע קינדער האָט זי דערפילט, אַז ס׳נעמען זיך וועקן אין איר פאַרבאָרגענע מאַמעשע כּוחות, וואָס וועלן איר בײַשטיין אין איר שווערן מעמד. די צײַט שטייט נישט, האָט זי זיך געטרייסט, די קינדער וואַקסן אונטער. נחומל איז שוין באַלד, קיין עין־הרע, צען יאָר אַלט. ער איז אַזאַ שטילער און ערנסטער ווי דער טאַטע זײַנער, פאַרטון כּסדר אין לערנען. די צוויי מיידלעך אירע, טעמע און רחל, וואַקסן אויס, גאָט צו דאַנקען, געזונט און שיין. טעמע איז אַ טונקעלע און שלאַנקע, מיט שוואַרצע צעפּלעך און אַ לענגלעך אויסגעטאָקט פּנים, און רחל — אַ בלאָנדע, מיט פלאַקסענע האָר און חנוודיקע זומער־שפּרענקלעך אויפן קײַלעכיקן פּנים.ביידע גייען שוין אין שקאָלע און לערנען זיך גאַנץ פיין. געבליבן אין שטוב

זײַנען בלויז די צוויי קינדער: גאָדעלע — אַ קלוג און טײַער ייִנגעלע, קוים פינעף יאָר אַלט, און דאָס ייִנגסטע טעכטערל, מלכּהלע, וואָס טראָגט זיך, נעבעך, קוים אויף די פיסלעך. מער קיין קינדער האָט זי שוין קיין כּוח נישט צו ברענגען אויף דער וועלט. זי האָט שוין דאָס לעצטע נישט געוואָלט, געטראַכט אפילו וועגן זוכן תּחבולות ס׳זאָל נישט צו שטאַנד קומען. נאָר ווײַזט אויס, אַז ס׳איז באַשערט געווען עס זאָל לעבן און וואַקסן געזונטערהייט.

אַ גאַנצע וואָך איז איטע געווען פאַרנומען אין רעסטאָראַן און נישט געקאָנט אַכט לייגן אויף די קינדער, וואָס זײַנען געבליבן אויף קיינעמס באַראָט, זומערצײַט אויפן הויף אָדער אויף דער גאַס בײַם רעסטאָראַן, און אין די קאַלטע וועטערן — אין דער אומהיימלעכער הינטערשטוב בײַ שיעלע קלאַפּעצקי. ווען זיי זײַנען געוואָרן הונגעריק, פלעגן זיי קומען צו לויפן אין געשעפט אַרײַן און זיך אַוועקגעזעצט בײַ אַ טישל פונקט ווי די אַנדערע געסט. איטע פלעגט דעמאָלט אַוועקלייגן יעדע אַרבעט און געבן צו עסן אירע שוואַלבן. פאַר זיי האָט זי גאָרנישט געזשאַלעוועט: דערלאַנגט פרישע זעמל מיט פּוטער און קעז, אויסגעפּרעגלט אויף גיך אַ פּײַנקוכן אָדער, בעתן מיטאָג, דערלאַנגט פרישע קאָטלעטן מיט צוגעברוינטע קאַרטאָפּעלעך. זאָלן זיי עסן געזונטערהייט און זאָל זיי וווּיל באַקומען, האָט זי געטראַכט, ביז וואַנען ס׳איז דאָ, דאַנקען גאָט, פון אַלעם גוטן אין געשעפט.

בלויז פרײַטיק נאָך מיטאָג פלעגט זי זיך אַוועקרײַסן פון דער קיך און אַהיימגיין אין שטוב אויף דער צווייטער גאַס, אַרומצווואַשן און איבערטון די קינדער. זי האָט געצוואָגן זייערע קעפּלעך אין אַ שיסל וואַרעמע וואַסער, געפּוצט פאַר יעדן איינעם אַ ריין העמדל אָדער בלוזקעלע אויף שבת און דערבײַ אונטערגעקרעכצט און אין דער שטיל זיי באַדויערט: „ווי לעבעדיקע יתומים זײַנען זיי, ווײ ז׳מיר‟. ווען שיינדל איז געווען אין דער היים, האָט זי געטראַכט, איז פאָרט געווען גרינגער; זי האָט געהאַלטן ריין די שטוב און אָפּגעהיטן די קינדער. נו, האָט זיך איר פאַרוואָלט אַוועקצופאָרן אויף הכשרה. שוין דאָס פערטע יאָר ווי זי וואַלגערט זיך אַרום, שוין געטוישט עטלעכע ערטער, און קיין ארץ־ישׂראל נאָך אַלץ נישט געפאָרן. און זי, איטע, מוז אַלץ שטיקן אין זיך און טאָר קיין שלעכט וואָרט נישט אויסרעדן אויף איר. משה־אברהם גלייבט נאָך אַלץ, אַז ס׳וועט זיך ענדיקן צום גוטן: זי וועט סוף־כּל־סוף אַהינפאָרן און שפּעטער וועט מען זיך אַלע דאָרט אַריבערפּעקלען.

במשך די אַלע יאָרן האָט שיינדל בלויז צוויי מאָל זיך באַוויזן אויף אַ פּאָר טעג אין דער היים; ביידע מאָל נאָך אָפּעראַציעס, וואָס זי האָט אַדורכגעמאַכט אין דער פרעמד. געקומען איז זי אַ פאַרענדערטע, געוואָרן דיקער און געקראָגן אויסגעאַרבעטע הענט ווי ביי אַ האָרעפּאַשניק. געאַרבעט האָט זי אין פאַבריקן און אייזן־הוטעס און זיך צוגעוווינט צום שווערן חלוציש לעבן. דער קיבוץ, אין וועלכן זי איז צום ערשט אָנגעקומען, איז זיך מיט דער צייט צעפאַלן. די מערסטע האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן דאָס מאַטערנדיקע הכשרה־לעבן און, מידע פון יאָרן לאַנגן וואַרטן אויף אַ סערטיפיקאַט, זיך צוריקגעקערט אין זייערע היימען. דאָס פאַרבליבענע הייפל עקשנים האָט מען צעשיקט אין אַנדערע הכשרה־פּונקטן אין לאַנד.

בשעת אירע קורצע וויזיטן אין דער היים, האָבן שכנים און באַקאַנטע געפּרוּווט איר צורעדן, אַז זי זאָל אויפגעבן די הכשרה, אָבער שיינדל האָט נישט געוואָלט הערן דערוועגן. איידער וואָס־ווען זיינען די פּאָר טעג אַריבער און זי איז ווידער אַוועק פון הויז. פון צייט צו צייט פלעגט אָנקומען פון איר אַ געדיכט־געשריבענער בריוו, צו מאָל אויך מיט אַ פאָטאָ־בילדל. שיינדלס בריוו זיינען געווען אַ געמיש פון טרויער און פרייד, צער און האָפענונג. קיין גוטע בשׂורות האָט זי דערווייל נישט געקאָנט אָנזאָגן: די טויערן פון ארץ־ישׂראל זיינען נאָך אַלץ געווען געשלאָסן. מען האָט געדאַרפט וואַרטן ווער ווייסט ווי לאַנג אויפן אויסגעבענקטן סערטיפיקאַט. דערווייל זיינען די יאָרן געלאָפן און איר יוגנט איז אַוועק אין שווערער האָרעוואַניע אין דער פרעמד.

אַז ס׳איז געקומען אירס אַ בריוו פלעגט מען אָפּלייגן דאָס לייענען אויף פרייטיק צו נאַכט, ווען דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז געזעסן אַרום דעם שבתדיקן טיש. נחום האָט פאָרגעלייענט און אַלע האָבן זיך שטילשוויַיגנדיק איינגעהערט. צו מאָל האָט אויף משה־אברהמס ערנסט פּנים אויפגעשייַנט אַ דינער שמייכל און ער האָט פּרובירט זיך אַליין און די בני־בית אויפמונטערן:

„כ׳בין בטוח, אַז זי וועט אַוועקפאָרן איןַ גיכן, דערנאָך וועט מען טראַכטן וועגן אונדז אַלע. זאָל נאָר גאָט געבן געזונט און יאָרן, וועט נאָך גוט זייַן״.

משה־אברהמען איז טאַקע די לעצטע יאָרן נמאס געוואָרן דאָס לעבן אין פּוילן. מען דאַרף אַוועק פון דאַנען, האָט ער געהאַלטן אין

איין טראַכטן, אַוועק פון די אַנטיסעמיטן, די „פּאַדאַטקעס״, די כּסדרדיקע קריעת־ים־סוף מלחמה פאַרן ביסל חיונה. מיט אַ צײַט צוריק האָט ער אפילו געטראַכט וועגן פאַרשרײַבן זיך צו פאָרן קיין ביראָבּידזשאַן ווו, לויט ווי מען האָט געשריבן, מ׳גייט שאַפן אַ ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט. פון דעם איז לעת־עתּה גאָרנישט אַרויס־געקומען, אָבער פון ארץ־ישׂראל הערט מען כּסדר, אַז דאָס לאַנד וואַקסט און בויט זיך.

נחום האָט נישט בלויז געדאַרפט פאַרלייענען שיינדלס בריוו, נאָר אויך געמוזט ענטפערן דער שוועסטער אין אַלעמענס נאָמען. דורך אָט דעם בריוו־אויסטויש האָט ער נענטער דערקאָנט שיינדלס געמיט און געפילן און נאָך מער איר ליב געקראָגן. אין זײַן זכּרון האָבן זיך אויפגעפרישט די טעג פון דער קינדהייט, ווען שיינדל פלעגט אים פאַרוויגן און אײַנשלעפערן מיט אירע לידער און מעשׂיות, אָדער ווען זי פלעגט אים אַרומוואַשן און צוהיטן ער זאָל אָפּעסן. אין זײַן דמיון האָט ער זיך און די גאַנצע משפּחה געזען פאַראייניקט דאָרטן, אין דעם זוניקן ייִדישן לאַנד, ווו זיי וועלן אַלע אָנהייבן אַ נײַ לעבן.

* * *

טראָץ דער שווערער האָרעוואַניע אין רעסטאָראַן, אָן אַ שבת אָדער אַנדערן רוטאָג, קאָן זיך משה־אברהם נישט באַקלאָגן אויף פּרנסה. זומערצײַט רודערט זיך אין רעסטאָראַן, סע קומט אַרײַן כּסדר אַ פרישע זלאָטע און די קינדער האָבן צו עסן פון אַלעם גוטן. ווינטער אָבער, ווען דער עולם דאַטשניקעס צעפאָרט זיך, בלײַבט דאָס געשעפט שטיין ליידיק און פאַריתומט און ס׳איז זייער שווער דורכצושטופּן די פּאָר חדשים ביזן נײַעם סעזאָן. די איינציקע קונים אין רעסטאָראַן זײַנען דעמאָלט די טרעגערס און גאַסנייִנגלעך, וואָס קומען אַרײַן זיך אַ ביסל אָנוואַרעמען און זיצן אָפּ שעהען לאַנג און קיבעצן. קיין פּרנסה פון זיי איז נישטאָ, ווײַל אויך פאַר זיי איז דער ווינטער אַ ביטערע צײַט, ווען ס׳איז שווער צו פאַרדינען עטלעכע זלאָטעס. טייל פון זיי הונגערן פּשוט אונטער און אָפּט מאָל קאָן מען נישט אָפּזאָגן און מען מוז געבן אויף באָרג.

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט מיט פרעסט און שניי־ווויגעס און די טעג האָבן זיך גענומען שלעפּן אומעטיקע און מאָנאָטאָנע. משה־אברהם איז געשטאַנען הינטער דעם בופעט אין כּמעט ליידיקן רעסטאָראַן, באַדינט דאָ און דאָרט אַ קונה און אַרײַנגעטראַכט וואָס צו טון. דירה־געלט דאַרף מען יעדן חודש צאָלן, דעסטגלײַכן די פאַרשיידענע שטאָט־ און מלוכה־שטײַערן, עלעקטריע־אָפּצאָל,

שׂכר־לימוד פאַר די ייִנגלעך און אויסשטאַטונג פאַר די אַנדערע צוויי קינדער אין דער שקאָלע. נישט אַנדערש נאָר ער וועט מוזן אויסגעבן די עטלעכע זלאָטעס, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט דורכן זומער און ווער ווייסט צי דאָס וועט סטייַען. און בכּלל האָט משה־אברהם פּייַנט געהאַט צו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און גאָרנישט טון. פון זייַן פריער יוגנט אָן איז ער געווען געוווינט צו אַרבעטן און צו פאַרדינען אויף אַ לעבן. ער האָט דעריבער געטראַכט, אַז ס׳וואָלט גוט געווען ווען ער זאָל קאָנען עפּעס צופאַרדינען פון דער זייַט, מחוצן רעסטאָראַן. אייניקע מאָל האָט ער פּרובירט נעמען זיך צו אַ מיסחר — צוגעשטעלט פּעסעלעך הערינג און געריייכערטע פישלעך אין געוועלבער, אָבער קיין רווח פון דעם האַנדל איז נישט געווען.

אַזוי איז משה־אברהם געקומען צו דער החלטה ווידער זיך צו נעמען, אין דער פרייַער צייַט, צו זייַן פאַרוואָרפענער שטעפּער־מלאכה. נישט איין מאָל האָט אים טאַקע באַנג געטון, וואָס ער האָט אויפגעגעבן זייַן פאַך און געוואָרן אַ שענקער. געדאַרפט האָט ער אויסהאַלטן די שווערע צייַט — האָט ער זיך אַליין פירגעהאַלטן. ס׳וואָלט אַדורך אַ יאָר־צוויי און די מערכה אין שטעפּערייַ וואָלט זיך פאַרבעסערט און ער וואָלט געבליבן אַ בעל־מלאכה. איין זאַך אָבער האָט ער גוט געטון : ווי געענגט פינאַנציעל ער איז נישט געווען בייַם איבערמאַכן דעם וואַרשטאַט אין אַ רעסטאָראַן, האָט ער דאָך זיך נישט געוואָלט צעשיידן מיט די ניימאַשינען און די אַנדערע שטעפּער־מכשירים. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז טאָמער וועט ער פאַרקויפן די מאַשינען, וועט ער דאָס קאַמאַשן־מאַכעריי שוין אויפגעבן לגמרי. האָט ער דעריבער, בייַם איבערציען זיך אין שיעלע קלאַפּעצקיס הינטערשטוב, מיטגענומען די אָפּגעשרויפטע מאַשינקעפּלעך צוזאַמען מיט די געשטעלן און אַרבעטס־מכשירים און זיי פאַרשטופּט אין אַ ווינקל פון דער נייַער דירה.

משה־אברהם האָט גוט געוווּסט, אַז ער איז נישט ביכולת צוריק אויפצושטעלן אַ לייַטישן קאַמאַשן־מאַכער וואַרשטאַט. אין משך פון די יאָרן אין רעסטאָראַן האָט ער זיך אָפּגעוווינט פון דער מלאכה. דערווייַל זייַנען אונטערגעוואַקסן ייִנגערע בעלי־מלאכות, געעפנט וואַרשטאַטן און אַרויסגעגעבן אַ גוט שטיקל אַרבעט.

אָבער אויב נישט קיין פולע קאַמאַשן־מאַכעריי, ווי אין די אַמאָליקע יאָרן, וואָלט ער דאָך געקאָנט אויסשטאַטן אַ וואַרשטאַטל, ווו ער וואָלט געקאָנט צואַרבעטן אין די אָסיען־ און ווינטער־חדשים, ווען ס׳איז טויט אין רעסטאָראַן, און אַזויערנאָך צופאַרדינען אויף

חיונה. געמיינע אַרבעט, געטרעס און זומער־סאַנדאַלן, קאָן מען שטענדיק קריגן פון די שיך־סוחרים דאָ אין שטאָט אָדער פון וואַרשע. די איינציקע מניעה איז וואָס ביַי שיַלע קלאַפּעצקין אין דער דירה איז דאָס נישט מעגלעך געווען צו טון. ערשטנס, איז דאָרט נישט געווען קיין באַזונדערער אַריַינגאַנג, און ער וועט דאָך נישט הייסן קונים גיין דורכן פענצטער, ווי זיַינע בני־בית טוען דאָס. צווייטנס, איז די שטוב ביַי שיַלען צו וויַיט פון דעם רעסטאָראַן, אַזש אין דער צווייטער גאַס, און ער קאָן דאָך נישט לויפן אַהין און צוריק פון רעסטאָראַן צו שיַלען און פאַרקערט. מען וואָלט געדאַרפט דעריבער געפינען אַ שטוב אָדער צוויי בשכנות פון רעסטאָראַן, ער זאָל קאָנען צו יעדער ציַיט און ווען נויטיק גליַיך צוריקקומען אין געשעפט אַריין.

נאָך פסח האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט צו דינגען אַזאַ דירה. אויפן ערשטן שטאָק פון זעלבן הויז ווו דער רעסטאָראַן איז, האָט זיך פריַי געמאַכט אַ גערוימע שטוב מיט אַ קיך, מיט גרויסע, ליכטיקע פענצטער און אַ באַלקאָן, וואָס איז אַרויס אויף דער גאַס. דער אַריַינגאַנג אַהין איז געווען דורך דעם שטיגן־קאָרידאָר, האַרט ביַי דער טיר פון דער הינטערשטוב פון רעסטאָראַן, און מען האָט געקאָנט אין געציילטע מינוטן אַהין אַרויפגיין אָדער צוריק אַראָפּלויפן אין געוועלב. כאָטש דאָס דירה־געלט איז געווען גאַנץ הויך, האָט משה־אברהם זיך אָנגענומען מיט מוט און פאַרזיכערט איטשעלען, דעם ווירט, אַז ער וועט צאָלן דעם שכר־דירה פּינקטלעך יעדן חודש.

ווי נאָר ער האָט זיך אַריבערגעקליבן אין דער נײַער דירה און אויפגעשטעלט די בעטן מיט דער שאַנק אין דער צווייטער שטוב, האָט משה־אברהם זיך גענומען איַינשטעלן אין ערשטן חדר זיַין שטעפּער־וואַרשטאַט. ער האָט אָפּגערייניקט די פאַרשטויבטע געשטעלן און צוריק אַריַינגעשטעלט די מאַשינקעפּלעך און זיי אויסגעשטעלט ווי אַמאָל, ביַי די פענצטער, איינע קעגן דער אַנדערער, און אין פראָנט פון זיי — דעם אָפּגעהובלעוועטן שניַידברעט. דערנאָך האָט ער אָנגעשאַרפט די פאַלצמעסערס און שערן, פאַרזעצט די הענטלעך אין די העמערלעך און אָנגעאיילט די קעפּלעך פון די ניימאַשינען.

פון איצטער אָן, ווען משה־אברהם האָט נאָר געהאַט אַ פריַיע שעה, איז ער אַרויף אין שטוב און זיך געזעצט נייען ביליקע שוכוואַרג, וואָס ער האָט זיך איַינגעשאַפט פון דאָ און דאָרט. ער האָט זיך ווידער געפילט ווי אַ בעל־מלאכה, אַ שטעפּער־מיַינסטער, ווי אַמאָל אין די גוטע ציַיטן.

# די באָבע חנה

נחומס ביידע זיידעס זײַנען געשטאָרבן פֿאַר דער צײַט און ער האָט נישט באַוויזן זיי צו זען און קענען־לערנען. זײַן פֿאָטערס מאַמע, די באָבע רבקה, האָט געוווינט אין גער, ווו זי האָט, נאָך איר מאַנס טויט, נאָך אַ מאָל חתונה געהאַט און אויפֿגעצויגן אַ זון, דודל, אַ לערנער אין גערער רבינס בית־מדרש. ווי פֿיל גערער אײַנוווינער, האָט די באָבע רבקה געצויגן איר חיונה פֿון פֿאַרדינגען איר הויז צו חסידים פֿון אויסער שטאָט, וואָס פֿלעגן כּמעט אַ גאַנץ יאָר, און אוודאי פֿאַר די יום־טובים, שטראָמען צום גערער רבין. געהאַלטן האָט זי זיך בכּבודיק און באַלעבאַטיש און צוליב דעם נישט געליטן די ענגשאַפֿט און אָפּגעלאָזנקייט אין משה־אברהמס הויז. דערפֿאַר פֿלעגט זי, אָדער איר זון דודל, זעלטן ווען קומען קיין אָטוואָצק, און אַז זיי האָבן זיך ווען עס איז יאָ אַראָפּגעקומען, פֿלעגן זיי אָפּזײַן אַ טאָג אָדער צוויי און זיך פֿאַרנעמען צוריק אַהיים, קיין גער.

דערפֿאַר אָבער איז די באָבע חנה, איטעס מוטער, געווען אַן אָפּטער גאַסט בײַ נחומען אין הויז. ווי נאָר איטע האָט זיך גענומען פֿילן שוואַך פֿון איבעראַרבעטן זיך אין קיך פֿון רעסטאָראַן, האָט זי זיך געוואָנדן צו דער מאַמען זי זאָל קומען אויף אַ שטיקל צײַט איר אַרויסהעלפֿן אין דער אַרבעט. פֿון זינט איר מאַן, דער דאָרף־מלמד, איז אַוועקגעשטאָרבן, און אירע קינדער זײַנען אויסגעוואַקסן און אַוועק פֿאַר זיך, האָט די באָבע חנה אויפֿגעגעבן דאָס קלייטל, וואָס זי האָט אָנגעהאַלטן יאָרן לאַנג אין דאָרף, בײַ דער באַנסטאַציע סאַדורקי, נישט ווײַט פֿון לובלין. דאָרטן אין זעלבן דאָרף זײַנען געבליבן ווינען צוויי קינדער אירע, דער זון מרדכי און די טאָכטער דינה־לאה, מיט זייערע משפּחות.

מרדכי האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון דערבייַיקן שטעטל קאָריוו און איז געבליבן וווינען מיט איר נישט ווייַט פון דער באַנסטאַציע, בייַם טראַקט וואָס האָט געפירט אין קורשטעטל נאַלענטשוב. געווען איז זי אַ גרויסע ווירטאַנעס, געהאַלטן בלאַנקענדיק־ריין די שטיבלעך פון דער כאַטע, זיך אָפּגעגעבן מיט כאָוועצן די צוויי קינדער, ביידע מיידלעך, וואָס זי האָט דאָרטן געבוירן. צו דעם אַלעם האָט זי גענייט קליידער פאַר פויערטעס און פאַר פרויען פון באַאַמטע, וואָס האָבן געאַרבעט ביי דער באַן. מרדכי, איר מאַן, האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר; געפירט, צוזאַמען מיט נאָך סוחרים, וואַגאָנען אויפּס, קאַסטנס מיט עופות און אייער, תבואה און אַנדערע פּראָדוקטן פון די דערפער הינטער לובלין קיין אָטוואָצק, וואַרשע און אַנדערע מקומות.

דינה־לאה, מרדכיס שוועסטער, האָט חתונה געהאַט מיט אַ שוסטער און איז אויך פאַרבליבן וווינען אין דאָרף. די אַנדערע צוויי טעכטער, איטע און גיטל, האָבן זיך, נאָכן חתונה האָבן, באַזעצט איינע אין אָטוואָצק און די אַנדערע אין וואַרשע. מיט אַ שווער געמיט האָט די באָבע חנה פאַרקויפט איר כאַטע מיטן קלייטל, ווו זי האָט אָפּגע־לעבט מיט איר מאַן און קינדער איבער פיר יאָרצענדליק, און אַצינד, אויף דער עלטער, אַריבער וווינען ביי אירע קינדער. צום ערשט איז זי אַוועק צו דינה־לאהן, אויף דער אַנדערער זייַט פון דער באַנליניע, וואָס האָט דורכגעשניטן דאָס דאָרף. דאָרטן פלעגט זי אָפּזיצן שעהען לאַנג בייַם פענצטער, אַרויסקוקן אויפן דאָרף און דערמאָנען פאַר־גאַנגענע יאָרן, אָדער זי פלעגט לייענען פון איר קרבן־מנחה סידור און טייַטש־חומש. פאַר דער טיר פון דינה־לאהס שטוב האָט זיך געצויגן דער שטויביקער טראַקט, אויף וועלכן פויערים זייַנען געפאָרן מיט פערד־און־וועגעלעך אין שטאָט אַרייַן, אָדער געפירט זייערע פערד צום פּאָיען אין סטאַוו, הינטער דער ווינטמיל. אויף לינקס האָבן זיך געצויגן די באַנרעלסן, וואָס האָבן פאַרבונדן דעם דאָרפישן יישוב מיט דער גרויסער וועלט. אויף ביידע זייַטן פונעם באַנוועג האָט זיך געשפּרייט דאָס דאָרף, דאָ צעוואָרפן און באַזונדער, דאָ צונויפגענומען אין עטלעכע כאַטעס, אַרומגענומענע מיט שטאַלן, שפּייַכלערס און פאַרצוימונגען. העט ווייַטער האָט מען געקאָנט זען די פּילקאָליריקע תבואה־ און גרינס־פעלדער און די טונקעלע קרוינען פון די סעדער און ניסוועלדלעך, מיט וועלכע די געגנט איז געווען רייַך.

בייַם צווייטן פענצטער פון דער געראַמער פויערישער שטוב

איז געזעסן בעריש, דינה־לאהס מאַן, ביַי אַ נידעריק שוסטער־ווערקשטעל און געניית און פּאַרראָכטן פּויערישע שטיוול. בלויז אַ פּאָר מאָל אין יאָר פלעגט ער צופּאָרן אין דערבײַיִקן שטעטל אויף יריד, צו פאַרקויפן עטלעכע פּאָר שטיוול, וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט פון איבערגעבליבענע רעשטלעך לעדער, און קויפן דאָרט אַ מלבוש אָדער אַ ביסל לעדער און שוסטער־צודאַטן. זומערצײַט, ווען די פּויערים זײַנען געווען פאַרנומען אויף די פעלדער און ביַי שוסטערײַ איז געווען וויניק וואָס צו טון, פלעגט בעריש אָפּדינגען אַ סעדל און סוף־זומער פאַרקויפן דאָס אויפס צו מרדכין און זײַנע שותפים.

ווינטערצײַט פלעגט די באָבע חנה זיצן ביַי דער וואַרעמער קיך און צוהעלפן דער טאָכטער באַקן חלות אויף שבת, אויסלאָזן שמאַלץ אויף פּסח, אָדער שלײַסן די פעדערן פאַר די קישנס און פערענעס. דינה־לאה, די טאָכטער, איז געווען אַ נידעריקע און שוואַכלעכע, גאָר נישט ווי קיין דאָרפישע ייִדענע. ערשט אין די מיטל־דרײַסיקער האָט זי געבוירן בערישן אַ בן־יחיד, וועמען מען האָט אַ נאָמען געגעבן חיים, אַ סגולה ער זאָל לעבן און געזונט זײַן. דאָס ייִנגל איז אויפגעוואַקסן אויף דער פרײַער, דאָרפישער ערד אַ געזונטער און פעסט־געבויטער, מיט אַ רויט פּנים און שוואַרץ־געקרײַזלטע האָר. צוזאַמען מיט אַנדערע פּויערישע ייִנגלעך פלעגט ער זומערצײַט זיך באָדן אין גרויסן סטאַוו, און ווינטערצײַט, אָנגעטון אין אַ פעלצל און שטיוועלעך, וואָס דער טאַטע האָט אים אויפגענייט, איז ער געגאַנגען אין דער פּוילישער שקאָלע. אויפן וועג אַהיים פלעגט ער זיך גליטשן מיט די שקצים אויפן אײַז, אָדער זיך שליטלען אויף היימיש־געמאַכטע סאַנקעס און מלחמה־האַלטן מיט שנייקוילן. כאָטש די פּוילישע חברים פלעגן אים נישט איין מאָל דערמאָנען, אַז ער איז אַ „זשידעק", האָט ער זיך נישט געפילט פון דעם געטראָפן און געוווּסט בײַ זיך, אַז ער איז, פונקט ווי זיי, געבוירן און אויסגעוואַקסן אינעם דאָרף. ער שטייט נישט אָפּ פון די אַנדערע נישט מיטן שׂכל און נישט אין טויגלעכקייט און כּוח.

קיין גרויסן חשק צו לערנען ייִדישקייט ביַי רב זושען, דעם דאָרפס־מלמד, וואָס איז אַרומגעגאַנגען איבער די דערפער און געלערנט מיט ייִדישע קינדער אַ ביסל עברי און דאַוונען, האָט חיים נישט געהאַט. ס'האָבן נישט געהאָלפן קיין שטראָפרייד און אפילו נישט קיין קלעפּ. ווען חיים איז אונטערגעוואַקסן און זיך גענומען דערנענטערן צו ווערן בר־מצווה, האָט דינה־לאה גענומען צורעדן

דעם מאַן זיי זאָלן, צוליבן זונס וועגן, פאַרלאָזן דאָס דאָרף און זיך אַריבערציען קיין אָטוואָצק, ווו סע ווינט איר שוועסטער איטע מיט דער משפחה.

צום ערשט האָט בעריש נישט געוואָלט הערן דערפון. ער איז געווען אַ דאָרפסמענטש אַלע זײַנע יאָרן און געווען געוווינט צו דער אָפענער רחבות, צו די ריחות און קולות פון דאָרף. אָנגעטון אין אַ פויערישער ,,וואַטוווקע״ און שטיוול, איז שווער געווען אים אונטערצושיידן פון די אַנדערע אײַנוווינער פון דאָרף. ער האָט אויך געלעבט בשלום מיט די אַרומיקע שכנים און קונים און פון צײַט צו צײַט אויסגעטרונקען אַ לחיים מיט זיי און זיך גוט־ברודעריש געקלאַפּט אין דער פּלייצע. צום סוף אָבער האָט בעריש נאָכגעגעבן דעם ווײַב און באַשלאָסן צו פּרווון דאָס מזל אין שטאָט. פאַר די יום־טובים האָבן זיי אײַנגעפּאַקט דאָס ביסל האָב־און־גוטס און אַריבער־געפאָרן קיין אָטוואָצק, ווו זיי האָבן, נאָכן איבערווינטערן, אײַנגעזען, אַז די שטאָט איז נישט פאַר זיי און זיך צוריקגעקערט אין דאָרף אַרײַן.

די באָבע חנה איז נישט מיטגעפאָרן מיט דינה־לאהן, נאָר געבליבן אין דאָרף בײַ איר זון מרדכי. ער איז געווען פאַרטון אין מיסחר און ס׳פלעגט אים אויסקומען צו זײַן אַוועק פון דער היים אויף טעג און אפילו וואָכן. אין הויז איז געבליבן רחל, די שנור, מיט די צוויי אייניקלעך. רחל איז געווען אַ שטילע און איידעלע און זי איז געווען צופרידן צו האָבן די שוויגער אין הויז, זי זאָל איר אַ ביסל אַרויסהעלפן אין דער באַלעבאַטישקייט. אַליין איז זי געזעסן כּמעט אַ גאַנצן טאָג בײַ דער ניימאַשין און גענייט קליידלעך פאַר די פויערטעס, וואָס פלעגן זיך נישט קאָנען אָפּלויבן פון איר אַרבעט און אָנגעברענגט אין איר שטוב פון כּל־טוב. צו די קינדער האָט זי גערעדט נאָר פויליש און דאָס האָט דער באָבע חנהן שטאַרק פאַר־דראָסן. ביידע מיידעלעך זײַנען געווען בלאָנדע, מיט פאַרפלאָכטענע צעפּעלעך, און האָבן אויסגעזען ווי שיקסלעך. זיי האָבן נישט פאַר־שטאַנען קיין וואָרט יידיש און געלאַכט, ווען די באָבע האָט גערעדט צו זיי אין דעם לשון, אָדער געוואָלט זיי אויסלערנען זאָגן מודה־אני. דער באָבע חנהן האָט דאָס וויי געטון און זי האָט זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן און געמוזט אויסרעדן דער שנור, אַז די קינדער וועלן, חס־ושלום, אויסוואַקסן פאַר נישט־יידישע טעכטער. אויף דעם האָט די שנור געענטפערט, אַז היינט זײַנען אַנדערע צײַטן. די קינדער דאַרפן קאָנען רעדן אַ גוטן פויליש, בפרט ווען זיי ווינען אין דאָרף, צווישן

גויים. אַ וואָרט צו אַ וואָרט, און שוויגער און שנור פלעגן זיך צעקריגן און ברוגז ווערן אויף עטלעכע טעג.

דעמאָלט פלעגט די באָבע זיך דערמאָנען, אַז זי פאַרמאָגט נאָך קינדער מיט אייניקלעך, וועמען זי האָט שוין לאַנג נישט געזען. האָט זי צו וויסן געגעבן דער יִינגערער טאָכטער גיטל אין וואַרשע, אַז זי וויל קומען צו איר אויף אַ שטיקל צײַט. די טאָכטער, שוין עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה, האָט געהאַט צוויי פּיצלעך קינדער און זיך שטענדיק געוויטיקט אין דער מאַמעס הילף. האָט זי אַרויסגעשיקט דער מאַמען אויף הוצאות און איר אַראָפּגעברענגט קיין וואַרשע.

געוווינט האָט די טאָכטער אין צוויי גרויסע צימערן מיט אַ קיך אויף אַ הויכן שטאָק אין אַ מויער. די פענצטער זײַנען אַרויס אין אַ פאַרמאַכטן הויף, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקער שטיינערנער קאַסטן מיט הונדערטער פענצטער. אין דער גרויסער קיך האָט דער איידעם — אַ לעבעדיקער און פלינקער יונגער־מאַן — געפירט אַ קירזשנער־וואַרשטאַט. אין סעזאָן פלעגט ער מיט די געזעלן אויפזײַן גאַנצע נעכט, כּדי אויסצוועדיקן די פעלעכלעך פאַר די פוטער־געשעפטן. אויך דאָ האָבן סײַ די עלטערן, און אוודאי די פּוילישע דינסט, גערעדט צו די קינדער פּויליש. ס׳האָט לאַנג נישט גענומען און די באָבע האָט זיך אויך דאָ דערפילט פאַרלוירן און איבעריק. דעמאָלט האָט זיך איר פאַרבענקט נאָך דער טאָכטער מיט די אייניקלעך אין אָטוואָצק, סך־הכּל איין שעה פאָרן מיט דער באַן פון וואַרשע. ערשט דאָ האָט זי זיך דערפילט היימיש און גוט. די אייניקלעך און אַלע אַרום האָבן גערעדט יִדיש און משה־אברהמס הויז האָט זיך געפירט יִדישלעך.

ווען די קינדער האָבן דערזען, אַז די באָבע איז אָנגעקומען, האָבן זיי איר אַרומגערינגלט און זיך אָנגעהאָנגען אין איר מיט פריידיקע רופן:

„באָבעניו, גוט וואָס ביסט געקומען! בלײַב מיט אונדז!״

אַרומגענומען פון די שטיפערישע קינדער, האָט די באָבע אַליין אויסגעזען ווי אַ קינד. איר קליינער, דאַרער גוף האָט זיך אויסגעגלײַכט, די אויגן האָבן בײַ איר אויפגעשײַנט און אין מויל האָבן זיך באַוויזן צוויי שורות קליינע ציין, וואָס זײַנען איר גאַנץ געבליבן טראָץ דער זיקנה. זי האָט גענומען זוכן אין איר גרויסן בײַטל די צוקערקעס און זיסוואַרג, וואָס זי האָט געברענגט פאַר די קינדער.

לאַנג אָבער האָט זי זיך אין אָטוואָצק אויך נישט געהאַלטן. די אַרבעט בײַ דער טאָכטער אין רעסטאָראַן איז איר געפאַלן שווער און

ס׳איז איר נמאס געוואָרן דער טומל פון די טרעגער און פּראָסטע לײַט, מיט וועלכע די שענק איז פול געווען. סע האָט איר געצויגן צוריק צו דער שטילקייט און רויִקייט פון דאָרף. סוף זומער, ווען איר זון איז אַראָפּגעקומען מיט סחורה קיין אָטוואָצק, האָט זי אײַנגע־פּאַקט איר פּעקל און צוריק אַוועק אין דאָרף אַרײַן. איטע איז ווידער געבליבן אַליין, אָן אַ העלפער.

* * *

# אין שקאָלע

ווען נחום איז אַלט געוואָרן צען יאָר האָבן זײַנע טאַטע־מאַמע זיך פּלוצעם אַרומגעזען, אַז מען דאַרף אים אַרײַנגעבן אין דער פּוילישער שקאָלע. דאָס ייִנגל וואַקסט אונטער און קאָן כּמעט קיין פּויליש וואָרט נישט אַרויסרעדן. הײַנטיקע צײַטן מוז מען קענען דאָס לשון פֿון לאַנד, שוין אָפּגערעדט פֿון די אַנדערע קענטענישן — שרייבן און רעכענען — וואָס מע לערנט זיי נישט אין חדר.

משה־אברהמען איז טאַקע געווען אַ שאָד איבערצורייסן נחומס לערנען און שטעלן אים פֿאַר אַ נסיון אין דער פֿרײַער סביבה פֿון דער אַלגעמיינער שולע. אָבער ער האָט אײַנגעזען, אַז דער זון וואַקסט אונטער און וועט אין אַ פּאָר יאָר אַרום זיך דאַרפֿן נעמען לערנען אַ מלאכה, כּדי צו פֿאַרדינען אויף אַ לעבן. משה־אברהם, וואָס האָט געשטאַמט פֿון אַ משפּחה האָרעפּאַשניקעס און אַליין געאַרבעט פֿון זײַנע יונגע יאָרן אָן, האָט געפֿילט, אַז ער עלטערט זיך און שלאָגט זיך אין דעם רעסטאָראַן אַרויס פֿון די כּוחות. נחום, זײַן בכור, וועט אים דאַרפֿן אַרויסהעלפֿן אין רעסטאָראַן אָדער אפשר גאָר אין שטעפּער־וואַרשטאַט, וואָס ער האָט נאָך אַלץ געטראַכט צוריק אויפֿצוריכטן. אמת איז, אַז דאָס ייִנגל גייט אַרום צו פֿיל פֿאַרדמיונט, ווי ער וואָלט געלעבט אין אַן אַנדערער וועלט. אָבער, נישט געזאָרגט, ער וועט זיך מוזן אויסטשוכען און אַרומזען אויף וועלכער וועלט ער לעבט. גענוג שוין, וואָס די עלטערע טאָכטער איז אַוועק פֿון הויז און געלאָזט אים מיטן ווײַב צו אַרבעטן און אויסהאַלטן דאָס גאַנצע געזינד.

און אויב נחום זאָל ווערן אַ בעל־מלאכה אָדער אַ סוחר, דאַרף ער טאַקע ענדיקן די אַלגעמיינע שולע, וואָס הײַנטיקע צײַטן קאָן מען אָן דעם נישט אויסקומען. אײַ ער, משה־אברהם, קאָן אויך נישט דעם

ריכטיקן פוילישׁ, איז ער דאָך פֿון אַלטן דור, אויפֿגעוואַקסן אונטערן רוסישן צאַר. אַצינדערט, אין נײַעם פּוילן, איז דאָס נישט קענען די לאַנדשפּראַך נישט בלויז אַ בושה, נײַערט אַ מניעה אין טאָג־טעגלעכן לעבן. וואָס שייך קאַליע ווערן, האָט זיך משה־אברהם געטרייסט, איז עס אַ מכּת־מדינה און מען קאָן זיך קעגן דעם נישט פֿאַרזיכערן. אפֿילו אין די ישיבות ווערן טייל קאַליע און קומען פֿון דאָרטן אַרויס אַפּיקורסים.

אָפּגעמאַכט, אַז נחום מוז אָנהייבן לערנען אין דער אַלגעמיינער שולע, איז משה־אברהם אַוועק אין דער שול־קאַנצעלאַריע און אויסגעפֿונען, אַז נחום איז שוין צו אַלט אָנגענומען צו ווערן אין ערשטן קלאַס. ער מוז דעריבער צוגעגרייט ווערן צו האַלטן אַן עקזאַמען צו קענען אַרײַנגיין גלײַך אינעם דריטן אָפּטייל. כּדי דאָס צו באַווײַזן, האָט משה־אברהם אָפּגענומען נחומען פֿון באַראַנאָווערס חדר און אים אַרײַנגעגעבן אין חדר־מתוקן פֿון משה לערער.

משה לערער איז געווען באַקאַנט אין שטאָט נישט נאָר ווי אַ קענער פֿון לימודי־קודש און דיקדוק, נאָר אויך ווי אַ געניטער אין די אַלגעמיינע חכמות. אין זײַן חדר, וווּ מען האָט געדאַרפֿט צאָלן אַ העכערן שׂכר־לימוד, האָט מען געלערנט אַחוץ ייִדישקייט אויך די פּוילישע שפּראַך, עלעמענטאַרע מאַטעמאַטיק און אפֿילו געאָגראַפֿיע.

געווען איז משה אַ ייִד אין די פֿריע פֿופֿציקער, אַ הויכער, מיט אַ גראָ, שיטער בערדל, שטענדיק אין אַ ריין, ווײַס העמד מיט אַ זײַדן וועסטל, און גערעדט האָט ער שטיל און געלאַסן, קוים צו הערן. דעם רבינס בנעימותדיקייט האָט זיך איבערגעטראָגן אויך צו די קינדער; זיי האָבן נישט אַרומגערודערט ווי אין אַנדערע חדרים, און געהאַט דרך־ארץ פֿאַרן רבין, כאָטש ער האָט קיין מאָל קיין קינד נישט געשלאָגן אָדער באַליידיקט. די רביצין, אַ הויכע ווי איר מאַן, מיט אַ געבלימלט טיכל אויפֿן קאָפּ שטאָטס אַ שייטל, איז תּמיד געווען פֿאַרנומען מיט לופּטערן און האַלטן ריין דאָס הויז. זי האָט אויך אָפּגעהיטן דעם מאַן ווי אַן אויג אין קאָפּ און אים אָפּט אונטערגעטראָגן צום טיש אַ טעלערל מיט פּרות אָדער קיכלעך, זיך צו דערכאַפּן ס׳האַרץ בעתן לערנען.

די קינדער זײַנען געווען אײַנגעטיילט אין צוויי כּיתות: בעת איינע האָט אײַנגעחזרט די סדרה פֿון דער וואָך, איז די אַנדערע געווען פֿאַרנומען מיט קאָפּירן פֿון די פּוילישע לערנביכלעך אָדער מיט לעזן די אויפֿגאַבן פֿון די מאַטעמאַטיק טעקסטן. משה לערער איז געלאַסן

אַרומגעגאַנגען פון איין טיש צום צווייטן. דאָ און דאָרט זיך פֿאַר־האַלטן אַ ווײַל בײַ דעם אָדער יענעם תּלמיד, כּדי אים אַרויסהעלפֿן אין דער אַרבעט. טייל מאָל האָט דער רבי אויסגעטיילט צוויי אָדער דריי תּלמידים זיי זאָלן אַרבעטן צוזאַמען און אַרויסהעלפֿן איינער דעם אַנדערן. אין חדר האָט געהערשט אַן אַטמאָספֿער פֿון זאַכלעכער ערנסטקייט, וואָס דער רבי האָט זעלטן ווען לײַכטער געמאַכט דורך דערציילן נסימדיקע מעשׂיות און אגדות, ווי אַנדערע מלמדים פֿלעגן טון. דערפֿאַר זײַנען די ייִנגלעך געווען צופֿרידן, ווען דער רבי פֿלעגט זיי אַרויסלאָזן פֿאַר אַ ווײַל אויף דער פֿרײַ אינעם גרויסן וואַלדיקן הויף אַרום חדר. דאָ האָט מען געקאָנט אַרומלויפֿן און זיך באַהאַלטן הינטער דיביימער אָדער זיך אויסציען אויפֿן ווייכן גראָז און שמועסן, ביז דער רבי וועט אַרויסקומען אויף דער וועראַנדע און צוריקרופֿן אין חדר אַרײַן.

אָפֿט מאָל פֿלעגט נחום, בשעת די הפסקות, צוגיין צום דראָטענעם פֿאַרקאַן פֿון דער ווילע, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צו דער קאַרטשעווער גאַס, גראָד אַנטקעגן דער פּוילישער שקאָלע, אין וועלכער ער האָט זיך געגרייט אָנצוקומען. טראָץ דעם, וואָס די קינדער אין דער אָ שולע זײַנען אַלע געווען ייִדישע — די פּוילישע האָבן געהאַט אַן אייגענע, פֿיל גרעסערע שקאָלע, אַרויף צו אויף דער זעלבער גאַס — האָט מען געקאָנט זען אפֿילו פֿון דער ווײַטנס, אַז אַלץ איז דאָרט אויפֿן גויישן שטייגער: די ייִנגלעך זײַנען אַרומ־געגאַנגען, און אפֿילו געגעסן, אָן היטלעך און דאָס פּוילישע לשון און געזאַנג האָט זיך געהערט פֿון דער ווײַטן. נחומען האָט די פּוילישע שולע געשראָקן מיט איר פֿרעמדקייט, אָבער אין דער זעלבער צײַט האָט די פֿרײַקייט און היימלעכקייט פֿון דאָרטן אים געצויגן און געמאַניעט. ער האָט דעריבער זיך געפֿלייסט צו דערלערנען וואָס מער די אַלגעמיינע לימודים, כּדי אויסצוהאַלטן דעם עקזאַמען און אָנקומען אַהין.

אין איינעם אַ פֿרימאָרגן, סוף חודש אויגוסט, האָט משה־אברהם אַוועקגעפֿירט נחומען אין דער אַלגעמיינער שולע אָפּצו־האַלטן דעם עקזאַמען. די פּאַני פּאָלאַ, די לערערין, וואָס האָט אים פֿאַרהערט, האָט גלײַך בײַם רעגיסטרירן אים, זיך געקרומט און פֿאַרגעוואָרפֿן משה־אברהמען:

„וואָס האָט איר אָפּגעהאַלטן אײַער ייִנגל אין פֿינצטערן חדר ביז אַצינדערט? ער קאָן דאָך קיין רעכטן פּוילישן זאַץ נישט

אַרויסרעדן! ווי אַזוי ווילט איר מען זאָל אײַך טראַקטירן ווי גלײַכע בירגער, אַז איר פירט זיך אויף ווי אַזיאַטן?!״

משה־אברהמען האָט פאַרדראָסן, וואָס אַ ייִדישע טאָכטער זאָל אַזוי רעדן וועגן ייִדן, אָבער די צונג האָט זיך אים נישט געלייגט צום פוילישן לשון און ער האָט אויך מורא געהאַט, אַז ער זאָל מיט זײַנע רייד נישט ברענגען קיין שאָדן נחומען, וועלכער איז געשטאַנען נעבן אים אַ דערשראָקענער, טאָמער וועט די בייזע לערערין אים נישט לאָזן אָנקומען אין דער שולע. ער האָט שוין אַצינד מיטן גאַנצן האַרץ געוואָלט אָנגענומען ווערן און זײַן מיט אַנדערע קינדער צו גלײַך. זעענדיק דעם זונס פאַרלוירנקייט, האָט משה־אברהם אים גענומען גלעטן איבערן קעפּל מיט זײַן אויסגעאַרבעטער האַנט און שטיל אַרײַנגערעדט אין אים:

„האָסט זיך נישט וואָס צו שרעקן, נחומל. וועסט מצליח זײַן און לערנען נאָך בעסער ווי די אַנדערע ייִנגלעך. און מיטן חדר איז אויך נישטאָ וואָס זיך צו שעמען; גרויסע מענטשן, שרײַבער און פילאָזאָפן, זײַנען אַרויסגעקומען פון חדר. זיי רויִק, נחומל, וועסט, מיט גאָטס הילף, מצליח זײַן.״ אויפגעהייטערט פון טאַטנס רייד, איז נחום אַרײַן צום פאַרהער. ס׳האָט נישט לאַנג גענומען און די פּאַני פּאָלאַ איז אַרויסגעקומען צוזאַמען מיט נחומען און שוין מיט אַ פרײַנדלעך קול צו וויסן געגעבן משה־אברהמען:

„ער איז אַדורך, אײַער ייִנגל. קאָנען קאָן ער נאָך ווייניק, אָבער ער וועט מיטגיין און גיך דעריאָגן אין די לימודים. די חסידימלעך האָבן שאַרפע קעפּלעך,״ האָט זי מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל צוגעגעבן.

„אַ שיינעם דאַנק אײַך, פּאַני!״ האָט משה־אברהם אַ צופרי־דענער געזאָגט און גענומען נחומען פאַר דער האַנט, גרייט אַוועקצוגיין.

„מאָרגן אַכט אַ זייגער דאַרף ער זײַן אין שולע. ער וועט לערנען אין דריטן קלאַס, ווו איך בין די דערציערין.״ משה־אברהם האָט זיך פאַרנייגט פאַר דער לערערין און אַרויסגעשטאַמלט:

„דאָ־ווידזעניאַ! צום ווידערזען, פּאַני!״

„דאָ־ווידזעניאַ!״ האָט די לערערין געענטפערט און צוגעגעבן: „די פּאהלעך מעגט איר אים אָפּשנײַדן! און דאָס ייִדישע היטעלע דאַרף מען דאָ אויך נישט, מיר האָבן דאָ אייגענע שול־היטלעך.״ אָפּגעזאָגט די ווערטער, איז זי גלײַך פאַרשוווּנדן צווישן

דעם עולם עלטערן און קינדער אַרום דעם שול־דירעקטאָרס קאַנצעלאַריע.

צו מאָרגנס אין דער פרי האָט נחום, מיט אַ נײַ לײַוונטן שולרענצל אונטערן אָרעם, זיך געאײַלט אין שקאָלע אַרײַן. בײַ נאַכט, פאַרן שלאָפן גיין, האָט די מאַמע אים אויסגעצוואָגן דעם קאָפּ, אַ ביסל פאַרקירצט די פאהלעך, זיי זאָלן זיך נישט וואַרפן אַלעמען אין די אויגן, און אים צוגעגרייט אַ נײַ אָנצוגל, ער זאָל קומען אין שולע אַרײַן אָנגעטון אָנשטענדיק און ריין. אויפן וועג, לענג־אויס דער מאַרקגאַס, האָבן געאײַלט נאָך קינדער, ייִנגלעך און מיידלעך, מיט רענצלעך אין די הענט אָדער אויפן רוקן — אַלע אין דער ריכטונג פון דער שקאָלע נומער פיר, איינע פון די צוויי אַלגעמיינע שולעס, ווו די ייִדישע קינדער פון שטאָט האָבן זיך געלערנט.

נחום איז אַדורך דאָס טירל פון שולהויף, אַקעגן דעם צווייִשטאָקיקן שול־בנין, וואָס זײַן אַרײַנגאַנג איז געווען פון הויף. צו דער גאַס צו איז פאַר דער געבײַדע געווען אַ פאַרצוימטער גאָרטן מיט הויכע, צעצווײַגטע ביימער, וואָס האָבן געשאָטנט איבער די הילצערנע ווענט פון שולהויז. אויף רעכטס און הינטער דעם הויז האָט זיך געצויגן דער גרויסער הויף מיט שפּילפּלעצער און אָפענע שטחים, ווו די קינדער האָבן געקאָנט פרײַ אַרומשפּאַצירן, מאַכן גימנאַסטישע איבונגען אָדער שפּילן אין באָל. איןביידע ווינקלען פון הויף זײַנען געווען קלענערע בנינים: אויף רעכטס — דאָס הויז פון שול־באַדינער; אויף לינקס — די באַזונדערע וואַשצימערן פאַר ייִנגלעך און מיידלעך. דאָ און דאָרט, צווישן די אָפענע שטחים, זײַנען געווען צעוואָרפן איינצלנע סאָסנע־ביימער, וואָס זײַנען פאַרבליבן ווי אַ זכר פון אַמאָליקן וואַלדיקן שטח.

דער הויף איז אָנגעפילט געוואָרן מיט תלמידים און תלמידות פון פאַרשיידענעם עלטער. די ייִנגלעך, טייל אין גראַנאַטענע שול־היטלען מיט שוואַרצע דאַשקעס, האָבן אַרומשפּאַצירט אין גרופּקעס, מיט די הענט אין די קעשענעס, מעשׂה גרויסע. מען האָט זיך אָפּגעטיילט און ווידער צונויפגעטראָפן, זיך באַגריסט מיט וואַרעמע האַנטדרוקן און אין אַ געמיש פון ייִדיש און פויליש זיך דערציילט, וואָס מען מאַכט און ווי מען האָט פאַרברענגט דעם זומער. מיידלעך מיט פאַרפלאָכטענע צעפּלעך, אָדער מיט קורץ־געשוירענע האָר, זײַנען אַרומגעגאַנגען אַהער־אַהין און זייערע ווײַסע קעלנערלעך האָבן געמינעט אויף זייערע מיידלשע אַקסלען. זיי האָבן זיך באַגריסט איינע מיט דער אַנדערער אין אַ פּליסיקן פויליש:

,,סערוווּס, יאַדזשוּ! יאַק־שעמאַש, עסטוּשאַ!״

נחום האָט זיך אַרומגעדרייט אויף דעם קינדער־יריד ווי אַ פּרעמדער. ער האָט קיינעם נישט געקאָנט און קיינער האָט אין אַרומיקן טומל אויף אים קיין אַכט נישט געלייגט. אין הויף האָט זיך באַוויזן אַן עלטערער מאַן, אָנגעטון אין אַ גראַנאַטענעם מונדיר מיט שייַנענדיקע קנעפּ, און געגומען קלינגען מיטן מעשענעם גלאָק, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. טייל קינדער זייַנען אים נאָכגעלאָפן און זיך באַגריסט מיט אים ווי אַלטע באַקאַנטע:

,,פּאַן פּיאָטר, גוט מאָרגן דיר! וואָס מאַכסטו?״

,,גיכער, סרולקי, גיכער,״ האָט זיי דער שול־באַדינער אונטער־געאייַלט צו די רייַען, וואָס האָבן זיך געגומען פּאָרמירן פאַרן אַרייַנגאַנג פון שול־בנין. אויף די טרעפּ, בייַם אַרייַנגאַנג, זייַנען געשטאַנען עטלעכע לערערינס, צווישן זיי די פּאַני פּאָלאַ, וועלכע נחום האָט באַקענט בייַם עקזאַמען. נעבן די פרויען איז געשטאַנען אַ מיטליאָריקער מאַן אין אַ העלן ספּאָרטאָנצוג, מיט קורץ־געשווירענע בלאָנדע האָר, און דיריגירט ווו זיך אויסצושטעלן, לויט די קלאַסן און די גרייס פון די קינדער. אויף די טרעפּ האָט זיך באַוויזן דער שול־דירעקטאָר — אַ הויכער מאַן מיט קורץ־געשווירענע טונקעלע האָר און אַ שטרענגן, שטאָלצן בליק. אונטערהוסטנדיק, האָט ער זיך באַגריסט מיט די לערער און אויסגערופן אויפן קול:

,,זייַט באַגריסט, תלמידים און תלמידות, צום נייַעם שוליאָר. מירן אָנהייבן, ווי אַלע מאָל, מיט דער מאָרגן־תפילה.״ דאָ האָט זיך אַרויסגערוקט דער לערער אין ספּאָרטאָנצוג און אַ פייַף געטון מיטן פייַפל, וואָס איז געווען אָנגעהאָנגען אויף זייַן האַלדז — אַ סימן, אַז די שורות קינדער זאָלן זיך אויסגלייַכן און זיך שטעלן אויף ,,אַכטונג״. ער האָט געגעבן אַ צייכן מיט דער האַנט און פון אַלעמענס מייַלער האָט זיך אַ ריס געטון אַ יונג געזאַנג:

> ווען ס׳גייט אויף דער מאָרגנשטערן,
> זינגט די ערד, דער ים ברומט —
> אַ שבח צו דיר, גרויסער גאָט,
> זיי געלויבט און גערימט.

אין די אונטערשטע רייַען, ווו נחום איז געשטאַנען, האָבן די יינגלעך זיך געשטופּט מיט די עלנבויגנס און זיך שטילערהייט געוויצלט אין יידיש:

,,חברה, מע דאַוונט שחרית! מע שטייט שימענעסרע!״

די מיידלעך, וואָס זײַנען געשטאַנען פון פאָרנט, האָבן זיי אין דער שטיל באַרוּיִקט: „שטילער, כלאָפּצי!״

נאָך דער מאָרגן־תּפילה זײַנען די קינדער, רײַ נאָך רײַ, אַרײַן מיט זייערע לערערס אין די קלאַס־צימערן.

* * *

ווי שוין פריער דערמאָנט, איז די דערציערין פון נחומס קלאַס געווען די פּאַני פּאָלאַ. כאָטש איר אויסזען איז געווען אַ טיפּיש־יִדישער — אַ שוואַרצער קאָפּ האָר און אַ פּולע, מאַמעשע פיגור — איז זי געווען אַסימילירט און דערווײַטערט פון יעטווידער פאָרם פון יִדישקייט. די מערסטע קינדער אין דער שולע זײַנען געווען פון היימען, ווו מען האָט גערעדט און געאָטעמט מיטן יִדישן לשון. אָבער אין דער שקאָלע איז יִדיש געווען אומאָפיציעל פאַרבאָטן. די לערנשפּראַך פון אַלע קעגנשטאַנדן איז געווען פּויליש. די לידער, וואָס מען האָט געזונגען, די שול־יום־טובים, די גאַנצע אַטמאָספערע און גײַסט פון דער שולע איז געווען אַ פּוילישע.

אַז די פּאַני פּאָלאַ פלעגט דערהערן פון אַ קינד אַ יִדיש וואָרט, פלעגט זי אויפשפּרינגען ווי אַן אָפּגעבריטע. אירע גרויסע, טונקעלע אויגן פלעגן זיך אָנצינדן מיט אַ נערוועז פײַערל און איר מויל האָט זיך פאַרקרומט אין אַ גרימאַסע.

„שוין ווידער דער יִדישער זשאַרגאָן!״ פלעגט זי אויסשרײַען. „דאָ איז נישט קיין חדר! איר וועט זיך קיין מאָל קיין פּויליש נישט אויסלערנען, דורניעס!״ קיין דרך־ארץ און ליבשאַפט פון די קינדער האָט זי, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט און זיי האָבן איר הינטער די אויגן גערופן מיטן צונאָמען „פּאַני פּערעלע.״

אַן אַנדער טיפּ פון אַן אַסימילירטן יִיד איז געווען דער פּאַן קלאַר, לערער פון צייכענען און גימנאַסטיק. געווען איז ער אַן אַלטער בחור, פון מיטעלן ווּוקס, שטענדיק אַן אויסגעפּוצטער אין אַ העלן ספּאָרטאָנצוג. כאָטש שטאַרק פאַרפּויליִשט, האָט ער דאָך נישט באַהאַלטן אָדער זיך געשעמט מיט זײַן אָפּשטאַם, פון אַ פאַרמעגלעכער יִדישער משפּחה אין גאַליציע. ווען ער איז געווען אויפגעלייגט, פלעגט ער זײַן צוגעלאָזן צו די קינדער און זיי דערציילן וועגן זײַנע יונגע יאָרן, ווען ער האָט געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי, ווו ער האָט געהאַט דעם ראַנג פון אַן אונטער־אָפיציר; אָדער וועגן זײַן ברודער, אַ ציוניסטישער עסקן אין גאַליציע, אויטאָר פון צוויי בראָשורן וועגן אויפבוי פון פּאַלעסטינע.

פון צײַט צו צײַט אָבער פלעגט פאַן קלאַר אַרײַנפאַלן אין אַ מרה־שחורה און אַרומגײן בײז און אָנגעכמורעט. דעמאָלט איז געװען אַ סכּנה צו קומען נאָענט צו אים. ער פלעגט שרײַען און זידלען אָן אַ פּאַרװאָס און אפילו דערלאַנגען מיט אַ הילצערנער װירע איבער די הענט. שנעל אָבער איז זײַן שלעכטער מצב־רוח אַריבער און ער איז װידער געװאָרן גוטמוטיק װי פריער.

פאַן קלאַרס באַליבטער קעגנשטאַנד איז געװען גימנאַסטיק, איבונגען און מושטירונגען. װען דער װעטער האָט עס דערלויבט, פלעגט ער אַרויספירן דעם קלאַס אויפן הויף צו מאַכן די איבונגען אונטערן פרײַען הימל. מיטן פײַפל אין מויל, איז ער נאָכגעלאָפן די מאַרשירנדיקע קינדער און קאָמאַנדעװעט:

„רעכטס — לינקס! פאַלן — אויפשטײן! לויפן — שטײן בלײַבן!"

אויסגעשטעלט צו צװיי אין אַ רײַ און לויט דער גרייס, די ייִנגלעך אין גימנאַסטישע לײַבלעך און הײזלעך, די מײדלעך — אין לײַכטע, אַריבערגעװאָרפענע הויזן, פלעגן זײ מאַרשירן אויסגע־גלײַכטע און האָפּערדיק זינגען:

מיר זײַנען די צוקונפט פון פאָלק,
אונדזער ברוסט — פול כּוח און מוט;
באַשיצן מיר װעלן דאָס פאָטערלאַנד
מיט אונדזער לעבן און בלוט.

אָט די פּוילישע לידער פלעגט אײַנלערנען מיט די קינדער דער לערער פון מוזיק, פאַן פרײדמאַן. כאָטש ער האָט געהאַט אַ טיפּיש־ייִדישן פאַמיליע־נאָמען, איז ער געװען דורכאויס אַסימילירט און זיך באַטראַכט װי אַ פּאָליאַק פון ייִדישן אָפּשטאַם. פון זײַן יוגנט אָן אַ פרײַדענקער און ראַדיקאַל־געשטימטער, האָט ער נישט בדעה געהאַט זיך צו שמדן און אויך נישט געפילט קײן פײַנטשאַפט צו ייִדן. אויפגעװאַקסן און דערצויגן אויף דער פּוילישער קולטור, האָט ער נישט געהאַט קײן שום סענטימענט פאַרן ייִדיש־רעליגיעזן אָדער קולטורעלן אײגנאַרט. ער האָט געהאַלטן, אַז ייִדן דאַרפן זיך אַסימילירן, אויב זײ װילן האָבן אַן אָרט אין פּוילן װי גלײַכע מיט גלײַכע. אײַ װאָס די פּאָליאַקן האָבן נישט װײניקער פײַנט די אַסימילירטע װי די פּראָסט־פּשוטע ייִדן, איז דאָס די שולד פון דער פּוילישער רעאַקציע, און אירע טעג זײַנען געצײלטע. פריער צי שפּעטער מוז זיגן אין פּוילן דער אַרבעטער־קלאַס, די לינקע באַװע־

גונג, וואָס אָריענטירט זיך אויפן ראַטן־פּאַרבאַנד, און די מאַכט פון די קאַפּיטאַליסטן און לאַנד־באַזיצער, צוזאַמען מיט זייערע אונטער־העלפּערס — די מיליטער־קליקע און די קלעריקאַלן — וועט איַינגעבראָכן ווערן. דעמאָלט וועלן אָפּפאַלן אַלע מחיצות, וואָס פאַרצאַמען דעם וועג פאַר די ייִדישע בירגער פון פּוילן זיך צו אינטעגרירן אין אַלגעמיינעם לעבן פון לאַנד.

טראָץ זיינע ראַדיקאַלע איבערצייַגונגען, האָט פאַן פריידמאַן זיך נישט אָנגעשלאָסן אין דער אונטערערדישער קאָמפּאַרטיי. ער איז געווען צו פיל פאַרטון אין דער וועלט פון מוזיק; געפאָרן אייניקע מאָל אַ וואָך קיין וואַרשע צו הערן לעקציעס אין דער קאָנסער־וואַטאָריע; געשריבן אייגענע קאָמפּאָזיציעס און געדולדיק געוואַרט אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס וועט עפענען נייַע פּערס־פּעקטיוון פון אַ מענטשלעך און שעפעריש לעבן פאַר אַלעמען.

אויך ער, ווי פאַן קלאַר, פלעגט אָפּט אַרייַנפאַלן אין אַ הילפלאָזן כּעס און דעמאָלט שרייַען אויף די קינדער אָדער אַ צי טון עמעצן בייַ די אויערן. דאָך האָבן סייַ די קינדער, סייַ די דערוואַקסענע אים האָלט געהאַט צוליב זייַן צוגעלאָזנקייט, גוטסקייט און עניוות. פאַן פריידמאַן פלעגט זיך אינטערעסירן מיט די אָרעמע קינדער אין קלאַס און געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ קאָמיטעט פון עלטערן און לערער, וואָס האָבן געזאָרגט מען זאָל אויסטיילן אויף דער גרויסער הפסקה אַ גלאָז מילך מיט אַ זעמל צו נויט־באַדערפטיקע קינדער, וואָס פלעגן אָפּט מאָל קומען הונגעריקע אין שולע אַרייַן.

דער איינציקער פאַרשטייער פון ייִדישקייט אין דער שולע איז געווען פאַן דוטלינגער, דער לערער פון ייִדישער רעליגיע. דאָס איז געווען אַ לימוד, וואָס דאָס פּוילישע בילדונג־מיניסטעריום האָט איַינגעפירט אין די עלעמענטאַר־שולן מיט אַ מערהייט ייִדישע קינדער, כּדי ווי עס איז אַקעגנקומען זייערע עלטערן. דער לימוד איז באַשטאַנען פון לערנען בלויז איין שעה אַ וואָך עפּעס וואָס פון ייִדישער געשיכטע, קאַפּיטלעך פון תנ״ך אָדער אגדות פון תלמוד, אין פּויליש, פאַרשטייט זיך. דער לערער דוטלינגער — אַ נידעריקער און קרעפּקער, מיט אַ ברייטן שטערן און מילדע אויגן — האָט ליב געהאַט דעם ייִדישקייט־לימוד און איז געווען גוט באַהאַוונט אין ייִדישער געשיכטע, די רייד פון די נביאים און חכמי־התלמוד. ער האָט שטודירט אין דער „תחכמוני״ שולע פאַר לערער און קאַזיאָנע רבנים אין וואַרשע און געהערט לעקציעס פון אָנגעזעענע ייִדיש־פּוילישע היסטאָריקער און שרייַבער. צו קיין אַקאַדעמישער קאַריערע האָט ער

זיך אָבער נישט געקאָנט דערשלאָגן און געמוזט ווערן אַ רעליגיע־לערער אין אַן עלעמענטאַר־שולע.

זײַן אַרבעט האָט ער גענומען ערנסט, געגרייט זיך מיט אייפער און באַגײַסטערונג צו לערנען מיט די אָפּגעפרעמדטע ייִדישע קינדער וועגן די ייִדישע מלכים און נביאים, די העלדישקייטן פון די מאַקאַ־בייער, דעם רמב״ם און רש״י און אַנדערע גרויסע גײַסטער, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט אַרויסגעגעבן. ווי נאָר אָבער פאַן דוטלינגער האָט איבערגעטראָטן די שוועל פון קלאַסצימער איז זײַן באַגײַסטערונג און מוט אויסגערונען. ער האָט דערזען פאַר זיך אַ מחנה קינדער און פון זייערע קונדסיש־צעשפּילטע אויגן און שמייכלען באַגריפן, אַז קיין שום פאַרשטענדעניש אָדער אײַנזען פון זיי קען ער נישט דערוואַרטן.

שפּרײַזנדיק הין און צוריק אין פראָנט פון קלאַס, האָט ער אָנגעהויבן דערציילן וועגן נביא ישעיה און רעציטירן אויף אויסנווייניק פון זײַנע נביאותן און שטראָפרייד. קיינער אין קלאַס האָט זיך נישט צוגעהערט צו אים. די ערשטע פּאָר מינוט איז מען נאָך געזעסן אַ ביסל רויִק, בלויז געשעפּטשעט איינער צום צווייטן און זיך איבערגעשיקט נאָטיצן און בריוועלעך. פאַן דוטלינגער האָט פּרובירט אײַנשטילן די שטערערס, געדראָט מיטן ווײַזפינגער און געקלאַפּט אין טיש סע זאָל זײַן שטיל. דאָס האָט אָבער נאָך מער אויפגערודערט דעם קלאַס און פאַרשטאַרקט דעם טומל. אייניקע ייִנגלעך האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן מיט די הענט איבער די טישלעך, כּלומרשט אײַנצור־שטילן די אַנדערע. דאָ האָט פאַן דוטלינגער אויסגעטון דאָס רעקל און עס אָנגעהאָנגען אויף דער שטול בײַם לערער־טישל, און זיך אַ שטעל געגעבן פאַרן קלאַס ווי אַ צערייצטע חיה, גרייט זיך צו וואַרפן אויף אירע פאַרפאָלגער.

אויף אַ ווײַלע האָבן די קינדער זיך אײַנגעשטילט און דער לערער האָט ווידער גענומען שפּרײַזן אַהין און צוריק און רעציטירן אין אַ מאָנאָטאָן, טרויעריק קול, ווי ער וואָלט געבעטן תּחנונים בײַ זײַנע שילערס. די קינדער אָבער האָבן הנאה געהאַט פון דער צו־להכעיסדיקער שפּיל און ווידער גענומען פראַוּוען זייערע שטיק. אפילו די שעמעוודיקע און שטילע, וואָס האָבן אויף אַנדערע לעקציעס מורא געהאַט צו עפענען דאָס מויל, זײַנען אַצינדערט געוואָרן דרייסט און גענומען צושטיין און אַרויסהעלפן די שטערערס. איצטער איז דער קלאַס שוין געוואָרן אין גאַנצן אויפגערודערט; טייל זײַנען אויפגעשפּרונגען פון די ערטער און גענומען פרײַ זיך באַוועגן און ריידן צווישן זיך, ווי אויף דער הפסקה. פאַן דוטלינגער איז

געבליבן זיצן אַ הילפלאָזער און רעזיגנירטער און געוואַרט אַצינד בלויז אויפן שולגלאָק, ער זאָל אַ קלינג טון און אים אויסלייזן פון זײַן מאַטערניש און ווייטיק.

פלוצעם האָט די טיר זיך אַן עפן געטון און ס׳האָט זיך באַוויזן דער שול־דירעקטאָר, פאַן שימאַנסקי. ער האָט אַ בליק געטון אויפן לערער און די צעיאַכמערטע קינדער און זיך צאָרנדיק צעשריגן:

,,וואָס טומלט איר, ווי אַ זגראַיע גאַסניונגען?! ווי שעמט איר זיך נישט אַזוי אויפצופירן אויף דער לעקציע פון אײַער אייגענער רעליגיע?! אָן האָנער און געוויסן זײַט איר!״

די קינדער זײַנען געבליבן זיצן שטיל און אַראָפּגעלאָזט די אויגן פאַר בושה און דער לערער דוטלינגער איז געשטאַנען אַ פאַר־שטומטער. אין דעם האָט זיך צעקלונגען דער שולגלאָק און אַלע זיינען געוועזן צופרידן אַרויסצולויפן פון קלאַס. אַ צעבראָכענער און באַזיגטער איז פאַן דוטלינגער אַרויס דער לעצטער פון ליידיקן צימער.

* * *

# דער איבערבוך

אַ לענגערע צײַט האָט נחום זיך געפּילט פרעמד און אומבאַקוועם אין דער נײַער סביבה פון דער פּוילישער שולע. נחומען איז דאָס ייִדישע לשון געווען אײַנגעבאַקן אין האַרץ. פון קינדווײַז אָן האָט ער אין דער היים, אויפן הויף און אין חדר קיין אַנדערע שפּראַך נישט געהערט און ס׳איז אים דעריבער שווער געווען זיך אָפּצוּגע־וויינען פון רעדן ייִדיש אין דער שולע. יעדעס מאָל ווען ער פלעגט זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ ייִדיש וואָרט צו עמעצן און די פּאַני פּאָלאַ, די קלאַס־דערציערין, האָט עס אויפגעכאַפּט, פלעגט זי אים ווידער אַ מאָל אויסרעדן אויפן קול, אַז דאָ איז נישט קיין חדר, נאָר אַ פּוילישע מלוכה־שולע.

אויך פון פּאַן קלאַר, דעם גימנאַסטיק־ און צייכענען־לערער, האָט ער געהאַט אויסצושטיין אויסריידענישן און אפילו קלעפּ. געשען איז עס צו מאָל אויף די גימנאַסטיק לעקציעס, ווען נחום האָט נישט באַוויזן אויסצופילן אין צײַט דעם לערערס באַפעלן; און נאָך אָפטער אויף די לעקציעס פון צייכענען און מאָלן, ווען ס׳איז געווען שווער צו קאָנטראָלירן, אַז די קינדער זאָלן נישט רעדן צווישן זיך אָדער זיי זאָלן נישט צוגיין איינער צום אַנדערן באָרגן אַ קאָליר־בלײַער אָדער אַ מעקער. אָט די לויזע שעה פלעגן אויסנוצן די פּוילאַקעס און פוסט־און־פּאַסטניקעס אין קלאַס, ספּעציעל צווישן די ייִנגלעך, כּדי צו מאָלן פאַרשײַטע בילדלעך, אָדער זיך טיילן מיט וואוּיל־יוּנגערישע בריוולעך און גערייד.

פּאַן קלאַר, וואָס איז געוויינט געווען צו דיסציפּלין און געהאָרכזאַמקייט, האָט עס נישט געקאָנט פאַרטראָגן און איז גיך

אַרויס פון זײַן גלײַכגעוויכט. ווי אַ באַנומענער פלעגט ער נעמען אַרומשפּאַנען איבערן צימער און, אונטערהײבנדיק יעדע ווײַל דעם הויזן־פּאַסעק, קאָמאַנדעווען:

„נישט רירן זיך פון אָרט, באָלוואַנעס! דרך־ארץ, דראַניעס!"

אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ הילצערנע ווירע מיט וועלכער ער פלעגט דערלאַנגען איבער די הענט, אָן אונטערשייד צי מען האָט זיך דאָס פאַרדינט אָדער נישט. ס'האָט געטראָפן בשעת אַזאַ לעקציע, ווען ער האָט באַמערקט ווי נחום צייכנט עפּעס מיט דער פעדער אויף דעם פּאָלירטן שרײַבטישל אָנשטאָט אויפן פּאַפּיר, איז ער צוגעפאַלן צו נחומען און אים גענומען שלאָגן מיט דער ווירע ביז זי איז צעבראָכן געוואָרן. נחום איז אַהיימגעקומען אַ פאַרווײנטער, מיט רויט־בלאָע צייכנס אויף די הענט און רוקן און איז עטלעכע טעג געבליבן זיצן אין דער היים, ביז דער ווייטיק און כּעס אויפן לערער זײַנען אַריבער.

דער הויפּט פון די ייִנגלעך אין קלאַס איז געווען וועלוול, אַ ברייטפּלייציקער הפקר־יונג מיט אַ פּאָר אַרויסגעשטאַרטע פאַרגעלטע ציינער און אַ ציניש שמייכעלע אויף די ליפּן. פון די דער־וואַקסענע אין זיין היים האָט ער איבערגענומען דאָס זידל־לשון פון גאַס און מאַרק. ער האָט געשיט מיט ניבול־פּה אָן אויפהער און צוליב דעם פלעגן די מיידלעך אויסמײַדן צו שטיין אין זײַן מחיצה. די ייִנגלעך האָבן פאַר אים מורא געהאַט, אָבער אויך באַוווּנדערט זײַן חוצפּהדיקע האַלטונג. עטלעכע פון זיי האָבן געקלעפּט אַרום אים און אויסגעפירט אַלע זײַנע באַפעלן.

ווינטערצײַט, אויף דער לאַנגער הפסקה, פלעגן קינדער אויסמײַדן אַרויסצוגיין אויפן הויף און האָבן פאַרברענגט אין קלאַס. וועלוול פלעגט זיך אַוועקזעצן אויף זײַן שרײַבטישל אין סאַמע עק פון קלאַס, אַרײַננעמען די הענט אין די קעשענעס און גענומען אַרויס־געבן באַפעלן:

„דו, קאָמאַר, ברענג מיר אַרויף אַ בייגל פון דער פאַרקויפערין בײַם טויער. און דו, בנימין, שטעל אַוועק די באַרשט הינטער דער טיר, אַז ווי נאָר פאַן דוטלינגער, דער „רעליגיאַש", וועט אַרײַן, זאָל זי אויף אים אַראָפּפאַלן. און דו, חסידל," האָט ער זיך געוואָנדן צו נחומען, „קום אַהער און העלף מיר אַרויס אין דער שרײַבאַרבעט וועגן קייסער קאַזשימיעזש יאַגעלאָנטשיק, אַ רוח אין זײַן טאַטנס טאַטע אַרײַן!"

כאָטש נחום איז געווען אַ קליין און דאַר ייִנגל און נישט

געקאָנט אַרויסוויַיזן קיין באַזונדערע בריהשקייט בײַם באַרעווען זיך אָדער בײַ די באָל־שפּילערײַען, האָט ער דאָך נושׂא־חן געווען בײַ וועלוולען, וואָס האָט אים גענומען אונטער זײַן שוץ און געזען מען זאָל זיך נישט טשעפּען צו אים צוליבן ייִדישן היטעלע, וואָס ער האָט נאָך געטראָגן אָדער צוליב די פּאהלעך פאַרבויגענע הינטער די אויערן.

,,לאָז אָפּ דאָס חסידל,'' פלעגט ער צושטיין צו אַזאַ איינעם, וואָס האָט זיך געטשעפּעט צו נחומען, ,,אַנישט קריגסטו אַ טאַפּ, אַז דו וועסט זען דײַן עלטער־באָבען פאַר די אויגן!''

נאָך צוויי יאָר לערנען אין דער שולע, האָט נחום זיך אויסגע־לערנט נישקשהדיק רעדן פּויליש און איז נאָך בעסער געווען אין לייענען און שרײַבן. פאַר זיינע שריפטלעכע אַרבעטן אין פּוילישער ליטעראַטור און געשיכטע פלעגט ער קריגן הויכע צייכנס און אייניקע מאָל האָט די לערערין פון פּויליש פאָרגעלייענט זיי פאַרן קלאַס, אָדער זיי אַרויסגעהאָנגען אויף דער וואַנט ווי מוסטערן פאַר אַנדערע תלמידים.

אין משך פון ערשטן יאָר אין דער שקאָלע האָט נחום אָנגעהאַלטן דאָס גיין אויף עטלעכע שעה נאָך מיטאָג צו משה לערערן אין חדר אַרײַן, כּדי ווײַטער אָנצוגיין מיט זײַנע ייִדישע לימודים. אָבער אויפן צווייטן יאָר, אין פערטן קלאַס, האָט מען אָנגעהויבן צו געבן די קינדער וואָס אַ מאָל מער היימאַרבעט, און נחומס טאַטע־מאַמע האָבן אײַנגעזען, אַז ס'וועט שווער זײַן פאַרן ייִנגל אַזוי אָנצוגיין, פון באַלד אין דער פרי ביז אין אָוונט, אין שקאָלע און אין חדר.

,,מע טאָר נישט דערמאַטערן דאָס קינד,'' האָט איטע אײַנגעטענהט מיטן מאַן. ,,דאַוונען און חומש קאָן ער דאָך, הלוואי אויף אַנדערע ייִדישע קינדער געזאָגט, און קיין רב גייט ער דאָך נישט ווערן. חוץ דעם, ווער קען דאָס צאָלן פינעף זלאָטעס אַ וואָך דעם משה לערער. ער נעמט דאָך ווי אַן אַפּטייקער.''

משה־אברהם האָט אײַנגעזען, אַז דאָס ווײַב איז גערעכט. האָט ער אַרײַנגעגעבן דעם זון אין דער פּוילישער שקאָלע, מוז פאַלן אַ קרבן דאָס חדר. אָבער אין גאַנצן אָפּרײַסן דאָס ייִנגל פון לערנען האָט ער דאָך נישט געקאָנט בײַ זיך פּועלן. האָט ער זיך דערעדט מיטן אַלטן רב שמואל, אַ זקן וואָס פלעגט אָפּזיצן גאַנצענע טעג אין בית־מדרש, ער זאָל, פאַר אַ קליינעם שׂכר, לערנען מיט נחומען יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אַ שיעור אין גמרא.

באַפּרײַט פֿון עול פֿון חדר, איז נחום געוואָרן אַ שקאָלע־ייִנגל מיט אַלעמען צו גלײַך. ער האָט זיך אײַנגעשאַפֿט אַ נײַ שולהיטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק און אַ ווייס פּויליש אָדערל פֿון אויבן און פֿון דעמאָלט אָן געטראָגן דאָס ייִדישע היטל מיטן חסידישן כאַלאַטל נאָר ווען ער איז געגאַנגען צום שיעור אין בית־מדרש אַרײַן אָדער שבת אין דער פֿרי, ווען ער איז געגאַנגען מיטן טאַטן צום דאַוונען אין ביקור־חולים שטיבל. אַצינדערט האָט ער שוין אָפֿט מאָל געקאָנט פֿאַרבלײַבן נאָך די לעקציעס און שפּילן מיט אַנדערע ייִנגלעך אין שאַטקעבאָל אָדער אין „צוויי פֿייערן", — אַ טומלדיקער פֿאַרמעסט אין וועלכן די אָנטיילנעמער פֿון צוויי מאַנשאַפֿטן באַזייטיקן איינס ס'אַנדערע יעדעס מאָל ווען דער באָל טרעפֿט עמעצן אָן.

אָפֿט מאָל פֿלעגן אויסברעכן בײַ דער שפּיל סיכסוכים און שפּאַרענישן צווישן ביידע גרופּעס, ביז דער שולפֿאַרוואַלטער פֿלעגט אַרויסשיקן דעם סטרוזש, ער זאָל די חברה משלח־זײַן. דעמאָלט פֿלעגן די ייִנגלעך אַוועקגיין אויף אַ שכנותדיק פֿעלד און אָנגיין מיט דער שפּיל אָדער זיך טרענירן צו אַ פֿאָרשטייענדיקן מעטש מיט אַן אַנדערן קלאַס פֿון דער אייגענער אָדער אַ צווייטער שולע. צו די דאָזיקע מעטשן, ספּעציעל מיט פּוילישע קלאַסן, האָט מען זיך באַזונדערס געגרייט; געוואָלט באַווײַזן, אַז ייִדישע קינדער זײַנען נישט קיין לעמישקעס און קאָנען אָפֿט מאָל אויך זײַן די געווינער אין שאַטקעבאָל, פּינגפּאָנג און אַנדערע ספּאָרטשפּילן. די אָ פֿאַרמעסטן פֿלעגן פֿאָרקומען טייל מאָל אין דער אייגענער שולע, אַן אַנדערש מאָל אין אַ קריסטלעכער, און האָבן צוגעצויגן אַן עולם פֿון צושויער און סימפּאַטיקער. פֿאַן קלאַר און די אַנדערע לערער האָבן זיך דעמאָלט געמוזט שטאַרק מיען, אַז די אונטערנעמונגען זאָלן אַדורך בשלום, אָן אויפֿרעגונגען און קריגערײַען.

מיד פֿון די טרענירונגען פֿלעגן די ייִנגלעך זיך אויסציען אויפֿן גראָז און רוען. ווען זיי זײַנען געוואָרן הונגעריק, האָט מען גענומען אויסשאָקלען די שולרענצלעך און זיך טיילן מיטן פֿאַרבליבענעם עסנוואַרג. אָפֿט מאָל פֿלעגט מען צונויפֿלייגן פֿינפֿער־ און צענער־גראָשנס און אַרויסשיקן עמעצן אײַנקויפֿן עפּעס צום עסן. ס'האָט געטראָפֿן, אַז איינער פֿון די ייִנגלעך איז צוריקגעקומען פֿון אַזאַ אײַנקויף מיט אַ בײַטל פֿרישע זעמל און אַ שטיק פּוילישע קאָלבאַסע. די ייִנגלעך האָבן זיך אײַנגעטיילט מיט די זעמל און מיט פֿענעצער קאָלבאַסע און זיך דערבײַ געוויצלט: „כשר ווי אַ חזיר־פּיסל." ווען מ'האָט נחומען דערלאַנגט דעם זעמל מיטן שטיקל טרפֿות, האָט אים

גענומען איבלען; ס'איז אים קאַפּויער געקומען דער ריח פון חזיר־פּעטס, וואָס האָט געשלאָגן פון גײַגערס גוֹיִישער יאַטקע יעדעס מאָל ווען ער פלעגט דאָרט פאַרבײַגיין אויפן וועג צו און פון דער שולע. וועלוול, וואָס האָט געזען ווי נחום שטיקט זיך און קרומט זיך בײַ יעדן ביס, איז צוגעשטאַנען צו אים און געוואָרנט: „עס שוין אויף דאָס שטיקל קעלבאַסע, אַנישט קריגסטו אין די ציין אַרײַן!" עס האָט זיך אַרום נחומען געשאַפן אַ קרײַז פון ייִנגלעך, וואָס האָבן לאַכנדיק זיך צוגעקוקט ווי ער קײַט, מיט טרערן אין די אויגן, דעם זעמל מיטן גוֹיִישן שטיקל פלייש.

פאַר נאַכט, בעתן שיעור מיטן אַלטן רב שמואל אין בית־מדרש, איז נחום געזעסן אַ פאַרמוחטער און נישט געקאָנט פאַרגעסן וואָס ס'איז דעם נאָכמיטאָג געשען. אין קאָפּ האָבן זיך אים געפּלאָנטערט מחשבותן פון שרעק און חרטה: ער האָט געגעסן חזיר, עובר געווען אויף אַ לאַוו אין דער תורה, ווי קאָן ער זיצן אַצינד אין גאָטס הויז בײַ דער הייליקער גמרא? באַלד האָט ער גענומען ספקן: איז עס מעגלעך, אַז מען ווייסט דאָרט אין הימל, אַז ער, נחום פריידאָוויטש, האָט הײַנט געגעסן טרפות? וועמער האָט עס געזען און ווי אַזוי איז עס פאַרשריבן געוואָרן? און אפשר זײַנען די אַלע פאַרבאָטן נישט מער ווי אַן אויס־טראַכטעניש, כּדי אָנצוּוואַרפן אַ פּחד אויף די מענטשן, פּונקט ווי די מעשׂיות וועגן שדים און רוחות, וואָס ער האָט שוין לאַנג אויפגעהערט אין זיי צו גלייבן? אפילו גאָט, זאָגן חברים פון שולע, איז גאָר נישט בנמצא; אַלץ ווערט געטון פון דער נאַטור. ווי שיקט זיך עס? אַזאַ גרויסע וועלט אָן אַ באַשאַפער?

נחום האָט געפּרוּווט זיך אָפּטרייסלען פון דעם פּלאָנטער פון ספקות, וואָס זײַנען אים באַפאַלן, און זיך צוריקקערן צום לערנען. לעבן אים איז געזעסן רב שמואל, אַ ייִד אין די זיבעציקער, מיט אַ גראָער באָרד און פאַרגעלטע וואָנצעס פון כּסדרדיקן טאַבאַק שמעקן. ער האָט זיך געווישט מיט דער פאַטשיילע דעם שווייס פון שטערן און געטײַטלט מיטן פינגער אין דער אָפענער גמרא. ער האָט אַ נעם געטון נאָך אַ שמעק טאַבאַק פון דעם האַלב־אָפענעם זילבערן שקעטעלע און זיך צעלאָזן אין אַ שקלא־וטריא וועגן אַ שומר־חינם, בײַ וועמען מען האָט צוגעגנבעט אָדער ס'איז פאַרלוירן געגאַנגען דער פּקדון, צי איז ער חייב אָדער פּטור פאַרן שאָדן. נחומען איז דער גאַנצער ענין מיטן שומר־חינם ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען. ער האָט זיך געשאָקלט צוזאַמען מיטן אַלטן און אים נאָכגעזונגען וואָרט־אין־וואָרט, פאַרטון אין די אייגענע טראַכטונגען און געדאַנקען.

אין דער היים האָט נחום זיך נאָך אַלץ אויפגעפירט ייִדישלעך: געדאַוונט יעדן פאַרנאַכט מנחה־מעריב און מיטגעגאַנגען יעדן פרײַטיק צו נאַכטס מיטן טאַטן צו קבלת־שבת אין בית־מדרש אַרײַן. שפּעטער, נאָך דער סעודה, פלעגט דער טאַטע אים מיטנעמען אין דער נײַער שיל, וואָס דער גביר און נדבן, רב אברהם גאָלדבערג, האָט אויפגעבויט אין אַ ווילִיע אויף יענער זײַט באַן. דאָרטן האָבן יונגע־לײַט בני־תורה, וואָס דער גביר האָט אַראָפּגעבראַכט פון דער ליטע, געדרשנט יעדן פרײַטיק צו נאַכטס פאַרן עולם איבער דער סדרה פון דער וואָך. אין אַ טיפן ליטווישן ייִדיש, וואָס אָפט מאָל איז שווער געווען צו פאַרשטיין, האָבן זיי דורכגעפלאָכטן זייערע דרשות מיט פסוקים פון דער תורה און מוסר־רייד פון די חז״ל, און דאָ און דאָרט אָנגעבונדן מיט היינטצײַטיקע געשעענישן אויף דער וועלט. צוריק אַהיים האָט משה־אברהם געשפּרײַזט געלאַסן, האַלטנדיק נחומען בײַ דער האַנט. נחום האָט טרויעריק געשוויגן. אין די אויערן האָבן אים נאָך געקלונגען די רייד פון די דרשנים און ער האָט זיך געפילט שולדיק און זינדיק. זײַן נשמה האָט זיך געראַנגלט צווישן צוויי קעגנזעצלעכע וועלטן — די הייליקע שבתדיקע וועלט פון דער היים און בית־מדרש און די פרייע, אומגעצוימטע וועלט פון די חברים אין דער פּוילישער שקאָלע.

* * *

מיטן אָנקום פון פרילינג, סוף פעברואַר, האָט דער יצר־הרע זיך אַ נעם געטון צו צעטרייסלען דעם לעצטן ייִדישקייט־אָנשפּאַר, וואָס איז נחומען פאַרבליבן — דאָס אָפּהיטן דעם שבת. יעדן שבת אין דער פרי פלעגן די חברים פון קלאַס אײַנאָרדענען „מײַיובקעס״ — פרימאָרגן־אויספלוגן ווײַט אויסער דער שטאָט, קיין אַלט־אָטוואָצק, בײַ דער ווײַסל, וווּ מען האָט געקאָנט זען די רוּינעס פון אַן אַלטן פּריצישן שלאָס. דאָרט האָט מען געשפּילט זיך, געגעסן און פאַרברענגט צוזאַמען ביז נאָך האַלבן טאָג. ס׳האָט אויך געטראָפן, אַז שקצים זײַנען זיי באַפאַלן, מען האָט געמוזט אַנטלויפן אָדער זיך אויסבאַהאַלטן אין פעלד, אָבער דערנאָך געהאַט וואָס צו דערציילן און באַרימען זיך אין קלאַס. אין נחומען האָט זיך אָנגעצונדן דער חשק כאָטש איין מאָל מיטצוגיין אויף אַזאַ „מײַיובקע״. אָבער ווי מאַכט מען דאָס, אַז יעדן שבת אין דער פרי דאַרף ער גיין מיטן טאַטן צום דאַוונען און דערנאָך קומט מען אַהיים צו דער שבתדיקער סעודה, וואָס פאַרציט זיך ביז נאָך האַלבן טאָג.

איין מאָל האָבן די ייִנגלעך באַשטימט צו גיין שבת נאָך מיטאָג אויף דעם שפּילפּלאַץ אַהינטער דער שטאָט בײַצווואָינען אַ פוטבאָל־מעטש. געדאַרפט האָט עס זײַן אַ פּאַרמעסט פון די בעסטע פוטבאָליסטן פון ביידע ייִדישע ספּאָרטקלובן — דעם חלוצישן ,,הפּועל'' און דעם לינקן ,,ווולקאַן'' — מיט דער פּוילישער אָ.ק.ס. — אָטוואָצקער ספּאָרטקלוב. היות ווי די דאָזיקע מעטשן פלעגן געוויינטלעך פאָרקומען שבת אין די נאָך מיטאָג שעהען, האָט נחום זיך אַרויסגעשלייכט פון שטוב גלײַך נאָך דער שבתדיקער סעודה און אַוועק זיך טרעפן מיט די חברים פון קלאַס, כּדי צוזאַמען גיין זען דעם מעטש. געטראָפן האָבן זיי זיך בײַם טויער פון דער שולע און פון דאָרט געלאָזט זיך גיין לענג־אויס מיט די קאָלייקע־שינעס ביזן סוף פון דער קאַרטשעווער גאַס, ווו ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די אָפענע פעלדער פון דער הינטערשטאָט. דאָרטן, האַרט בײַם וואַרשע־שאָסיי, וואָס איז ערשט נישט לאַנג אויסגעפּלאַסטערט געוואָרן, איז געווען דער ,,באָיסקאָ'' — דער פוטבאָל שפּילפּלאַץ.

אַרום דעם גערעמען שפּילפעלד איז שוין געווען פאַרזאַמלט אַ היפּשער עולם, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דעם פּאָרמעטש פון די ייִנגערע שפּילערס, די פּרחי־פוטבאָליסטן פון ביידע דרוזשינעס, וואָס האָבן זיך באַלד געדאַרפט פּאַרמעסטן. די צושויער האָבן קיין גרויס אַכט נישט געלייגט אויף דער שפּיל און געוואַרט מיט אומגעדולד אויפן הויפּטמעטש. דערווײַל האָט מען שפּאַצירט אַרום דעם פעלד, דיסקוטירט און זיך געאַמפּערט ווער ס'וועט געווינען און ווי די שפּיל וועט אַוועק. געווען איז דאָ פאַרזאַמלט אַ היפּשער טייל פון דער ייִדישער יוגנט אין שטאָט פון אַלע ריכטונגען און פּאַרטייען. די הויפּט־מחותנים זײַנען, פאַרשטייט זיך, געווען די חברים פון און אַרום דעם חלוצישן ,,הפּועל'' און זייערע מיטשפּילערס פון ,,ווולקאַן''. טייל יוגנטלעכע זײַנען געווען אָנגעקליידט אין זייערע פּאַרטיי־מונדירן: די שומרים אין שאַרע בלוזעס און בלאָע קראַוואַטן, די רעוויזיאָניסטן פון בית"ר — אין ברוינע העמדלעך מיט גלאַנציקע מגן־דוד קנעפּלעך, און אַ צאָל פון די ,,לינקע'' — אין שוואַרצע רובאַשקעס אָדער קורצע לעדערנע רעקלעך. צווישן דעם עולם האָבן זיך אויסגעטיילט באַזונדער די אויסגעפּוצטע קצבים־יונגען און אַנדערע ,,שטאַרקע'', גרייטע, ווי ס'זאָל זיך נישט מאַכן, צו פאַר־טיידיקן די אייגענע ספּאָרטלער.

באַלד נאָכן אָנקומען אויפן פעלד האָט נחום פאַרלוירן זײַנע שול־חברים און גענומען אַליין אַרומוואַנדערן צווישן עולם, אַ

פאַרשיכּורטער פון דער אַרומיקער פריַיקייט און לעבעדיקייט. פאַרביַי אים האָבן ייִנגלעך מיט מיידלעך שפּאַצירט געאָרעמט און פאַר־טוליעט, געשמועסט און געלאַכט זאָרגלאָז און פריַי. אַנדערע האָבן זיך גרופּירט אַרום די פאַרקויפער פון אייער־מצהלעך, סאָדע־וואַסער און אייזקרעם, און געפונדעוועט נאַשעריַיען זייערע חברים און פאַרטנערקעס.

דער פאָרמעטש האָט זיך געענדיקט און אויפן פעלד זיַינען פון ביידע זיַיטן אָנגעקומען די מאַנשאַפטן און זיך אויסגעשטעלט איינע קעגן דער אַנדערער. די פוילישע שפּילער, הויכע יונגען מיט בלאָנדע טשופּרינעס, זיַינען געווען אָנגעטון אין וויַיסע העמדלעך מיט שוואַרצע קלוב־איניציאַלן און אין רויטע הייזלעך מיט גרינע לאַמפּאַסן; די ייִדן זיַינען געווען נידעריקערע, ברייטבייניקע יונגען מיט פאַרברוינטע פּנימער און טונקעלע גריוועס, אויסגעשטאַט אין בלאָע העמדלעך און גרינע ספּאָרט־הייזלעך. אַ וויַילע זיַינען די מאַנשאַפטן געשטאַנען איינע אַקעגן דער אַנדערער, ביז די קאַפּי־טאַנען פון ביידע קלובן זיַינען אַרויס פון פאָרנט און זיך באַגריסט מיט האַנטדרוקן. דער שופט פון דער ספּאָרט־ליגע, אָנגעטון אין אַ וויַיס העמדל מיט אַ שניפּסל און אין העלע אַריבערגעוואָרפענע הויזן, האָט אַ פיַיף געטון און דער מעטש האָט זיך אָנגעהויבן.

אין אַן אויגנבליק זיַינען די שפּילער זיך צעלאָפן, יעדער אויף זיַין באַשטימטן אָרט. די טויערליַיט האָבן זיך אָוועקגעשטעלט פאַר די דראָטענע טויערן און מיט אָנגעשפּיצטע בליקן נאָכגעפאָלגט צי דער באָל דערנעענטערט זיך נישט צום טויער. נישט וויַיט פון זיי זיַינען געשטאַנען דער רעכטער און לינקער באַשיצער און נאָך זיי, אין מיטן פעלד — די אָנגרייפער פון ביידע צדדים, וואָס האָבן מיט די שווער באַשוכטע פיס איבערגעגעבן דעם באָל איינער צום צווייטן און אים געפירט פאָרויס, אַלץ נענטער צום קעגנערס טויער. די שקצים פון דער אָ.ק.ס. האָבן אַטאַקירט אויפן שטח נאָענט צום ייִדישן טויער. דאָס ייִדישע יונגוואַרג האָט אויפגעציטערט; מען האָט אָנגעשפּאַנט די אויגן, כּדי בעסער נאָכצופאָלגן דעם גאַנג פון דער שפּיל. פון אַלע זיַיטן האָט מען געמונטערט דעם טויערמאַן און די שפּילער:

„בראַמקאַזש, זיַי גרייט!“

„ייִנגלעך, נעמט זיך צו דער אַרבעט!“

„לינקער פליגל, נעם אים אַרויס דעם באָל!“

נישט וויַיט פון טויער האָט אַן אָ.ק.ס.־שפּילער פאַרהאַלטן דעם באָל, גרייט אַריַינצוהאַקן דעם גאָל. ווי פון אונטער דער ערד איז

אויסגעוואַקסן פאַר אים יאַנקעלע שטערן, דער בעסטער פוטבאָל־שפּילער אין שטאָט, און אים אַרויסגעדרייט די פּילקע. דער עולם האָט אויסגעשריגן מיט באַגײַסטערונג:

„הוראַ, יאַנקעלע, הוראַ!"

„קיווע אים! מאַך פון אים אַ קאַרוזעלע!", האָבן אַנדערע געשריגן.

דערמוטיקט פון די פריידיקע אויסרופן, האָט יאַנקעלע גענומען פלינק זיך דרייען אַרום דעם שייגעץ, נישט אַרויסלאָזנדיק דעם באָל פון אונטער די פיס.

„שפּיל זיך נישט! פּאָדאַווע פּאָרויס!" האָבן די אַנדערע שפּילער זיך צעשריגן. יאַנקעלע איז פאַרבײַגעשפּרונגען דעם אָ.ק.ס.־שפּילער און זיך אַ טראָג געטון ווי אַ וויכער מיט דעם באָל איבערן פעלד. נאָך אים האָבן זיך געריסן די אַנדערע ייִדישע שפּילער, און איידער וואָס ווען זײַנען זיי שוין געווען פאַרן פּוילישן טויער.

„אָלאַ באָגאַ!" האָבן די פּוילישע צוקוקער, וואָס זײַנען געווען פאַרזאַמלט אַרום דעם אָ.ק.ס.־טויער, אויסגעשריגן. אין דעם איז דער פּוילישער טויערמאַן אַרויסגעלאָפן און ווילנדיק כאַפּן די פּילקע, אַ פאַל געטון יאַנקעלען צו די פיס. אין אַן אויגנבליק האָט יאַנקעלע אים אויסגעמיטן און איבערגעגעבן דעם באָל צו אַ צווייטן, וואָס איז אָנגעלאָפן פון דער זײַט, און יענער האָט אַרײַנגעשאָסן אין אָפענעם טויער.

„אַ גאָל! אַ גאָל!!" האָט דער עולם אויפגעשטורעמט.

דער פּוילישער טויערמאַן האָט אַרויסגעקאָפּעט די פּילקע אין פעלד אַרײַן און די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן פון דאָס נײַ. די פּנימער פון די אָ.ק.ס.־שפּילער זײַנען געוואָרן ערנסטער און פאַרביסענער. דאָס בלוט האָט זיך בײַ זיי אָנגעצונדן און דער פּוילישער שטאָלץ האָט זיי גענומען טרײַבן פאָרויס אין אַ ביטערן פאַרמעסט נישט צו פאַרלירן צו די ייִדן. ס'האָט נישט לאַנג גענומען און זיי זײַנען געווען בײַם ייִדישן טויער און זיך אויסגעגלײַכט מיט זיי מיטן גאָל. די שפּיל האָט זיך ווידער אָנגעהויבן. ביידע צדדים האָבן אַטאַקירט; שפּילערס זײַנען אונטערגעשפּרונגען, צוריקגעשלאָגן דעם פוטבאָל מיט די קעפּ און באַוויזן אַנדערע קונצשטיק ביז די פּאָליאַקן האָבן בײַם סוף פון מעטש מנצח געווען מיט צוויי קעגן איינעם.

צוריק אין שטאָט אַרײַן איז דער ייִדישער עולם געגאַנגען אַן אויפגעהייטערטער. טראָץ דעם, וואָס די קריסטן האָבן געוווּנען, האָט די ייִדישע רעפּרעזענטאַנץ געגעבן אַ גוטן ווידערשטאַנד און באַוויזן

פאַר אַלעמען איר גענִיטקייט און קענטעניש.

בײַם אַרײַנקומען אין שטאָט האָט מען געדאַרפט פאַרבײַגיין דעם פּאָריסאָווער רבינס הויף. ס׳איז געווען מנחה־צייט און חסידים זײַנען געשטאַנען פאַרן טויער און מיט טרויעריקע בליקן געקוקט אויפן פּאַראַד פון דער פרײַער יִדישער יוגנט פון שטאָט. נחום איז געגאַנגען מיט אַלע, דאָס שבתדיקע כאַלאַטל פאַרוויקלט אין האַנט און אַן דעם יִידישן היטל, וואָס ער האָט פאַרלוירן ערגעץ אויפן פעלד. אויף די שפּיץ פינגער האָט ער זיך אַרײַנגעשאַרט אין טויער פון זײַן הויף האָפנדיק, אַז קיינער וועט אים נישט באַמערקן. ווי נאָר אָבער ער איז אַרײַן אין הויף איז אים אַקעגנגעקומען לייבל דעם ווירטס אין דער שבתדיקער זשופּיצע און אַ דין שטרײַמל אויפן קאָפּ. ער האָט אָנ־געשטעלט די אויגן אויף נחומען און אויסגערופן אַ דערשטוינטער:

„דאָס ביסטו, נחומל?! אין בלויזן קאָפּ, פאַרשוויצט, אום שבת?! וויי איז מיר! אַזוי גיך קאַליע געוואָרן!“

נחום האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט ווי אַן אָפּגעבריטער און איז שנעל אַרײַן צו זיך אין שטוב.

* * *

# די שריפטלעכע אַרבעט

פיר יאָר האָט נחום אָפּגעלערנט אין דער פּוילישער שולע ביז ער איז, אויפֿן פֿינפֿטן יאָר, אַריבער אין זיבעטן קלאַס — דאָס לעצטע יאָר אין דער עלעמענטאַרער שולע. ס׳איז געווען עטלעכע וואָכן נאָכן אָנהייב פֿון שוליאָר, ווען פּאַני יאַדוויגאַ שימאַנסקאַ, די פֿרוי פֿון שול־דירעקטאָר און לערערין פֿון פּויליש און ליטעראַטור אין די העכערע קלאַסן, האָט געהייסן ברענגען אַ שריפֿטלעכע אַרבעט אויף דער טעמע: ,,וואָס וועל איך טון נאָכן פֿאַרענדיקן די שולע׳׳. געלאַסן און שטיל, ווי איר שטייגער, האָט פּאַני שימאַנסקאַ אויפֿגעקלערט, אַז אין עפּעס מער ווי אַ האַלב יאָר אַרום וועלן, האָפֿנטלעך, אַלע שילער פֿאַרענדיקן די שולע און וועלן אַרײַן אין שטראָם פֿון לעבן. אייניקע וועלן מסתמא פֿאָרזעצן אין דער שטאָטישער גימנאַזיע אָדער אויף האַנדל־ און פֿאַך־קורסן אין וואַרשע. די מערסטע אָבער וועלן דאַרפֿן אַרויסהעלפֿן זייערע עלטערן אין די קראָמען און וואַרשטאַטן, אָדער גיין אַרבעטן ביי יענעם אין מיסחר אָדער מלאכה. יעדער איינער דאַרף שוין אַצינדערט טראַכטן, וואָס ער וועט טון און צו וואָס ער וועט זיך נעמען נאָכן פֿאַרלאָזן די שולע.

געוויינטלעך האָט נחום גערן געהאַט צו שרײַבן די אַרבעטן, וואָס די לערערין פֿון פּויליש פֿלעגט געבן. אָבער דאָס מאָל האָט ער געהאַלטן אין איין אָפּלייגן ביזן לעצטן טאָג איידער די אַרבעט האָט געדאַרפֿט געברענגט ווערן אין שולע. דעם טאָג איז נחום אַהיימגעקומען פֿון דער שולע און, נאָכן איבערבײַסן עפּעס אין דער מאַמעס קיך, אַרויף אויבן אין שטוב אַרײַן מאַכן די היימאַרבעט. די פּאַני שימאַנסקאַ איז געווען אַ פּינקטלעכע און שטרענגע און ווען

מען האָט זיך קעגן איר מיט עפּעס פֿאַרזינדיקט, האָט מען געהאַט צו טון מיט איר מאַן, דעם נאָך שטרענגערן שול־דירעקטאָר. די אַרבעט מוז געשריבן ווערן היינט, שוין אַצינד, האָט נחום ביי זיך אָפּגעמאַכט בעת ער האָט צוגעגרייט דעם העפֿט און טינט־און־פֿעדער אויפֿן פֿענצטערברעט פֿאַר דעם טאַטנס ניימאַשינען.

אין שטוב איז געווען אומהיימלעך און אומעטיק. די ווענט זיינען געווען אָפּגעריבן און שפּינען האָבן געוועבט נעסטן אין די ווינקלען. די קאַכלענע קיך אין ווינקל איז געווען איבערגעדעקט מיט אַלטע, פֿאַרגעלטע צייטונגען און סע האָט געווייעט פֿון איר מיט האַרבסטיקער קילקייט. ביים צווייטן פֿענצטער זיינען געשטאַנען דעם טאַטנס ניימאַשינען און אין פֿראָנט פֿון זיי דער שניידטיש מיטן צעראַצטן ברעט, וואָס איז שוין לאַנג נישט געהובלעוועט געוואָרן. נחום האָט אָפּגעווענדט זיין בליק פֿון דער שטוב און גענומען אַרויסקוקן דורכן פֿענצטער אויף דער גאַס. אַ גאַנצן נאָכמיטאָג האָט דער הימל געטריבט אַ פֿאַרוואָלקנטער און אומהיימלעכער. איצטער האָבן די כמאַרעס גענומען זיך אויפֿלייזן אין אַ רעגן, וואָס האָט מאָנאָטאָג געשלאָגן דעם ברוק פֿון די אָפּגעליידיקטע גאַסן. געצוואָגענע אין רעגן, האָבן די הייזקעס אונטן אויסגעזען ווי געהויקערטע בעטלער אונטערוועגנס, אין אַ האַרבסטיקער פֿרעמד.

וואָס וועט פֿאָרט זיין מיט דער שריפֿטלעכער אַרבעט? האָט זיך נחום אויפֿגעריסן פֿון זיינע אומהיימלעכע מחשבות. ער מוז דאָך זי ברענגען מאָרגן אין דער פֿרי אין שולע אַריין! און בכלל, וואָס וועט ער טאָקע טון? ער איז דאָך שוין נישט קיין קינד. ער ווערט אין גיכן פֿערצן יאָר אַלט און ענדיקט אָנהייב זומער די שקאָלע. טיף אין זיין האַרץ האָט נחום געכאָוועט אַ חלום וועגן ווייטער לערנען אין גימנאַזיע און דערנאָך אין אוניווערסיטעט. ער האָט געוואָלט זיך אַריינטון און פֿאַרפֿולקאָמען אין די אוצרות פֿון דער מענטשלעכער קולטור — לערנען געשיכטע, ליטעראַטור און מענטשן־קענטעניש, און אפֿשר אויך אַליין ווערן אַ שרייבער אָדער אַ געלערנטער, וואָס וועט ביישטייערן עפּעס ווערטפֿולס צו דעם גייסטיקן אוצר פֿון דער מענטשהייט.

נחום האָט אָבער קלאָר באַנומען, אַז זיין טרוים וועגן ממשיך זיין דאָס לערנען איז אומדערגרייכלעך. ער האָט געזען פֿאַר זיך זיינע טאַטע־מאַמע, וואָס האָרעווען ביידע פֿון פֿאַר טאָג ביז שפּעט ביי נאַכט אין דער רעסטאָראַנדל און פֿון דעם אַלעם קלעקט עס קוים אויף פּרנסה, אויפֿן ביסל עסן און דירה־געלט. ווי זשע קען ער טראַכטן

וועגן לערנען אין דער גימנאַזיע, ווו בלויז דער שׂכר־לימוד קאָסט מסתמא עטלעכע צענדליק זלאָטעס אַ חודש? הײַנט ווו זײַנען ביכער, העפטן און אַנדערע שול־צודאַטן? ווער וועט אים אויסהאַלטן אַזוי פיל יאָרן און וואָס וועט ער טון נאָכן פאַרענדיקן די גימנאַזיע?... נאָך פאַר אַ יאָרן האָט דער טאַטע אים געוואָלט אַרויסנעמען פון דער שולע און אַרײַנגעבן אויף דער לער צון אַ בעל־מלאכה. נחום האָט פּראָטעסטירט און זיך קוים אָפּגעבעטן מען זאָל אים לאָזן לערנען נאָך דאָס יאָר, כּדי ער זאָל ענדיקן די עלעמענטאַר־שולע.

נחום האָט פײַנט געהאַט די ענגע שנײַדער־ און שוסטער־וואַרשטאַטלעך מיט וועלכע עס זײַנען געווען פול די אַרומיקע גאַסן. ער האָט זיך אָנגעלייענט מיט רײַזע־ און אַוואַנטורע־באַשרײַבונגען פון זשול ווערן, קאַרל מײַ און אָסענדאָווסקי, און געחלומט וועגן לאָזן זיך איבער דער גרויסער וועלט. נישט איין מאָל האָט ער גערעדט וועגן דעם מיט נאָענטע שול־חברים און איז טאַקע אַוועק מיט איינעם פון זיי אויף גאַנצע צוויי וואָכן.

געשען איז עס לעצטן זומער, בעת די וואַקאַציעס, ווען מען האָט דערלויבט קינדער צו פאָרן פרײַ מיט דער באַן איבערן גאַנצן לאַנד, אונטער דער השגחה פון אַ דערוואַקסענעם. שטילערהייט האָבן זיך ביידע צוגעגרייט און איבערגעלאָזן בריוולעך צו די עלטערן, אַז זיי פאָרן אַוועק צו נחומס פעטער אין דאָרף הינטער לובלין. קוים מיט צרות האָבן די ייִנגלעך געפונען אַ מענטש, וועלכער איז געווען וויליק זיי צו נעמען אונטער זײַן השגחה ביז קיין לובלין. דאָרטן האָבן זיי זיך אַרומגעשלעפּט אין משך פון עטלעכע טעג איבער דער שטאָט, באַזוכט היסטאָרישע פּלעצער, דעם אַלטן ייִדישן בית־עולם און די באַרימטע לובלינער ישיבה, וואָס האָט געהאַט אויסגעשטעלט אַ קאָלירפולע מיניאַטור פון צווייטן בית־המקדש. די פּאָר זלאָטעס, וואָס נחום מיט זײַן חבר האָבן מיטגענומען, האָבן זיך גיך אויסגע־לאָזן און ביידע זײַנען היפּשלעך מיד געוואָרן פון אַרומדרייען זיך בײַ טאָג איבער די גאַסן און נעכטיקן אויפן וואָקזאַל. האָבן זיי זיך דערקליבן צו נחומס פעטער און מומע אין סאַדורקי, נישט ווײַט פון לובלין, ווו זיי זײַנען אָפּגעווען עפּעס מער ווי אַ וואָך, ביז די קרובים האָבן זיי צוגערעדט זיי זאָלן אַהיימפאָרן. די פרײַע צײַט פאַר קינדער איז שוין געהאַט אַריבער און זיי האָבן געמוזט צוריקפאָרן אָן באַן־בילעטן, ליגנדיק אַ גאַנצע נאַכט אונטער די בענק פון וואַגאָן. אויסגעמאַטערטע און פאַרשוואַרצטע זײַנען זיי אַהיימגעקומען און אײַנגעזען, אַז ס'איז נישט אַזוי פּשוט צו לאָזן זיך איבער דער וועלט.

אין דרויסן האָט דער רעגן זיך געשטאַרקט, געקלאַפּט אין די שויבן און די טריבקייט פון אַרום האָט זיך געלייגט אויף נחומס געמיט ווי אַ טונקעלער טוך. נחום האָט זיך אויפגעריסן פון אָרט און גענומען שפּרייַזן איבער דער שטוב. ער מוז זיך שטאַרקן, האָט ער גערעדט צו זיך, ער טאָר זיך נישט אונטערגעבן דעם יִיאוש און די הילפלאָזיקייט, וואָס פאַלן אָן אויף אים ווי נישט־גוטע, כּדי אים איינצוברעכן און רוּינירן. און קודם כּל מוז ער שוין איצטער אָנשרייַבן די שולאַרבעט. אַן איינגעשטילטער האָט ער זיך צוריקגעקערט צום פענצטער און בייַם שוואַכן דעמערליכט אָנגעהויבן שרייַבן:

,,וואָס וועל איך טון נאָכן פאַרענדיקן די שולע? שוין באַלד פינעף יאָר ווי איך לערן זיך אין דער שולע נומער פיר. ווען כ׳בין אָנגעקומען לערנען בין איך געווען אַ קליין יינגל, כּמעט אַ קינד, און איצטער בין איך אַ יוגנטלעכער אויפן שוועל פון לעבן. תּחילת־זומער וועל איך פאַרענדיקן דעם זיבעטן קלאַס און אָנהייבן דאָס לעבן פון אַ דערוואַקסענעם בירגער פון פוילן.

,,איך האָב די אַלע יאָרן זיך גוט געלערנט און איבערגעגאַנגען פון קלאַס צו קלאַס מיט די העכסטע צייכנס. איך האָב ליב מייַנע לערער און דאַנק זיי פאַר אַלעם, וואָס זיי האָבן מיך געלערנט. נאָך מער האָב איך ליב דאָס לערנען, ספּעציעל די קעגנשטאַנדן, וואָס האָבן צו טון מיט דעם מענטשנס געשיכטע, זייַנע גייַסטיקע שאַפונגען, זייַן נשמהדיק לעבן. איך וואָלט זייער באַגערט זיך צו לערנען ווייַטער, אין גימנאַזיע, דערנאָך אויפן אוניווערסיטעט. כ׳וואָלט געוואָלט מיט מייַן וויסן דינען דעם אָרעמען פאָלק, כּדי צו פאַרבעסערן זייַן מערכה און באַרייַכערן זייַן גייַסט. אָבער פאַר מיר איז דאָס בלויז אַ פּוסטער חלום, ווייַל לערנען, פּונקט ווי די אַנדערע גוטע זאַכן אין לעבן, זייַנען בלויז פאַר די פּריווילעגירטע און רייַכע, און איך בין דאָך אַ קינד פון אָרעמע מענטשן. בייַ אונדז אין שטוב זייַנען פאַראַן חוץ מיר נאָך פיר קליינע קינדער און טאַטע־מאַמע אַרבעטן שווער און ביטער, כּדי אונדז אַלעמען אויסצוהאַלטן. נאָכן ענדיקן די שולע מוז איך גיין אַרבעטן, כּדי צו פאַרדינען פאַר זיך און אויך אַרויסהעלפן מייַנע עלטערן.

,,אָבער ווּהין זאָל איך גיין? פאַר מיר זייַנען אַלע טויערן צוגעשלאָסן, ווייַל כ׳בין אַ צווייט־ראַנגיקער בירגער אין מייַן פאָטערלאַנד. איך האָב ליב פּוילן, ווו איך בין געבוירן געוואָרן און אויפגעוואַקסן; איך האָב ליב די פּוילישע ליטעראַטור, די גרויסע פּוילישע שרייַבער און דיכטער — מיצקעוויטש, סלאָוואַצקי,

קאָנאָפּניצקאַ, זשעראָמסקי און נאָך אַנדערע, וועמעס שאַפונגען איך האָב געלייענט און געלערנט. צו מיר אָבער איז פּוילן אַ שטיפמאַמע; איך פיל זיך ווי אַ שטיפקינד בײַ דער ווײַסל. מיך וועט מען נישט צולאָזן אין קיין פאַבריק און נישט אויף קיין אַמט. מיך קען זידלען און באַליידיקן דאָס מינדסטע פּוילישע יינגל. איך בין טאָפּל געשלאָגן און געקריוודעט — סײַ אַלס אָרעמאַן און סײַ אַלס ייד.״

נחום האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע און איבערגעלייענט דאָס געשריבענע. וואָס שרײַבט ער דאָ? האָט ער זיך געוווּנדערט. מען קאָן נאָך אים פאַר אַזעלכע רייד אַרויסוואַרפן פון שולע! אָבער ניין! ער קאָן נישט שווײַגן! ער מוז זאָגן דעם גאַנצן אמת, וואָס ס׳זאָל נישט זײַן! נחום האָט אַ נעם געטון די פען אין די פאַרטינטלטע פינגער און ווידער גענומען שרײַבן:

,,איך שטיי אויפן קרײַצוועג פון מײַן יונג לעבן. אָט ענדיקן זיך באַלד די זאָרגלאָזע שוליאָרן, און וואָס ווײַטער? וואָס וועל איך טון דערנאָך? איך ווייס נישט. סע דרייען זיך אַרום איבער די גאַסן פון פיל שטעט אין פּוילן טויזנטער אַרבעטסלאָזע, וואָס ווייסן נישט ווּהין צו ווענדן זייערע טריט און וואָס צו טון. אָפט מאָל דאַכט מיר, אַז אַלץ וואָס מיר האָבן געלערנט אין דער שולע און געלייענט אין די ביכער איז גאָר ווײַט פון דער רעאַלער וועלט, ווּ סע הערשט דער נאַקעטער כוח, ווּ דער שטאַרקער פאַרצוקט דעם שוואַכן, ווּ איין מענטש איז דעם צווייטן אַ שׂונא.

,,ווּהין וועל איך גיין און וואָס וועל איך טון נאָכן פאַרענדיקן די שולע? איך ווייס נישט! איין זאַך ווייס איך אָבער יאָ: ווּ איך זאָל נישט זײַן און וואָס איך זאָל נישט טון, וועל איך שטענדיק זײַן מיט די אָרעמע און אונטערדריקטע, און מיט זיי צוזאַמען וועלן מיר זיך פּרוּוון דערהייבן צו אַ בעסער און שענער לעבן.״

* * *

בײַ נאַכט איז נחום געלעגן אויפן האַרטן אויסלייגבעטל און נישט געקאָנט אײַנשלאָפן. טאַטע־מאַמע זײַנען שוין געהאַט געקומען פון רעסטאָראַן און געלעגן אײַנגעדרענגט אין די צונויפגערוקטע בעטן צוזאַמען מיט די צוויי קלענערע קינדער. אין אַ צווייטן ווינקל פון שטוב זײַנען אויף אַן אַנדער בעטל געשלאָפן נחומס יינגערע שוועסטערס, טעמע און רחל. נחום האָט זיך געדרייט פון איין זײַט אויף דער צווייטער און נישט געקאָנט איינשלאָפן. די שריפטלעכע אַרבעט, וואָס ער דאַרף מאָרגן אָפּגעבן דער לערערין, האָט אים נישט

צו רו געלאָזן. ער האָט געטראַכט וועגן זײַן לעבן און געהאַט טענות צו זיך אַליין, הלמאי ער איז אַזאַ שוואַכלינג און האָט נישט קיין מוט זיך אַ נעם צו טון אין די הענט אַרײַן און גיין פאָרויס צום ציל. ער איז יונג און פעיִק און טאָר נישט פאַרפאַלן ווערן אין אַן אָרעמען וואַרשטאַט אָדער אין טאַטנס שענק. ער מוז זיך אַרויסרײַסן פון דער אַרומיקער נויט צו אַ שענער און בעסער לעבן. אויך אַנדערע געלערנטע און באַדײַטנדיקע מענטשן, וואָס זײַנען אַרויסגעקומען פון פשוטן פאָלק האָבן אַזוי געטון. אָט איז, צום בײַשפּיל, דעם שנײַדערס זון פון אַרויף צו גאַס, וועלכער האָט דאָ נישט לאַנג געענדיקט די גימנאַזיע. ער גרייט זיך אַצינד צו פאָרן אַזש קיין איטאַליע ווייטער צו שטודירן פאַר אַ מעדיצין־דאָקטער. ער איז דאָך אויך אַ זון פון אָרעמע עלטערן, פון דעסט וועגן גייט ער דרייסט פאָרויס צו זײַן ציל. . . אַ פאַרפלאָנטערטער אין דער נעץ פון זײַנע מחשבות איז נחום ערשט אײַנגעשלאָפן שפּעט אין דער נאַכט.

ווען ער האָט זיך אויפגעוועקט איז שוין געווען פולער טאָג. איבער נחומען איז געשטאַנען די מאַמע און מיט אַ ווייך קול צו אים גערעדט:

,,נחומל, ס'איז שוין שפּעט! וועסט פאַרשפּעטיקן אין שקאָלע!‘‘

דער מאַמעס פּנים איז געווען אויסגעצערט און בלאָלעך־מאַט; בלויז אירע אויגן האָבן געלויכטן מיט מילדקייט און ליבשאַפט. אין נחומען איז פּלוצעם אויסגערונען די פאַרשלאָפנקייט, ער האָט זיך צעשמייכלט און אויסגערופן:

,,שוין, מאַמע! כ'בין שוין אָנגעטון!‘‘

פלינק איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, זיך געוואַשן די הענט מיטן פּנים און אויף גיך זיך אָנגעטון. ער האָט אַ כאַפּ געטון דאָס רענצל מיט די ביכער און העפטן, אַראָפּגעלאָפן אין רעסטאָראַן אַרײַן איבערבײַסן, און שוין איז ער געווען אין דרויסן, אויפן וועג צו דער שולע. גיך איז ער פאַרבײַגעגאַנגען דעם מאַרק, דערנאָך דעם פּײַערלעשער־הויף, און צוגעקומען צו די רעלסן פון דער קאָלייקע, וואָס האָט אַדורכגעשניטן די גאַס האַרט בײַ דער שולע. נאָך אין דרויסן האָט ער דערהערט דאָס שאַרפע גלעקלקלאַנג וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז אָט הייבן זיך אָן די לעקציעס. פון אַלע זײַטן זײַנען קינדער געלאָפן מיט פריידיקן געפילדער און זיך אויסגעשטעלט אין רײַען פאַרן אַרײַנגאַנג אין שולע. נחום האָט באַוויזן אַרײַן אין זײַן ריי,

ווען מען האָט שוין געהאַט אָפּגעזונגען די פרימאָרגן־תפילה און אָנגעהויבן אַרײַנמאַרשירן אין די קלאַסן.

אין זיבעטן קלאַס איז די ערשטע לעקציע געווען וועגן דער פּוילישער שפּראַך און ליטעראַטור. די לערערין, פּאַני יאַדוויגאַ שימאַנסקאַ, אַ הויכע פּרוי מיט בלאָנדע האָר און רויטע, פּאָמאַדירטע בעקלעך, איז אַרײַן אין קלאַס. נאָך איר איז נאָכגעקומען איר מאַן, דער דירעקטאָר, מיט דער פּרויס לעדערנער טעקע, וואָס ער האָט אַוועקגעשטעלט בײַ איר טישל און איז, אָן אַ וואָרט, אַרויס פון קלאַס. אַ ווײַלע האָט איבערן קלאַס זיך געטראָגן אַ שטיל געפּליסטער; דאָס האָבן די קינדער, איינס דאָס אַנדערע, איבערגעגעבן וועגן דער שריפטלעכער אַרבעט, וואָס מען האָט געדאַרפט דערלאַנגען דער לערערין. פּאַני יאַדוויגאַ האָט געוואָרפן אַ שטרענגן בליק אויפן קלאַס און ס׳איז גלײַך שטיל געוואָרן. זי האָט גענומען פאָרלייענען די רשימה און יעדעס אויסגערופענע קינד איז צוגעקומען צו איר טישל און אַוועקגעלייגט דעם העפט מיט דער אַרבעט. נחום האָט אַרויסגענומען זײַן העפט און אויף גיך איבערגעקוקט די פאַרשריבענע זײַטלעך. אַ שרעק איז אים ווידער באַפאַלן פאַר די געדאַנקען, וואָס ער האָט דאָ צום ערשטן מאָל אַזוי פרײַ אַרויסגעבראַכט. ער האָט דערהערט זײַן נאָמען און מיט אַ ציטערדיק האַרץ צוגעטראָגן דער לערערין דעם העפט. זאָל זײַן וואָס ס׳וועט זײַן, האָט ער אַ טראַכט געטון און זיך צוריקגעקערט אויף זײַן אָרט.

* * *

פּאַני יאַדוויגאַ איז געזעסן בײַ איר פּאָלירטן שרײַבטישל און געלייענט און פאַראַכטן די שריפטלעכע אַרבעטן פון זיבעטן קלאַס. דורך דעם פענצטער פון איר סאַלאָן, וואָס איז אַרויס אין שול־גערטנדל, האָבן געשאָטנט די סקעלעטן פון די ליידיק־געוואָרענעביימער און די פאַרגייענדיקע זונשטראַלן האָבן געשימערט אויף דער טונקעלער פלאַך פונעם שרײַבטישל. פּאַני יאַדוויגאַ האָט גענומען נחומס העפט און אָנגעהויבן לייענען. ווען זי האָט געענדיקט, האָט זיך אויף אירע ליפּן באַוויזן אַ דין, סאַרקאַסטיש שמייכעלע. זי האָט אַרײַנגערופן די דינסט פון קיך און איר געבעטן אַרײַנצורופן דעם פּאַן שימאַנסקי פון דער דערבײַיִקער קאַנצעלאַריע. ווען איר מאַן איז אין אַ ווײַלע אַרום אַרײַן און מילד געפרעגט, וואָס ס׳איז געשען, האָט זי אים דערלאַנגט נחומס העפט.

„נעם, וולאַדזשו, לייען איבער,” האָט זי צו אים געזאָגט מיט אַ שמייכל.

פאַן שימאַנסקי האָט גענומען דעם העפט, זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע דערנעבן און גיך איבערגעלייענט די פאָר בלעטלעך.

,,ווי גאָט איז מיר ליב, דאָס יינגל רעדט ווי אַן אמתער קאָמוניסט!" האָט ער אויסגערופן.

צוריק אין קאַבינעט ביי זיין אַרבעט, האָט פאַן שימאַנסקי נאָכגעטראַכט וועגן נחומס שריפטלעכער אַרבעט, וועגן יידן און וועגן דעם יידישן פּראָבלעם אין פוילן. אָט איז אַ יינגל, קוים אין זיבעטן קלאַס, און שרייבט ער ווי אַ דערוואַקסענער, אַ רעוואָלוציאָנער, אַ קאָמוניסט. די פרוי זיינע איז גערעכט, ווען זי זאָגט, אַז די יידן זיינען אַ פרעמדער עלעמענט אין פוילן, און וויפל מען זאָל זיי נישט בילדן און דערציען אין דער פוילישער קולטור, וועלן זיי בלייבן אַזיאַטן.

פאַר קיין אַנטיסעמיט האָט זיך פאַן שימאַנסקי לגמרי נישט געהאַלטן. ער איז אַלע מאָל געווען קעגן דעם ברוטאַלן אַנטיסעמיטיזם פון המון אָדער אפילו קעגן די חוזק־רייד לגבי יידן פון דער פוילישער אינטעליגענץ. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מענטש מיט אַ ליבעראַלן אויסקוק, אַ דעמאָקראַט און טרייער חסיד פון ,,זיידן", דעם מאַרשאַל פּילסודסקי. די אַרבעט אין אַ שולע מיט בלויז יידישע קינדער האָט אים אינטריגירט. צום ערשטן מאָל אין לעבן האָט ער זיך אָנגעטראָפן און נענטער דערקענט דאָס לעבן פון יידן — אָרעמע, ערלעכע מענטשן, קליינע סוחרים און האַנטווערקער, פאַרנומענע מיטן שווערן, טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר עקסיסטענץ. די קינדער זייערע זיינען מערסטן טייל געווען מונטערע און גערעכטענע און מען וואָלט געקאָנט זיי דערציען ווי לאָיאַלע בירגער פון פוילן. די צרה איז אָבער, וואָס זיי זיינען אַזאַ געדיכטע מאַסע, איבער דריי מיליאָן, וואָס קען זיך מיט דער צייט נאָך מער פאַרמערן, און פוילן קאָן אַזאַ גרויסע נאַציאָנאַלע מינדערהייט נישט פאַרדייען. ער איז דעריבער געווען פאַר עמיגראַציע פון יידן קיין פּאַלעסטינע, אַמעריקע און אַנדערשוווּ. ער האָט אפילו באַרעכטיקט דעם עקאָנאָמישן דרוק פון דער רעגירונג, כּדי צו פאַרשנעלערן דעם עמיגראַציע־פּראָצעס. פאַן שימאַנסקי איז אָבער לחלוטין געווען קעגן גוואַלד־מעשׂים, פּאָגראָמען און עקסצעסן, וואָס זיינען נישט אין דער טראַדיציע פון פוילישער גרויסמוטיקייט און טאָלעראַנץ, און ברענגען שאָדן דעם גוטן נאָמען פון פוילן איבער דער וועלט. וואָלטן פאַרבליבן אין פוילן עטלעכע הונדערט טויזנט יידן, ווי אין מערסטע

לענדער פון מערב־אייראָפּע, וואָלט מען זיי געקאָנט אַרונטערנעמען אונטער די פליגל פון דער פוילישער קולטור און זיי פאַרוואַנדלען אין פּראָדוקטיווע, אויפגעקלערטע בירגער. זיי וואָלטן געוואָרן פּאָליאַקן פון משהס גלויבן און אפשר, מיט דער צײַט, וואָלטן טייל פון זיי אויך אָנגענומען די קאַטוילישע אמונה.

מיט ענטוזיאַזם און ענערגיע האָט פּאַן שימאַנסקי זיך גענומען צו דער מיסיע, וואָס מען האָט אים פאַרטרויט — דערציִען די ייִדישע קינדער פון זײַן שולע אין פּוילישן גײַסט. קודם־כּל האָט ער גענומען מקפּיד זײַן אויף דער קליידונג און ריינקייט פון די תּלמידים. אין שולע אַרײַן האָט מען געמוזט קומען מיט אָפּגעפּוצטע שיך, ריינע, צוגעקעמטע קעפּלעך, אין אָנשטענדיקע בגדים און שולהיטלעך. דערנאָך האָט ער גענומען אַכט לייגן, אַז עס זאָל צווישן די ווענט פון דער שולע זיך נישט הערן קיין גערייד אין ייִדיש. די קינדער — האָט ער אויפגעקלערט בײַ עלטערן־ און לערער־צוזאַמענטרעפן — דאַרפן זיך אויסלערנען אַ גוטן, ריינעם פּויליש, וואָס אָן דעם וועלן זיי גאָרנישט קאָנען דערגרייכן. ווײַטער, האָט ער אײַנגעפירט דאָס זינגען פון דער טעגלעכער פרימאָרגן־תּפילה פאַרן אָנהייב פון די לימודים, און געטון אַלץ וואָס מעגלעך צו הייבן דעם פּאַטריאָטישן גײַסט אין דער שולע. יעדעס קלאַסצימער האָט געמוזט זײַן באַצירט מיט די פּאָרטרעטן פון די פּוילישע מלוכה־פירער, דעם מאַרשאַלעק און מלוכה־פּרעזידענט. די שולע האָט געפּײַערט אַלע נאַציאָנאַלע יום־טובים — דעם דריטן מאַי, יאָרטאָג פון דער קאָנסטיטוציע, דעם עלפטן נאָוועמבער, דעם יום־טוב פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט און אַנדערע. דעם לערער פון מוזיק זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן טעקסטן פון פּויליש־נאַציאָנאַלע לידער, לעגיאָנען־הימנען, לויבלידער צו דער פּוילישער ערד, דעם ים און די טאַטרען־בערג, זיי זאָלן אײַנגעחזרט ווערן מיט די קינדער.

אָפט מאָל פלעגט פּאַן שימאַנסקי זיך אַוועקשטעלן בײַם פענצטער פון זײַן קאַנצעלאַריע, וואָס איז אַרויס צום הויף, און נאָכקוקן ווי דער פּאַן קלאַר מושטירט די קינדער, ווי זיי מאַרשירן מיט ריטמישע טריט, אָנגעטון אין גימנאַסטישע קאָסטיומען, און זייער יונג, פריידיק געזאַנג האָט זיך געטראָגן איבערן הויף ביז צום אָפענעם פענצטער פון זײַן קאַבינעט. פּאַן שימאַנסקי האָט דעמאָלט זיך געפילט געהויבן: זײַן אַרבעט איז נישט געגאַנגען לאיבוד. עס זײַנען אָבער אַריבער עטלעכע יאָר און פּאַן שימאַנסקי האָט אײַנגעזען, אַז דאָס ייִדן־פּראָבלעם אין פּוילן איז נישט אַזוי פּשוט צום לייזן. אמת

איז, אַז ער האָט געהויבן אין זײַן שולע דעם פּאַטריאָטישן גײַסט און אײַנגעפּלאַנצט אין די קינדער ליבשאַפט צו פּוילן און צו איר קולטור.
אָבער וואָס געשעט מיט זיי דערנאָך, ווען זיי פאַרלאָזן די שולע? זיי קערן זיך אום אין ייִדישן געטאָ און פילן אָן די רײַען פון די ייִדיש־נאַציאָנאַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. און דאָס ערגסטע — טייל ווערן גאָר אַקטיווע קאָמוניסטן, דם־שׂונאים און אונטערגראָבער פון דער פּוילישער רעפּובליק.

* * *

געווען איז עס אין די סוף דרײַסיקער יאָרן, ווען דאָס פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן אין לאַנד האָט, נאָכן טויט פון מאַרשאַל פּילסודסקי, גענומען שטאַרק ברויזן. די ייִדישע יוגנט, פול מיט לעבנסלוסט און ענערגיע, האָט פּראָטעסטירט און זיך געבונטעוועט קעגן דער דיסקרימינאַציע און אויסזיכטלאָזיקייט פון זייער לעבן. זיי האָבן זיך געריסן אין די הויכשולן, געקלאַפּט אין די טירן פון פאַבריקן און מלוכה־אַנשטאַלטן, געוואָלט זיך פּראָדוקטיוויזירן און זײַן גלײַך מיט אַלעמען. אָבער אַלע וועגן זײַנען געווען פאַרהעמערט. „ייִדן — קיין פּאַלעסטינע! ייִדן — קיין מאַדאַגאַסקאַר!" האָט מען פון זיי געחוזקט. די יוגנט האָט געזוכט אַן אויסוועג, אַ רעטונג. איז אַ גרויסער טייל אַוועק אין די פאַרשיידענע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציעס און געוואָנדן זייערע בליקן און הערצער צום אויפגעלעבטן לאַנד פון זייערע אָבות; זיי זײַנען געוואָרן חלוצים, שומרים, גאָרדאָניסטן און ביתרים; געפאָרן אויף הכשרהס, געחלומט און געגרייט זיך עולה צו זײַן קיין ארץ־ישׂראל.

אַן אַנדערער גאַנץ היפּשער טייל פון דער יוגנט איז אַוועק אויף לינקס. זיי האָבן זיך פאַרעקשנט, אַז נאָר דאָ און רק דאָ וועלן זיי פאַרבלײַבן און צוזאַמען מיט די פּוילישע אַרבעטער־ און פּויערים־מאַסן אויפשטעלן אַ נײַ און פרײַ פּוילן. צווישן די זײַנען געווען די יונגע בונדיסטן פון יוגנט־בונד „צוקונפט", און מיטגלידער און סימפּאַטיקער פון אונטערערדישן קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד, דעם ק.ז.מ. מיט פאַנאַטישן ברען און התלהבות האָבן זיי זיך אַרײַנ־געוואָרפן אין ווירוואַר פון פּאָליטישן לעבן, געוואָרן אַגיטאַטאָרן, פענער־וואַרפער, געבונטעוועט די פּויערים אין די דערפער, די פאַבריק־אַרבעטער און אַרבעטסלאָזע אין די שטעט, נישט אָפּשרעקנ־דיק זיך פאַר די האַרבע שטראָפן, קלעפּ און פּייניקונגען, יאָרן אין טורמעס אָדער אין קאַרטוז־בערעזער שטראָפלאַגער. פון שכנותדיקן

סאָוועטן־לאַנד האָבן זיך געצויגן אונטערערדישע פאַרבינדונגען. פון דאָרטן זײַנען געקומען פינאַנציעלע מיטלען, עמיסאַרן און אינס־טרוקציעס; מען האָט געשמוגלט די גרענעץ דירעקט, דורך ווײַס־רוסלאַנד און אוקראַינע, אָדער דורך אומוועגן, דורך דאַנציג. די פוילישע דעפענסיווע האָט געזוכט און גענישטערט, אַרײַנגעשיקט אַגענטן און פּראָוואָקאַטאָרן, און געגרייט איין פּאָליטישן פּראָצעס נאָכן אַנדערן.

פאַן שימאַנסקי, ווי יעדער נאַציאָנאַל־געשטימטער פּוילישער אינטעליגענט, האָט מיטגעלעבט מיט די אַלגעמיינע געשעענישן. ער האָט געלייענט יעדן טאָג די לײַט־אַרטיקלען פון דער „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ״, דעם אָרגאַן פון דער הערשנדיקער „סאַנאַציע״. ער האָט זיך אַרײַנגעטראַכט אין די געשעענישן און געזוכט אַן אויסוועג פאַרן פאָטערלאַנד, וואָס ראַנגלט זיך פון תמיד צווישן דײַטשישן וואָלף און רוסישן בער. אַצינד, נאָכן איבערלייענען די אַרבעט פון אַ שילער פון זיבעטן קלאַס, ווו ער אַליין איז דער דערציער, האָט ער זיך געפילט באַומרויִקט און געטראָפן. דאָס איז אַ סיגנאַל — האָט ער געטראַכט — אַז אויך בײַ אים אין קיניגרײַך איז עפּעס נישט אין אָרדענונג.

שוין אַ לענגערע צײַט ווי פאַן שימאַנסקי האָט געאַנט, אַז עפּעס קומט פאָר אין שולע הינטער זײַנע פּלייצעס. פון זינט דער יונגער לערער פון ייִדישער רעליגיע איז אָנגעקומען, האָט עס זיך אָנגעהויבן. פון אים נעמט זיך עס. ער, שימאַנסקי, דערקענט אין זײַן פאַרשײַטן בליק, אין זײַן חוזק־שמייכעלע. ער מאַכט קאַליע די קינדער פון די עלטערע קלאַסן, פירט זיך אַרום מיט זיי אויף די הפסקות אין די ווינקלען פון הויף, זיי קלעפּן אַרום אים, ער וואַגט אפילו צו מאָל פאַרצולייענען אויף די לעקציעס מעשׂיות פון ייִדישע ביכער. אומ־דערהערט! אָבער ער, שימאַנסקי, וועט נישט שווײַגן, ער וועט פאַר־טרייבן דעם לאָבוז פון דאַנען. זאָל זיך נאָר מאַכן די פּאַסיקע געלעגנהייט — אויסרײַסן מיטן וואָרצל וועט ער די קראַמאָלע!

* * *

# דער נײַער לערער

צו מאָרגנס, נאָך דער ערשטער הפסקה, האָט מען נחומען אַרײַנגערופן צום שול־דירעקטאָר אין קאַנצעלאַריע. מיט גיכע טריט, ווי צו פֿאַרטױבן די שרעק, וואָס האָט געצאַפּלט אין אים, איז נחום אַדורך דעם קאָרידאָר, אָנגעקלאַפּט אין טיר פֿון קאַבינעט און אַרײַן. אין גערוּמען, ליכטיקן צימער, דעקאָרירט מיט פּאָרטרעטן פֿון די פּוילישע מלוכה־פֿירער, איז געזעסן בײַ אַ ברייטן שרײַבטיש דער דירעקטאָר, פּאַן שימאַנסקי. שווײַגנדיק האָט ער דורכגענומען נחומען מיט זײַן שטרענגן, שאַרפֿן בליק און נאָך אַ ווײַלע געפֿרעגט:

„פֿון וועמען האָסטו געהערט וועגן דעם אַלעם, וואָס דו האָסט געשריבן אין דײַן אַרבעט?" נחום איז געשטאַנען פֿאַר דעם דירעקטאָרס ביוראָטיש מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און נישט געענטפֿערט.

„זאָג מיר, וואָס לייענט מיט אײַך פּאַן פּערלמוטער אויף די לעקציעס פֿון רעליגיע?" האָט פּאַן שימאַנסקי אומגעריכט אַ פֿרעג געטון. נחום האָט ווײַטער געשוויגן, מורא האָבנדיק ער זאָל זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט, וואָס זאָל שאָדן־ברענגען זײַן באַליבטן לערער.

„ווער האָט דיר אַרײַנגעגעבן די געדאַנקען, וואָס דו האָסט דאָ אַרויסגעברענגט?" האָט פּאַן שימאַנסקי נישט אָפּגעלאָזט, אָנווײַזנדיק אויף נחומס אָפֿענעם העפֿט אויף זײַן שרײַבטיש. „האָט מען נישט געשמועסט וועגן די ענינים אויף די רעליגיע־לעקציעס? זאָג דעם אמת!" האָט דער דירעקטאָר מיט אַ דראָענדיק קול אויסגערופֿן. נחום איז געשטאַנען אַקעגן אים אַ דערשראָקענער און הילפֿלאָזער. אין זײַן האַרץ האָבן געשפּאַרט געפֿילן פֿון פּראָטעסט און פֿאַרביטערונג, וואָס

האָבן נישט געקאָנט קומען צום אויסדרוק. ער האָט זיך נישט געקאָנט מער באַהערשן און מיט טרערן אין די אויגן גענומען שטאַמלען:

,,איך האָב אַלץ אַליין געשריבן. . . קיינער האָט מיר גאָרנישט געזאָגט. . . קיינער. . .'' נאָכן אַרויסשטאַמלען די פּאָר ווערטער האָט נחום דערפילט ווי ס'ווערט אים לייַכטער. ער האָט זיך אויסגעגלייַכט, פאַרביסן די ליפּן און ווידער געשוויגן. אין זייַן מוח האָט געעקבערט איין געדאַנק: באַשיצן דעם לערער פּערלמוטער! נישט אַרויסברענגען קיין שלעכט וואָרט וועגן אים! עס האָבן נישט געהאָלפֿן פֿאַן שימאַנסקיס שטראָפרייד און סטראַשונקעס, אַז ער וועט נחומען באַזייַטיקן פון שולע, נחום האָט זיך געהאַלטן ביי ס'זייַניקע: ער האָט מיט קיינעם נישט דיסקוטירט אָדער זיך באַראָטן ביים שרייַבן זייַן אַרבעט. צום סוף האָט דער דירעקטאָר פאַרלוירן ס'געדולד און אויסגעשריגן:

,,מאַרש אַהיים און ברענג דעם טאַטן!''

מיט אַ שעה שפּעטער איז נחום צוריקגעקומען אין שולע אַרייַן מיטן טאַטן. משה־אברהם איז אַרייַן אין דירעקטאָרס קאַבינעט און געבליבן שטיין שטיל, מיטן היטל אין דער האַנט. פאַן שימאַנסקי האָט אים געבעטן זיך זעצן און מיט אַן ערנסט קול דערקלערט:

,,פאַן פריידאָוויטש, אייַער זון איז אַ פעיִק ייִנגל, לערנט זיך גוט און קריגט הויכע צייכנס. זייַט אָבער וויסן, אַז ער איז אַרונטער־געפאַלן אונטער אַ שלעכטן איינפלוס. איר ווייסט דאָך, וואָס עס טוט זיך אין אונדזער לאַנד; די שׂונאים פון פוילן לויערן אומעטום, ווילן אונטערגראָבן אונדזער זעלבשטענדיקייט. . . איר מוזט אַכט לייגן אויף אייַער זון, ער זאָל זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון די חברימלעך, וואָס שפרינגען אַרום דעם רוסישן בער, אונדזער שכן פון מזרח...''

משה־אברהם האָט שווייַגנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ער פאַרשטייט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

,,איך לאָז עס אַדורך דאָס מאָל,'' האָט פאַן שימאַנסקי פאָרגע־זעצט, ,,כאָטש כ'בין ווייַט נישט צופרידן פון אייַער זונס איינגע־שפּאַרטער האַלטונג. כ'טו עס צוליב אייַך, אַן ערלעכן אַרבעטסמענטש. געדענקט אָבער: האַלט אַן אויג אויף אים, ער זאָל נישט ברענגען קיין שאַנד און צרות אויף זיך און אויף אייַער משפּחה.''

,,איך וועל זיך באַמיען צו טון אַלץ וואָס מעגלעך, פאַן דירעקטאָר,'' האָט משה־אברהם פאַרזיכערט.

נחום האָט די גאַנצע צײַט געוואַרט אין קאָרידאָר און איז אַראָפּ באַגלייטן דעם טאַטן ביזן שולטויערל.

„נו, תּכשיט מײַנער, האָט זיך דיר געלוינט דאָס שרײַבעכץ?״ האָט משה־אברהם מיט פּאַראיבל געפּרעגט.

„איך האָב דאָך נאָר געשריבן דעם אמת, טאַטע. בלויז דעם אמת.״

„פֿאַרן אמת שלאָגט מען,״ האָט משה־אברהם טרויעריק געענטפֿערט.

* * *

זינט דער נײַער רעליגיע־לערער, פֿאַן פּערלמוטער, איז אָנגעקומען אויפֿן אָרט פֿון אַלטן פֿאַן דוטלינגער, איז אין דער שולע פֿאָרגעקומען אַ שטילע איבערקערעניש. אין משך פֿון פֿיל יאָרן האָט דער אַלטער רעליגיע־לערער געטון אַלץ, כּדי צו געווינען די שילער פֿאַר זײַן קעגנשטאַנד, און נישט מצליח געווען. זײַנע אויגן זײַנען מיט דער צײַט געוואָרן נאָך טרויעריקער; די האָר — גרויער; און זײַן קול — הייזעריק און שוואַך. מיט געליימטע טריט האָט ער זיך באַוועגט איבערן קלאַס, ציטירנדיק אויפֿן קול פּסוקים פֿון די חז״ל און פֿון די רייד פֿון די נביאים, נאָר קיינער האָט זיך צו אים נישט צוגעהערט. יעדער איינער אין קלאַס איז געווען פֿאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש, נאָר נישט מיט דער לעקציע.

אין מיטן יאָר, ווען נחום איז געווען אין זעקסטן קלאַס, איז פֿאַן דוטלינגער קראַנק געוואָרן אויפֿן האַרץ און געמוזט אויפֿהערן אַרבעטן. אויף זײַן אָרט האָט מען פֿון וואַרשע אַראָפּגעשיקט אַ נײַעם רעליגיע־לערער, אַ יונגער־מאַן פֿון אַרום דרײַסיק יאָר. ער איז אַרײַן צום ערשטן מאָל אין זעקסטן קלאַס אָנגעטון אין אַ כאַקי־בלוזע מיט אַ רוקער פֿון פֿאָרנט, אַן אויסגעגלײַכטער און פֿעסטער ווי אַ ספּאָרטסמען. ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר די קינדער און אַרויסגענומען פֿון טעקע אַ בוך.

„כ׳וועל אײַך פֿאָרלייענען אַ מעשׂה פֿון יצחק לייבּ פּרץ, אַ גרויסער ייִדישער שרײַבער, אַ קלאַסיקער. ס׳איז כּדאַי איר זאָלט זײַן נאָמען געדענקען. די מעשׂה הייסט ׳דער משולח׳.״

נאָך דער קורצער הקדמה האָט ער געעפֿנט דאָס בוך און גענומען לייענען אין ייִדיש. די קינדער זײַנען געבליבן שטיל, דערשטוינט, וואָס דער לערער לייענט פֿאָר אין דער פּוילישער שולע אין ייִדיש. מען האָט זיך גענומען צוהערן און ביסלעכווײַז אַרײַנ־

געצויגן געוואָרן אין דער באַשרײַבונג פון אַלטן משולח, וואָס שפּאַנט איינער אַליין אויפן פאַרשנייטן, פּראָסטיקן וועג, און מען האָט געוואָלט וויסן, וואָס ס׳וועט מיט אים געשען.

פון דעמאָלט אָן פלעגט פאַן פערלמוטער כמעט אויף יעדער לעקציע פאָרלייענען לידער און דערציילונגען פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור. גלײַך פון דער ערשטער לעקציע אָן האָט דער נײַער לערער געוווּנען די הערצער פון די קינדער און זיי האָבן אים ליב געקראָגן. זיי האָבן געוואַרט אויף זײַנע לעקציעס און פאָרלייענונגען און זיך אַליין געוווּנדערט, וואָס זיי זײַנען איצטער אַזוי פאַראינ־טערעסירט בעת בײַ פאַן דוטלינגערן פלעגן זיי אַרומרודערן און שטערן. נאָך די פאָרלייענונגען פלעגט זיך, ווי פון זיך אַליין, אָנהייבן אַ שמועס וועגן דעם געלייענטן: וואָס איז דער מחבר אויסן געווען אונדז צו זאָגן און מיט וואָס האָט די זאַך געווירקט אויף די צוהערער? טריט בײַ טריט האָט דער נײַער לערער געעפנט פאַר די תלמידים זײַנע אַ נײַע וועלט — די וועלט פון דער ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט געלייענט פאַרן קלאַס לידער און באַלאַדעס פון איציק מאַנגער, דער־ציילונגען פון י. מ. ווײַסענבערג, קאַפּיטלעך פון שלום־עליכם און ווידער אַ מאָל אַ פאָלקסטימלעכע געשיכטע פון י. ל. פּרץ. ער האָט דערציילט די קינדער וועגן לעבן פון די שרײַבער און זײַנע באַגע־געגנישן מיט טייל פון זיי. אַזוי אַרום האָט ער אָנגעשטעקט די צוהערער מיט זײַן ענטוזיאַזם און ליבשאַפט צום ייִדישן לשון און צו איר ליטעראַטור.

קיין ייִדישע געשיכטע אָדער רעליגיעזע מנהגים האָט פאַן פערלמוטער כמעט נישט געלערנט. די לעקציע פלעגט גיך פאַרבײַגיין אין פאָרלייענען, שמועסן און דיסקוסיעס. פון ליטעראַטור פלעגט דער שמועס זיך אָפט איבערקײַקלען אויף פּאָליטישע וויכּוחים: די געפאַר פון אַ נײַער מלחמה אין אייראָפּע, דער שטײַגנדיקער אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד, די אַנטוויקלונגען אין ארץ־ישׂראל און אין סאָוועט־רוסלאַנד. אַרום דעם לערער האָט זיך געשאַפן אַ קערן פון קינדער, וואָס זײַנען געווען ספּעציעל פאַראינטערעסירט אין די שמועסן און דיסקוסיעס. זיי האָבן דעם לערער נישט אָפּגעלאָזט בשעת די הפסקות, אים אַרומגערינגלט, געשטעלט פראַגן און הנאה געהאַט צו פאַרברענגען מיט אים. פאַן פערלמוטער האָט געהאַט געדולד צו אַלע, זיך נישט אויפגערעגט אָדער געשריגן ווי אַנדערע לערער, און אַלעמען באַרויִקט מיט זײַן ליבלעכן, יונגן שמייכל. בעת

די קלאַס־שמועסן פלעגט ער אויסהערן אַלעמען, באַמיט זיך אַרויסצוברענגען ענטפערס פון די צוריקגעצויגענע און שעמעוודיקע, דיריגירט דעם שמועס אַזוי אַז די דיסקוטאַנטן זאָלן אַליין קומען צו די געהעריקע מסקנות.

דער נײַער נוסח פון די רעליגיע־לעקציעס האָט נישט געקאָנט בלײַבן אויף לאַנג פאַרהוילן פונעם שול־דירעקטאָר. אָפט מאָל, בעתן צופעליקן אַרײַנקומען אין קלאַס אין מיטן פון פּאַן פערלמוטערס אַ לעקציע, האָט ער באַמערקט, ווי דער לערער רײַסט איבער דאָס פּאָרלייענען אָדער דעם שמועס, און ווי די קינדער קוקן זיך מאָדנע איבער איינס מיטן אַנדערן. פּאַן שימאַנסקי האָט גענומען נאָכקוקן און אונטערהערן און איז גיך דערגאַנגען, אַז דער רעליגיע־לערער באַנוצט זיך אין זײַנע לעקציעס מיט פּאָרלייענונגען אין ייִדיש. ווען דער דירעקטאָר האָט פּרובירט פאָרצוואַרפן פּאַן פערלמוטערן דערוועגן, איז יענער לגמרי נישט נתפעל געוואָרן און דערקלערט, אַז אָפיציעל איז נישט פאַראַן קיין פאַרבאָט צו באַנוצן זיך אויף די לעקציעס פון ייִדישער רעליגיע, ווען נויטיק און מעגלעך, מיט דער ייִדישער אָדער העברעיִשער שפּראַך.

נאָך דעם פאַל מיט נחומס שריפטלעכער אַרבעט איז פאַר פּאַן שימאַנסקין קלאָר געוואָרן, אַז אין אַלעם איז שולדיק דער נײַער רעליגיע־לערער. נישט אַנדערש, אַז אָט דער פערלמוטער איז אַ באַהאַלטענער קאָמוניסט, ספּעציעל אַרײַנגעשיקט צו אַגיטירן און משפּיע זײַן אויף די קינדער פון די עלטערע קלאַסן. ער מוז פון דעם חברה־מאַן וואָס גיכער פּטור ווערן, האָט פּאַן שימאַנסקי אָפּגעמאַכט בײַ זיך. דערווײַל וועט ער האַלטן אַן אויג אויף אים, זאַמלען מאַטעריאַלן און באַווײַזן, ביז ס'וועט קומען דער פּאַסיקער מאָמענט דאָס צו רעאַליזירן.

* * *

אויף די איבער דרײַ מיליאָן ייִדן אין פּוילן האָבן זיך אָנגערוקט שווערע, נסיונותפולע טעג. נאָך פּילסודסקיס טויט האָט דער רעגירונגס־לאַגער, די „סאַנאַציע", אײַנגעשטעלט אַ האַלב־פאַשיסטישן רעזשים און נאָך מער פאַרשאַרפט די פּאָליטיק פון דיסקרימינאַציע און עקאָנאָמישער אַרויסשטויסונג לגבי די ייִדן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָנגריף אויף דער שחיטה, בײַ וועלכער ס'זײַנען געווען באַשעפטיקט טויזנטער מענטשן — שוחטים, מנקרים, קצבים א.אַ. דער קליין־האַנדל, דער מאַרק־סטראַגאַן, פון

וועלכן היפּשע טיילן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פלעגן ציען חיונה, האָט געדאַרפט פאַרפּוילישט ווערן דורך אַן עקאָנאָמישן באָיקאָט אונטערן לאָזונג: „אַן אייגענער — צו אַן אייגענעם", פּאָליאַקן דאַרפן קויפן בײַ פּאָליאַקן, נישט בײַ ייִדן! אויף די אוניווערסיטעטן און הויכשולן האָט מען געצוווּנגען ייִדישע סטודענטן צו זיצן אויף באַזונדערע בענק, און אַלס פּראָטעסט האָבן זיי אויסגעהערט די לעקציעס שטייענדיק. די לערע פון ראַסנהאַס און ייִדן־שׂינאה איז אַרײַנגעדרונגען פון נאַצי־דײַטשלאַנד קיין פּוילן און גענומען שלאָגן וואָרצלען אין המון און צווישן דער יוגנט.

אין דער שולע נומער פיר האָבן די קינדער מיטגעפיבערט מיט די אַלע געשעענישן און אפילו דערפילט די ייִדן־שׂינאה אויף דער אייגענער הויט. אַ צוויי געסלעך אַרויף צו פון דער שולע איז געווען די ריימאָנט־שולע — אַ גרויסע עלעמענטאַר־שולע פאַר פּוילישע קינדער. אין משך פון יאָרן זײַנען די באַציִונגען צווישן ביידע שולן געווען קאָרעקטע. צו מאָל פלעגן פאָרקומען מעטשן און ספּאָרט־פאַרמעסטונגען צווישן קלאַסן פון ביידע שולן, און טייל מאָל פלעגן פּוילישע ייִנגלעך אַריבערקומען, כדי צו פלירטעווען מיט ייִדישע מיידלעך און זיי באַגלייטן אַהיים. לעצטנס אָבער האָבן זיך גענומען מערן אינצידענטן אין דרויסן, בײַם טויער פון שקאָלע, ווו קינדער פלעגן געוויינטלעך זיך זאַמלען און פאַרברענגען בשעת דעם מיטאָג־איבעררײַס און נאָכן שולטאָג. שקצים האָבן פאַרבײַגייענדיק פאַר־טשעפּעט די ייִדישע קינדער; מען האָט זיך געזידלט און באַליידיקט און טייל מאָל איז אויך דערגאַנגען צו פויסטגעשלעגן און שטיינער־וואַרפן.

איין מאָל אין אַ נאָכמיטאָג, ווען מען האָט נאָר וואָס געהאַט פאַרענדיקט די לעקציעס און געלאָזט זיך מיט געפּילדער גיין אַהיים, האָבן די ייִדישע קינדער דערזען, אַז דער טויער איז פאַרשפּאַרט און דער פּלויט אַרומגעשטעלט מיט צענדליקער פּוילישע קינדער און יוגנטלעכע פאַרטײַעטע אין אַלע ווינקלען און שפּאַרעס. אַ האָגל פון שטיינער האָט זיך אַ וואָרף געטון איבער די קעפּ פון די ייִדישע קינדער צוזאַמען מיט ייִדן־פײַנטלעכע זידלערײַען און באַליידיקונגען.

„הוּראַ נאַ זשידאַ! הוּראַ!" האָבן זיי גערופן ווי זעלנער צום שלאַכט.

די ייִדישע קינדער האָבן זיך צוריקגעצויגן אין פּאַניק הינטערן שול־בנין. אין דעם האָט זיך פון דער ייִדישער קינדער־מחנה אַ ריס

געטון פּאָרויס משה געלמאַן, איינער פון די עלטערע ייִנגלעך אין זיבעטן קלאַס, און זיך צעשריגן ווי אַ באַנומענער:

,,באָיאַקעס! פּחדנים! דערלאַנגען צוריק דאַרף מען און נישט אַנטלויפן!"

געווען איז ער אַ הויכער, ברייטבייניקער יונג, מיט אַ קורץ־געשוירענער שוואַרצער טשופּרינע, אַ דרייַסטער און חבריש־צוגעלאָזענער. משה האָט אַ כאַפּ געטון עטלעכע פון די געוואָרפענע שטיינער, פּאָרויסגעלאָפן האַלבוועג צום שולטויערל און זיי צוריק־געשלייַדערט צו די אָנפאַלער. באַלד זייַנען עטלעכע דרייַסטערע ייִנגלעך אים געקומען צו הילף און נאָך זיי — אַנדערע קינדער, ייִנגלעך און מיידלעך. מען האָט פאַרנומען פּאָזיציעס הינטער דיביימער און אַרום דער שול־וועראַנדע און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטיינער־וואַרפעריַי מיט געשרייַען, זידלווערטער און געוויינען פון די געטראָפענע און צעשלאָגענע. משה געלמאַן, אין אַ צעפּראַלטן לעדערן רעקל, איז געלאָפן הין־און־קריק און קאָמאַנדעוועט:

,,דערלאַנגט זיי! צילעוועט אין די פּאַשיסטן, אַ רוח אין זייערע טאַטעס!"

דערווייַל זייַנען אַרויסגעקומען אייניקע לערער מיטן שול־דירעקטאָר בראש און באַפוילן אָפּצושטעלן דאָס שטיינער־וואַרפן. די קינדער האָבן זיי אַרומגערינגלט און מיט צעהייַטערטע קולות גענומען דערציילן וועגן דעם פּלוצעמדיקן אָנפאַל. די שקצים אָבער זייַנען נישט נתפּעל געוואָרן פון די לערער און גענומען אויך זיי זידלען און דראָען:

,,ייִדישע פּאַכאָלקעס! נידער מיט אייַך!"

אַ בלייַכער און אויפגעבראַכטער, האָט דער דירעקטאָר באַפוילן אַלעמען זיך צוריקצוציען אין דער שול־געביידע און אַליין אַוועק אין זיין ביוראָ רופן די פּאָליציי. עס זייַנען אָנגעקומען צוויי פּאָליציי־לייַט און די אָנפאַלער זייַנען זיך צעלאָפן אין אַלע זייַטן.

* * *

אויף די לעקציעס פון ייִדישער רעליגיע אין זיבעטן קלאַס זייַנען אָנגעגאַנגען כּסדר דיסקוסיעס וועגן דער ייִדן־פראַגע, ציוניזם און סאָציאַליזם. פאַן פּערלמוטער איז געשטאַנען פאַרן קלאַס אָנגעטון אין אַן אויסגעפּרעסטער ספּאָרטבלוזע, מיט קורץ־געשוירענע האָר, און האָט אויסגעזען ווי אַן עלטערער חבר אַרייַנגעטון מיט אַלע אין אַ פרייַנדלעכן שמועס.

ער האָט נאָר וואָס געהאַט דערציילט אַ טראַגי־קאָמישע געשיכטע וועגן אַ וואַרשעווער אַדוואָקאַט, מסתמא אַ רעוויזיאָניסט, וואָס איז אַרויסגעקומען מיט אַ פּלאַן פון יציאת־פוילן. זאָלן ייִדן זיך צונויפנעמען — האַלט ער — און זיך לאָזן קינד־און־קייט קיין ארץ־ישׂראל. וואָס טראַכטן די שילער וועגן אָט דעם מאַן און זײַן פּלאַן? האָט פֿאַן פּערלמוטער געפרעגט. אייניקע תלמידים האָבן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז דער מאַן איז מסתמא אַ פּירסום־זוכער און מען דאַרף אים און זײַן פּלאַן נישט נעמען ערנסט. משה געלמאַן האָט זיך אויפגעשטעלט און אין אַ ג.־מיש פון פויליש מיט ייִדיש דערקלערט:

„דער אַדוואָקאַט איז אַ רעאַקציאָנער און אַ פּחדן. מען דאַרף דאָ אויפן אָרט אויסקעמפן אַ בעסער לעבן און נישט אַוועקלאָזן זיך ווי ציגײַנער איבער דער וועלט."

נחום האָט אָפּאָנירט און אָנגעוויזן, אַז דווקא אַזאַ פאַר־צווייפלטער אַקט וואָלט מעגלעך אויפגערודערט דאָס געוויסן פון דער וועלט און געצויגן דעם אויפמערק צו דעם שווערן מצב פון ייִדן אין פוילן. און די, וואָס וואָלטן זיך טאַקע געלאָזן אין וועג אַרײַן, וואָלטן, מן־הסתם, אינטערנירט געוואָרן און אפשר מיט דער צײַט זיך דאָך דערשלאָגן צו די ברעגן פון ארץ־ישׂראל.

אָנגעהויכט מיט דעם חלוצישן אידעאַליזם פון זײַן עלטערער שוועסטער, וואָס איז שוין עטלעכע יאָר אויף הכשרה, איז נחום פאַרבליבן ציוניסטיש־געשטימט און אָפט מאָל נישט מסכּים געווען מיט פֿאַן פּערלמוטערס אַנטי־ציוניסטישע אַרויסזאָגונגען. דער לערער האָט אים, ווי אַלע אַנדערע שילער, רויִק אויסגעהערט און דערנאָך געלאַסן און זאַכלעך צוריקגעוואָרפן אַלע זײַנע הנחות. פּאַלעסטינע, האָט ער געטענהט, איז אַ קליין לאַנד, באַוווינט און אַרומגערינגלט פון אַראַבער. ווי זשע וועט מען אויפבויען דאָרט אַ ייִדישע מדינה, אויב נישט אויפן חשבון פון די אַראַבער, דורך אויסקויפן זייער ערד אָדער דורך רופן צו ריין־ייִדישער אַרבעט, פונקט ווי די אַנטיסעמיטן טוען עס דאָ אין פוילן? און גיסט דען נישט דער ציוניזם אייל אויפן פײַער פון אַנטיסעמיטיזם מיט אַזעלכע דער־קלערונגען ווי יצחק גרינבוים, דער ציוניסטישער דעפּוטאַט אין סיים, האָט לעצטנס געמאַכט, אַז אין פוילן זײַנען פאַראַן אַ מיליאָן ייִדן, וואָס וואָלטן געדאַרפט עמיגרירן קיין ארץ־ישׂראל? ציוניזם איז נישט רעאַליזירבאַר און אויב אפילו ס'וועט יאָ אויפקומען אַ ייִדישע מדינה, וועט זי מוזן שטיין אין שטענדיקן גראַנגל מיט די אַראַבער פון אינעווייניק און אויסער אירע גרענעצן. נישטאָ דעריבער קיין

אַנדערער אויסוועג ווי אָפּוועקאַמף אויפֿן אָרט, צוזאַמען מיט די פּוילישע אַרבעטער און פּויערים אויסקעמפֿן אַ נײַע אָרדענונג. דער פֿאָלקספּראָנט און אײנהײטספּראָנט, וואָס אַנטשטייען ספּאָנטאַן אומעטום, וועט אָפּשטעלן דעם פֿאָרויסמאַרש פֿון פֿאַשיזם; די רויטע אַרמיי וועט זײַן די אײַזערנע וואַנט, אָן וועלכער ס׳וועלן ברעכן האַלדז־און־נאַקן אַלע רעאַקציאָנערע כּוחות. מיר ייִדן קאָנען פֿון די ערטער נישט אַוועק און מוזן דעריבער שטעלן אונדזער לעבן אויף דער קאָרט פֿון דער רעוואָלוציע.

„און וואָס וועט זײַן, אַז אָט די קאָרט וועט פֿאַרשפּילן?" האָט נחום איבערגעריסן דעם לערער.

„די אָ קאָרט קאָן נישט פֿאַרשפּילן," האָט פֿאַן פּערלמוטער פֿעסטגעשטעלט. „עס קענען זײַן זיגזאַגן, צוריקצוגן און פֿאָרויס־גענג, אָבער פּוילן, גאַנץ אייראָפּע מוז גיין צום סאָציאַליזם. און דעמאָלט וועט אָפּפֿאַלן דאָס ייִדן־פּראָבלעם, וועט אָפּדאַרן דער אַנטיסעמיטיזם און ייִדן וועלן זײַן פֿרײַ זיך אויסצולעבן אין דער אייגענער ווי אין דער אַלגעמיינער קולטור, אַזוי ווי ס׳געשעט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. דאָרטן פֿאַרנעמען ייִדן וויכטיקע פּאָזיציעס און אַמטן אין דער פּאַרטיי, דער רעגירונג, אַרמיי און וויסנשאַפֿט־אינסטיטוציעס אָן אָפּהאַלט און שטערונגען."

פֿאַן פּערלמוטער איז אַנטשוויגן געוואָרן און אויך די שילער זײַנען געבליבן זיצן שטיל. בלויז זייערע אויגן האָבן געלויכטן מיט דער שײַן פֿון אַן אָנגעצונדענער האָפֿענונג — אַ ליכטיקע וויזיע פֿון אַ נײַער, שענערער וועלט.

# דער פּראָטעסט

לענג־אויס דער באַנליניע פון וואַרשע ביז אָטוואָצק און שרודבאָרווו האָט זיך געצויגן אַ וואַלדיקע געגנט, וואָס האָט געשמט איבער גאַנץ פּוילן מיט אירע ווילעס, פּענסיאָנאַטן און קוריר־אַנשטאַלטן. די ריינע לופט פון די געדיכטע סאָסנעוועלדער און די טרוקענע, גאָלד־העלע זאַמדן פון דער געגנט האָבן צוגעצויגן קראַנקע, ספּעציעל לונגען־ליַידנדיקע, פון אַלע עקן לאַנד. מחמת נאָענטקייט פלעגן זומערציַיט אַהערקומען טויזנטער וואַרשעווער איַינוווינער, באַזונדערס פרויען און קינדער, צו פאַרברענגען די פעריען. אויף סוף־וואָך פלעגן זיך אויך אַראָפּכאַפּן די מענער און אַרבעטנדיקע יונגע־לייַט און מיידלעך, וואָס פלעגן באַלייגן די פלאַזשעס פון טיַיך שווידער און פאַרפולן די ווילעס און אַלייען פון די שטעטלעך מיט יונג געשריי, מיט לעבן.

אַצינד אָבער, מיטן אַלגעמיינעם אָנגריף אויף די ייִדישע פּאָזי־ציעס אין לאַנד, האָט זיך אויך דאָ גענומען ענדערן צום ערגערן. קיין אָטוואָצק האָבן זיך אַראָפּגעיאַוועט אַגיטאַטאָרן פון וואַרשע און אָרגאַניזירט אַ ,,נאַראַ״־גרופּע, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אַטאַקירן די ייִדן אין שטאָט. אָנגעהויבן האָבן זיי מיט איינצלנע אָנפאַלן אין זייטיקע געסלעך, אויף די ראַנדן פון שטאָט; דערנאָך זיַינען זיי געוואָרן חוצפּהדיקער און זיך באַוויזן מיט אַנטיסעמיטישע פליבלעטלעך אויף די הויפּטגאַסן אַרום דער באַנליניע אָדער אין שטאָטישן פּאַרק.

און פּלוצעם — אַ באָמבע האָט אויפגעריסן ביַים טויער פון באַזאַר, דאָרט ווו ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די גאַסן פון ייִדישן

קוואַרטאַל, און צעשעדיקט דעם אַרײַנגאַנג צו דער אַפּטייק. אַ שרעק און זאָרג האָט אַרומגענומען די אײַנוווינער פון דער געגנט; די ייִדישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס האָבן גענומען פּאַרהאַנדלען וועגן אָרגאַניזירן אַ זעלבשוץ, וואָס זאָל באַוואַכן די גאַסן קעגן די כוליגאַנעס.

פּונקט דעמאָלט איז פּאָרגעקומען דער פּאָגראָם אין פּשיטיק, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע פּוילישע ייִדנטום. דער צענטראַלראַט פון די ייִדישע פּראָפעסיאָנעלע פּאַראײינען צוזאַמען מיטן „בונד״, מיט דער שטיץ פון די קאָמוניסטן און די לינקע „פּועלי־ציון״, האָבן פּראָקלאַמירט, אין מיטן פון חודש מערץ 1936, אַ האַלבטאָגיקן פּראָטעסטשטרײַק קעגן אַנטיסעמיטיזם און ראַסן־דיסקרימינאַציע. אין די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן האָבן די פּאַראײינען, פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס און יוגנט־פּאַרבאַנדן זיך פּיבערהאַפּט געגרייט צו אָט דעם טאָג. ייִדישע קראָמען, וואַרשטאַטן און אונטערנעמונגען האָבן געדאַרפט געשלאָסן ווערן ביז נאָך מיטאָג, כּדי צו דערמעגלעכן אַלעמען אָנטייל צו נעמען אין די פּראָטעסט־מיטינגען און פּאַרזאַמלונגען, וואָס וועלן דעמאָלט פּאָרקומען.

* * *

אין מיטן פון דער גרויסער הפסקה האָט משה געלמאַן אַוועק־גערופן נחומען אין אַ זײַט און געפרעגט:

„קענסט האַלטן אַ סוד, ייִנגל?״

„אַנו, לאָמיר הערן,״ האָט נחום, אַ פּאַראינטריגירטער, געענטפערט.

„קיינער טאָר דערוויסן וועגן דעם נישט וויסן: מע גרייט אין שטאָט אַ גרויסן פּראָטעסט־מיטינג. מ׳דאַרף זען עפּעס צו טון דאָ אין שקאָלע.״

דער שולגלאָק האָט זיך צעקלונגען און די קינדער האָבן זיך געלאָזן צו זייערע ערטער. משה האָט אַ קלאַפּ געטון נחומען אין פּלייצע און אין דער שטיל געזאָגט:

„הײַנט פיר אַ זייגער, בײַ מיר אין שטוב. קום צו גיין, אויף זיכער! מיר׳ן עפּעס אויסטראַכטן.״

„פיר אַ זייגער, אויף זיכער,״ האָט נחום אָפּגעענטפערט.

משהס טאַטע־מאַמע האָבן געהאַנדלט מיט פיש אויפן באַזאַר און די עלטערע ברידער זײַנען אויך דאָרט געשטאַנען מיט וועגעלעך גרינס און אויפּס. אָפּט מאָל, אין פרייטיקדיקע מאַרקטעג, פּלעגט

משה נישט קומען אין שקאָלע. אויפן וועג אַהיים פלעגן זײַנע קלאַס־חברים אים טרעפן שטיין אויפן מאַרקפּלאַץ פאַרן באַזאַר בײַ אַ טישל מיט הערינג אָדער געררייכערטע פישלעך, אָנגעטון אין אַ פאַר־שמאָדערטן פאַרטעך, אויסרופנדיק אויפן קול זײַן סחורה. משה איז נישט נתפעל געוואָרן דערזעענדיק זײַנע חברים, און האָט ווער גע־פּרוּווט אָפּלאַכן אָדער אים נאָכשפּעטן, האָט ער יענעם גלײַך פאַרמאַכט ס׳מויל מיט אַ וואָרענונג, „קריגסט גלײַך אין די ציין אַרײַן, יינגל!״

נחום האָט זיך לעצטנס געחברט מיט משהן און ער פלעגט אָפט קומען צו אים און מאַכן די לעקציעס און שמועסן פּאָליטיק. אויך משה האָט האָלט געהאַט נחומען און אים פאַרטרויט זײַנע סודות, ווי, למשל, וועגן זײַן אָנגעהעריקייט צום „רויטן פּיאָניר״, אַן אומלע־גאַלע קאָמוניסטישע קינדער־אָרגאַניזאַציע.

נאָך מיטאָג, בײַ משהן אין שטוב, האָט נחום געטראָפן נאָך צוויי חברים פון קלאַס — הערשל קאָמאַר און בנימין מאַרק,ביידע גוטע ספּאָרטלער און אָנטיילנעמער אין אַלע קלאַס־אַקטיוויטעטן. משה האָט געעפנט דעם צוזאַמענקום און איבערגעגעבן וועגן די צוגרייטונגען צום פּראָטעסטשטרײַק אין שטאָט. דעם גאַנצן פרימאָרגן וועלן אָרדנער פון די פאַראיינען און פּאַרטייען אַרומגיין און צוהיטן, אַז אַלע קראָמען און וואַרשטאַטן זאָלן זײַן געשלאָסן. אַרום צוועלף אַ זייגער וועט דער פּראָטעסט זיך פאַרענדיקן מיט אַ מאַסן־מיטינג אין גרויסן בית־מדרש אויף קופּיעצקע גאַס. „און מיר,״ האָט משה אויסגערופן, „מיר׳ן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט אין שקאָלע, ווי קיינמאָל גאָרנישט?!״

נחום און די אַנדערע חברים האָבן גענומען אַרויסזאָגן מיינונגען, ווי אַזוי זייער קלאַס קאָן אַרויסווײַזן סאָלידאַריטעט מיטן יִדישן קהל. משהס מאַמע, וואָס האָט זיך געפּאָרעט בײַ דער קיך און זיך צוגעהערט צו די אַרויסזאָגונגען, האָט זיי צוגעטראָגן אַ טעלער מיט היימיש־געבאַקענע קיכלעך און זיי צוגעגעבן מוט:

„קלערטס, קלערטס, קינדערלעך, אפשר וועט עץ עפּעס אויסקלערן, מ׳זאָל פּטור ווערן פון די שׂונאי־ישׂראל, אַ נכפּה אויף זייערע יאָרן!״

נאָכן אַרומריידן דעם ענין פון אַלע זײַטן האָט דער פירלינג באַשטימט, אַז אין טאָג פון שטרײַק זאָל דער גאַנצער זיבעטער קלאַס פאַרלאָזן די שולע גלײַך אויף דער ערשטער הפסקה און גיין אָנטייל־נעמען אין פּראָטעסט־מיטינג. אין משך פון די פּאָר פאַרבליבענע טעג

וועט מען זען צו קריגן די הסכּמה פון אַלע שילער אָן אויסנאַם. בײַם אַרויסמאַרש פון קלאַס וועלן משה און נחום גיין פּאָרװיס און הערשל מיט בנימינען — די לעצטע, כּדי צו היטן, אַז קיינער זאָל אין קלאַס נישט פאַרבלײַבן.

אין דער פרי, אין טאָג פון פּראָטעסטשטרײַק, האָט נחום, אויפן וועג אין שקאָלע, געזען ווי גרופּקעלעך יונגוואַרג האָבן זיך געאײַלט איבער די גאַסן. דאָ און דאָרט האָבן זיי זיך געטראָפן מיט אַנדערע און ווידער זיך אָפּגעטיילט, איבערגעבנדיק ידיעות און אינסטרוקציעס וועגן גאַנג פון דער אַקציע. פיל געוועלבער און קראָמען זײַנען שוין געווען פאַרמאַכט; אַנדערע האָבן זיך געהאַלטן אין שליסן נאָך דעם ווי די יונגע־לײַט פון פאַראיין האָבן דערמאָנט די אייגנטימער וועגן שטרײַק.

אין שול־קאָרידאָר האָט משה באַגעגנט נחומען מיט אַ צופרי־דענעם שמייכל. ,,ס׳גייט גוט, ייִנגל. אַלע זײַנען גרייט.״

דער גלאָק האָט זיך צעקלונגען און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע לעקציע. די פאַני יאַדוויגאַ האָט פאָרגעלייענט אַ פּויליש געדיכט, צו וועלכן קיינער האָט זיך נישט צוגעהערט. דער גאַנצער קלאַס האָט געפיבערט מיט דעם פאָרשטייענדיקן אַקט פון מרידה — דאָס פאַרלאָזן די שולע אין מיטן לערנען, אָן שום דערלויבעניש. אין משך פון דער לעקציע האָט מען געשיקט צעטעלעך מיט לאָזונגען און דערמוטיקונגען:

,,איינער פאַר אַלע, אַלע פאַר איינעם!״

,,קיינער בלײַבט נישט אין קלאַס! אָן פּחדנים!״

,,מיר נעמען זיך אָן פאַר די ייִדישע קינדער אין פּשיטיק!״

דער גלאָק האָט זיך ווידער צעקלונגען און די לערערין פון פּויליש האָט אין געאײַל פאַרלאָזן דעם קלאַס. אַלע זײַנען געבליבן פאַרגליווערט אויף די ערטער און נישט געוואַגט זיך צו רירן. דאָ האָט משה זיך אַ ריס געטון פון זײַן בענקל און זיך צעדונערט:

,,אַצינד איז דער מאָמענט! אַלע ווי איינער — נאָך מיר! הוּראַ!״

,,הוּראַ! הוּראַ!״ האָבן אַלע אָפּגעענטפערט.

אין אַן אויגנבליק איז משה שוין געווען בײַ דער טיר. דאָ האָט ער זיך פאַרהאַלטן, אַרומגענומען מיטן בליק דעם גאַנצן קלאַס און ווידער אויסגערופן:

,,אַלע ווי איינער — נאָך מיר!״

משה און נחום זײַנען אַרויס צו די טרעפּ און נאָך זיי זײַנען געלאָפן מיט טופּעריי און נצחון־געשרייען אַלע שילער פון זיבעטן קלאַס, ייִנגלעך און מיידלעך, מיט מאַנטלען, טעקעס און רענצלעך אין די הענט. בײַם טויער פון שולהויף האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן צו זען צי מען יאָגט זיי נישט נאָך. אָבער קיינעם פון די לערער האָט מען נישט געזען אויפן הויף. בלויז בײַם אָפענעם פענצטער פון זיבעטן קלאַס איז געשטאַנען אַ ייִנגל און געפאָכעט מיט די הענט, ווי ער וואָלט אַלעמען גערופן אויף צוריק.

,,פּינקוס איז געבליבן," האָט בנימין אויפגעקלערט. ,,ר'האָט נישט געוואָלט גיין, געוויינט און געשריגן. מיר'ן גאָרנישט געקאָנט מאַכן מיט אים."

,,פּינקוס פאַררעטער! פּינקוס טרוס!" האָבן די קינדער אַרויפ־געשריגן און געדראָט אים מיט געבײַלטע פויסטן.

,,לאָמיר זיך וואָס גיכער אָפּטראָגן פון דאַנען איידער דער 'קעראָווניק' קומט," האָט משה פאָרגעלייגט. באַגײַסטערט פון דער אייגענער געוואַגטקייט, האָבן זיי זיך געלאָזן מיט געפילדער לענג־אויס דער קאַרטשעווער גאַס צום וועלדל הינטער דער גרויסער מעכאַנישער בעקערײַ. אויף אַ פּלעצל צווישן די ביימלעך האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, כּדי אַרומצוריידן וואָס ווײַטער צו טון. משה געלמאַן האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ שטיין, אַ הויב געטון די הענט און אָנגעהויבן ריידן:

,,חברים און חברטעס! אונדזער הײַנטיק אַנטלויפן פון דער שולע איז נישט סתם קיין אויספלוג אָדער ,,וואַגאַרעס", ס'דראָט אונדז מיט ערנסטע קאָנסעקווענצן פאַר דעם. דאָך האָבן מיר אַלע, אויסער דעם איינציקן פּחדן, דעם דיקן פּינקוס, דעצידירט צו פאַרלאָזן די שולע און זיך באַטייליקן אין אַלגעמיינעם פּראָטעסטשטרײַק קעגן אַנטיסעמיטיזם און פאַשיזם. האָט ווער פון אייך חרטה?. . . ווער וויל צוריקגיין אין שולע מיטצוהאַלטן מיט פּינקוסן? דער וועג פאַר אים איז אָפן!"

,,קיין מאָל נישט! נידער מיט פּינקוסן!" האָבן אַלע ווי איינער אויסגערופן.

אַצינד איז נחום אַרויף אויפן שטיין, געוואַרט אַ ווײַלע ביז אַלע וועלן זיך באַרויִקן און צוגעגעבן:

,,קאָלעגן און קאָלעזשאַנקעס! משה האָט שוין אײַך אויפגעקלערט וועגן דער ערנסטקייט פון אונדזער טאַט. פאַן שימאַנסקי וועט

אָן שום ספק אויספאָרשן און וועלן דערגיין ווער ס׳זיינען געווען די איניציאַטאָרן פון דער זאַך. לאָמיר דעריבער אַלע אויפהייבן די רעכטע האַנט און שווערן, אַז קיינער פון אונדז וועט נישט אויסגעבן אָדער מסרן אויף עמעצן. און אויב מען וועט וועמען באַשטראָפן, וועלן מיר זיך אַלע פאַר אים אײַנשטעלן. אַלע טראָגן מיר צוגלײַך די אחריות פאַר דעם, וואָס מיר האָבן געטון.״

,,מיר שווערן! מיר שווערן!״ האָבן אַלע אויסגערופן.

,,און איצט איז קיין סך צײַט נישט געבליבן. מיר דאַרפן זיך לאָזן אין בית־מדרש אַרײַן צום פּראָטעסט־צונויפקום,״ האָט נחום פאַרענדיקט.

אויפן וועג האָבן די קינדער זיך אָפּגעשטעלט פאַרן שטאָטישן פּאָסטאַמט, כּדי צו טעלעפאָנירן צום שול־דירעקטאָר און אים אויפקלערן פאַר וואָס דער זיבעטער קלאַס האָט פאַרלאָזן די שולע. נחום האָט אַרײַנגעוואָרפן אַ מטבע אין טעלעפאָן־קעסטל און מיט אַ פאַרענדערטער שטימע אַרײַנגערעדט אין טרײַבל:

,,העלאָ, שקאָלע נומער פיר, קראָוניק שימאַנסקי?״

,,העלאָ, ווער רעדט?״ האָט פאַן שימאַנסקי געפרעגט.

,,פאַן קראָוניק, דאָ רעדט דער פאָרשטייער פון זיבעטן קלאַס. מיר זײַנען אַוועק פון שולע, כּדי אָנטייל צו נעמען אין פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג קעגן אַנטיסעמיטיזם און ראַסנהאַס. ווי ייִדישע קינדער, האָבן מיר געהאַלטן פאַר אונדזער חוב צו סאָלידאַריזירן זיך מיט דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג אין דער אַקציע.״

,,איר זײַט נאָך קינדער, תלמידים פון אַ פּוילישער מלוכה־שולע, איר טאָרט זיך נישט מישן אין פּאָליטיק!״ האָט דער דירעקטאָר אויסגערופן מיט רוגזה.

,,הער קראָווניק,״ האָט אים נחום אָפּאָנירט, ,,אין פּשיטיק האָט מען געשלאָגן און פּאָגראָמירט ייִדישע קינדער. מיר נעמען זיך אָן פאַר זייער עוולה און פאַר זייערע לײַדן.״

נחום איז אַרויס פון דער טעלעפאָן־בודקע און איבערגעגעבן וועגן זײַן געשפּרעך מיטן דירעקטאָר. אַצינד האָט זיך דער קלאַס צעטיילט אין עטלעכע גרופּעס, וואָס האָבן זיך געלאָזן מיט באַזונדערע גאַסן צום בית־מדרש. אַרום זײַנען אַלע ייִדישע קראָמען און מאַרקבוידן געווען געשלאָסן. יונגע־לײַט האָבן זיך געאײַלט איבער די גאַסן און גערופן פאַרבײַגייער אין בית־מדרש אַרײַן. דאָ און

דאָרט, אויף גאַסן־ראָגן, זײַנען געשטאַנען פּאָליציאַנטן און געקוקט מיט פאַרדאַכט אויף אַלץ אַרום.

דאָס גרויסע בית־מדרש איז געשטאַנען אָפן, מיט צעפּראַלטע טיר־און־פענצטער, דורך וועלכע מענטשן האָבן געשטראָמט אָן אויפהער. איידער פּנחס שמש און די עטלעכע לערנער האָבן זיך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר, איז שוין דער בית־מדרש געווען פאַרפולט מיט יוגנט. מען איז געשטאַנען אויף בענק און טישן, אַרום דעם באַלעמער און אין דער עזרת־נשים, פון וואַנען מען האָט אַראָפּ־געקוקט אין בית־מדרש אַרײַן. אין אַ קורצער ווײַלע איז דער בית־מדרש געוואָרן איבערפולט, קעפּ אויף קעפּ, אָנגעהאָנגען ווו נאָר ס׳האָט זיך געלאָזן, ביז צום פּאָליש. אויפן באַלעמער זײַנען געשטאַנען די פאָרשטייער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, די לינקע ,,פּועלי־ציון״, צוזאַמען מיט אַ שליח פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. עמעצער האָט אַ קלאַפּ געטון אין טיש, ס׳זאָל ווערן שטיל. פון צווישן די פאַרזאַמלטע אויפן באַלעמער האָט זיך אַרויסגערוקט חבר איזידאָר, פון פאַראיין פון די לעדער־אַרבעטער, און מיט אַ שטיל און ערנסט קול געעפנט דעם פּראָטעסט־מיטינג.

,,ברידער און שוועסטער, אָטוואָצקער ייִדן! אין נאָמען פון די שטאָטישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און דעם קאָמיטעט פאַרן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און ראַסן־דיסקרימינאַציע עפענען מיר די היינטיקע פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג.״

אָנגעטון אין אַ שוואַרצער רובאַשקע פאַרגאַרטלט פון דער זײַט, איז חבר איזידאָר געשטאַנען אַ ווײַל און געשוויגן, אַרומנעמענדיק מיט זײַן בליק דעם פאַרזאַמלטן עולם. אין געמאָסטענע ווערטער האָט ער גערעדט וועגן דער שווערער לאַגע פון די ייִדישע אַרבעטער־און פאָלקס־מענטשן אין איצטיקן פּוילן. ,,נישט גענוג געווען די נויט און אָרעמקייט פון ייִדישן אַרבעטער, קליינהענדלער און האַנט־ווערקער, פּרובירט אַצינד די פּוילישע רעאַקציע, דורך שווערע שטײַערן און עקאָנאָמישן באָיקאָט, רויִנירן דעם ייִדישן אַרבעטס־מענטש, כּדי ער זאָל זײַן געצוווּנגען צו פאַרלאָזן ס׳לאַנד. אָבער — דאָס וועט נישט צו שטאַנד קומען! מיר וועלן קעמפן און פאַרטיידיקן אונדזערע פּאָזיציעס און אונדזער פּולע בירגעררעכט אין פּוילן!״

חבר איזידאָר האָט געענדיקט זײַן אַרײַנפיר און געגעבן דאָס וואָרט צום חבר נתן, פון דער לינקער באַוועגונג אין שטאָט. ער איז

געווען אַ מיטליאָריקער מאַן מיט אַ פּליכעוואַטן קאָפּ, אַן איינבינדער פון פאַך, באַקאַנט אין שטאָט ווי אַ שאַרפער קאָפּ, אַ בקי אין דער מאַרקסיסטישער תורה מיט אַלע אירע מפרשים. חבר נתן האָט געריידט פאַמעלעך, אָן פּאַטאָס, וועגן דער גרויסער געפאַר פון פאַשיזם, וואָס לויערט אויף דער גאַנצער מענטשהייט בכלל און אויפן יידישן פאָלק בפרט. „וואָס איז דען פאַשיזם אויב נישט אַן אַרויס־שפּראָץ פון קאַפּיטאַליזם אין דער סטאַדיע פון אונטערגאַנג און דעגענעראַציע? ווער האָט אויפגעשטעלט דעם היטלעריזם, געגעבן אים כּוח און שוווּנג, אויב נישט דער אינטערנאַציאָנאַלער קאַפּיטאַל? אַ וואָלף האָבן זיי אויפגעהאָדעוועט אין דעם דזשאָנגל פון אייראָפּע, אים געפיטערט, געשאַרפט זיינע ציין־און־נעגל, ער זאָל אַרויס און פאַרניכטן די 'רויטע געפאַר', פאַרצוקן דעם דייטשישן אַרבעטער־קלאַס און דערנאָך זיך וואַרפן אויפן ראַטן־פאַרבאַנד. אַצינד האָט דער נאַצישער וואָלף דערפילט זיין כּוח און איז גרייט איינצושלינגען און פאַרקנעכטן אַלע פעלקער פון אייראָפּע און אַלע שיכטן פון פאָלק, דאָס קליינבירגערטום און די בורזשואַזיע בתוכם. דאָס ברענגט אונדז צו דער וויכטיקייט פון פאָלקספראָנט און איינהייטספראָנט פון קאָ־מוניסטן, סאָציאַליסטן און קליינבירגער, כּדי צו פאַרצאַמען דעם וועג פון פאַשיזם. די דאָזיקע איינהייט דאַרף רעאַליזירט ווערן גלייך און אַצינד, איבער די קעפּ פון די פירער, וואָס שטעלן זיך אַקעגן, ווייל עס ווערט שפּעט, און דער פאַשיזם מאַרשירט פאָרויס.״

חבר נתן האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ זופּ געטון אַ ביסל וואַסער פון אַ גלאָז און ממשיך געווען אין אַ געבראָכענער שטימע:

„מיר יידן זיינען אין אַ טאָפּעלן געפאַר צו זיין די ערשטע קרבנות פון נאַציזם. דערפאַר האָבן מיר נישט קיין אַנדערע ברירה ווי צו זיין פון די ערשטע אין קאַמף. אונדזער גורל איז געבונדן מיטן גורל פון פּוילישן, אוקראַינישן און ווייסרוסישן אַרבעטסמאַן און פּויער, און נאָר צוזאַמען מיט זיי וועלן מיר באַזיגן די היטלערישע הידרע!״

אַ הילכיקער אויפברויז פון אַפּלאָדיסמענטן האָט זיך צעטראָגן איבערן חלל פון בית־מדרש ווען חבר נתן האָט געענדיקט און זיך אַוועקגערוקט אין אַ זייט. דאָס וואָרט האָט באַקומען חבר משה רעכט פון די לינקע „פּועלי־ציון״. אויך ער איז געווען באַקאַנט ווי אַן אויטאָדידאַקט, וואָס האָט, נאָך טעג פון אַרבעט ביים שוסטער־ווערקשטעל, זיך געגריבלט אין די שריפטן פון בער באָראָכאָוו, לענין

און פלעכאַנאָוו. דערצו נאָך איז ער געווען אַ פײַערדיקער רעדנער, וואָס פלעגט אָנצינדן און מיטרײַסן דעם עולם. איצטער איז ער געשטאַנען אויף דער בימה, אַ הויכער און אָנגעשפּאַנטער, דאָס לענגלעכע פּנים פאַרריסן אַרויף צו, גרייט צו דער אָראַציע.

„ברידער ייִדן," האָט ער אָנגעהויבן אין אַ קול דממה דקה, „בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו — אין יעדן דור שטייט אויף אַ פּרעה אָדער אַ המן, וואָס פאַרמעסט זיך אונדז צו פאַרלענדן. שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר ווי מיר בלוטיקן אויף אַלע אַרענעס פון דער געשיכטע, אין אַלע לענדער, אויף אַלע קאָנטינענטן. מיר זײַנען געוואָרן דער שׂעיר־לעזאָזל פון אַלע סיסטעמען און רעגירונגען, פון פינצטערן מיטל־עלטער ביזן הײַנטיקן יאָרהונדערט. דאָס איז די אייביקע ייִדישע גלות־טראַגעדיע, וואָס נעמט אָן אין פאַרשיידענע צײַטן אַלערליי פאָרמען: אין אויפגעקלערטן פראַנקרײַך — אַ דרייפוס־פּראָצעס; אין צאַרישן רוסלאַנד — פּאָגראָמען; אין דייטשלאַנד — ראַסן־געזעצן; און דאָ אין פּוילן — פּרעמיער סקלאַדאָווסקיס 'אָווּשעם'־פּאָליטיק."

משה רעכט האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און פאָרגעזעצט:

„ברידער און שוועסטער! די צײַטן פון פּאַסיוון קידוש־השם זײַנען אַריבער. ייִדיש לעבן איז מער נישט הפקר! אין ארץ־ישׂראל שטייען די חלוצים און שומרים פון דער הגנה מיט ביקסן אין די הענט צו באַשיצן די ייִדישע שטעט, קיבוצים און מושבים קעגן די אַראַבישע אָנפאַלער און זייערע ענגלישע פּראָטעקטאָרן. לאָמיר זיך נישט מיאש זײַן, נישט פאַרלירן דעם גלויבן אין נצח־ישׂראל! זײַט זיכער, ברידער און שוועסטער, אַז ס'וועט קומען אַ טאָג, ווען אַדאָלף היטלער מיט זײַנע אַרויסהעלפער וועלן פוילן אין ד'רערד, און איבער די גאַסן פון תל־אביב און ירושלים וועט פלאַטערן די בלאָ־ווײַסע פאָן פון אַן אויפגעשטאַנענער ייִדישער מדינה, צוזאַמען מיט דער רויטער פאָן פון דער ייִדישער אַרבעטערשאַפט און אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם." משה רעכט האָט געענדיקט און דער עולם איז אויסגעבראָכן אין לאַנגע אַפּלאָדיסמענטן.

דאָס וואָרט האָט געקראָגן דער פאָרשטייער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, חבר פּישטשאַל, אַ הויכער מאַן מיט אַ ברייטן געשטעל פון אַ מויערער. אין קורצע, אָפּגעהאַקטע זאַצן האָט ער גערעדט וועגן דער סאָלידאַריטעט פון ייִדישע און פּוילישע אַרבעטער אין קאַמף קעגן דער „סאַנאַציע" און דעם וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם. ווי נאָר ער האָט געענדיקט האָט חבר איזידאָר זיך

ווידער אַרויסגערוקט און פֿאָרגעלייענט די פּראָטעסט־רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן דורך אַקלאַמאַציע. די פֿאַרזאַמלונג איז געשלאָסן געוואָרן און די פֿאַרזאַמלטע האָבן זיך אויפֿגעשטעלט און ספּאָנטאַן אָנגעהויבן זינגען דעם ,,אינטערנאַציאָנאַל״.

אין דרויסן האָבן שוין געוואַרט עטלעכע פּאָליציאַנטן און מיט גומענע פּאַלקעס צעטריבן דעם עולם.

* * *

צו מאָרגנס זײַנען די תלמידים פֿון זיבעטן קלאַס געקומען אין שולע, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען. דער שול־דירעקטאָר, וואָס האָט אויך געלערנט געאָגראַפֿיע, איז אַרײַן אין צימער אַ פֿאַרכמורעטער און בייזער און, נישט באַגריסנדיק זיך, אָנגעהויבן די לעקציע. די קינדער זײַנען געזעסן דערשראָקענע און מורא געהאַט אַ וואָרט אַרויסצורעדן. בײַם סוף פֿון דער לעקציע האָט פּאַן שימאַנסקי נישט אויסגעהאַלטן און אַרויס מיט לשון:

,,וואָס איז געשען מיט אײַך? אַ הפקר־חברה געוואָרן?! ס׳ערשטע מאָל הער איך אַזעלכעס זאָל פֿאָרקומען אין אַ פּוילישער מלוכה־שולע! אומדערהערט! ווער האָט אײַך אָנגערעדט צו דעם?״

די פּנימער פֿון די קינדער זײַנען בלײַך געוואָרן פֿון שרעק; מען האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן נישט צו קוקן דעם דירעקטאָר אין פּנים אַרײַן. אין דעם האָט אַ שילערין — די קליינע עסטושאַ — זיך אויפֿגעשטעלט און מיט אַ דין, ציטערדיק קולכל דערקלערט:

,,פּאַן קעראָווניק, מיר האָבן זיך אָנגענומען פֿאַר די ייִדישע קינדער אין פּשיטיק. מיר האָבן פּראָטעסטירט קעגן אַנטיסעמיטיזם און ראַסן־דיסקרימינאַציע.״

,,ווער האָט אײַך אַגיטירט צו דעם?״ איז פּאַן שימאַנסקי אויפֿגעשפּרונגען. ,,כ׳האָב שוין געהערט די דאָזיקע רייד נעכטן דורכן טעלעפֿאָן! ס׳איז נישט פֿון אייער קאָפּ!״

דאָס גלעקל האָט זיך צעקלונגען און דער שול־פּאַרוואַלטער איז אַ ברוגזער אַרויס פֿון קלאַס. גלײַך נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן די אויספֿאָרשונג. איינער נאָכן אַנדערן זײַנען די שילער אַרײַנגערופֿן געוואָרן צום דירעקטאָר אין קאַבינעט, כּדי אַרויסצוקריגן די נעמען פֿון די, וואָס האָבן אָנגעפֿירט מיטן שטרײַק. זײַן טירחה איז אָבער געווען אַן אומזיסטע: קיינער האָט נישט אָנגעגעבן קיין נעמען. אַלע ווי איינער האָבן געטענהט, אַז די זאַך איז געשען ספּאָנטאַן און אַלע זײַנען גלײַך פֿאַראַנטוואָרטלעך. פֿאַרן אַרײַנגיין אין דירעקטאָרס

קאַבינעט האָבן די קינדער געשטאַרקט איינער דעם אַנדערן און זיך אויף ס׳נײַ באַשווירן קיינעם נישט אויסצוגעבן. נאָך עטלעכע טעג פאָרשן אָן רעזולטאַטן, איז פאַן שימאַנסקין נמאס געוואָרן דער גאַנצער ענין און ער האָט פאַררופן אַן עלטערן־פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ער האָט גוט אויסגעמוסרט די טאַטעס און מאַמעס פאַר דערלאָזן, אַז זייערע קינדער זאָלן אין אַזאַ פריען עלטער אַרײַנגעצויגן ווערן אין שעדלעכע פּאָליטישע אַקטיוויטעטן. צום סוף האָט ער געמאָלדן, אַז בײַ יעדן תּלמיד פון זיבעטן קלאַס וועט אַראָפּגענידערט ווערן דער צייכן אין אויפפירונג אויף דעם גראַדויאיר־דיפּלאָם. אין פאַל אָבער — האָט פאַן שימאַנסקי געוואָרנט — אויב אַן ענלעכע מעשׂה וועט זיך איבערחזרן, וועלן די שולדיקע באַזײַטיקט ווערן פון דער שולע.

אַזוי אַרום איז דער זיבעטער קלאַס אָפּגעקומען מיט אַ מילדער קאָלעקטיווער שטראָף און אַ וואָרענונג אויף להבא. דער איינציקער, וואָס האָט יאָ געליטן פון דעם וואָס ס׳איז פאָרגעקומען איז געווען דער יונגער רעליגיע־לערער, פאַן פּערלמוטער. כאָטש ער האָט נישט געהאַט קיין דירעקטן שייכות מיטן פּראָטעסט־אַרויסמאַרש — ער איז דעם טאָג אפילו אין שטאָט נישט געווען — האָט פאַן שימאַנסקי געהאַלטן, און אפשר מיט רעכט, אַז פּערלמוטער איז דער אמתער שולדיקער אין אַלעם. זינט זײַן אָנקומען אַהער, מיט צוויי זמנים צוריק, האָט ער באַאײַנפלוסט צום שלעכטן די תּלמידים און תּלמידות פון די העכערע קלאַסן. דאָס האָט ער אײַנגעפירט פאָרלייענונגען אין ייִדיש און פּאָליטישע דיסקוסיעס אין קלאַס און אויף די הפסקות. פאַן שימאַנסקי האָט שוין לאַנג געהאַט אָפּגעמאַכט ביי זיך משלח צו זײַן דעם ראַדיקאַלן יונגער־מאַן און די געשעעניש מיטן זיבעטן קלאַס האָט בלויז צוגעאײַלט דעם אויספיר. אין גיכן האָט ער באַקומען די באַשטעטיקונג פון די העכערע אינסטאַנצן צו אַנגאַזשירן אַ נײַעם לערער פון ייִדישער רעליגיע אויף פאַן פּערלמוטערס אָרט.

אויף דער לעצטער לעקציע איז פאַן פּערלמוטער געקומען מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ. דאָס האָבן אים פּוילישע כוליגאַנעס צעשלאָגן אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט, ווו ער האָט גענומען קורסן אייניקע מאָל אַ וואָך. זײַן פּנים איז געווען בלײַך און אויסגעצערט פון איבערגעלעבטן, אָבער זײַן גוטמוטיק־שטיפערישער שמייכל האָט ווי תּמיד באַשײַנט זײַנע ליפּן. פאַר דעם קלאַס האָט ער פאָרגעלייענט פּרצעס „דרײַ מתּנות״. נחום האָט

בשעת־מעשׂה געטראַכט, אַז וואָלט פּרץ אַצינד געלעבט, וואָלט ער אַ פּערטע מתּנה געפונען — דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון אָט דעם יונגן ייִדישן לערער.

אויף דער מיטאָג־הפסקה האָט דער גאַנצער קלאַס אַרויסבאַ־גלייט פאַן פּערלמוטערן ביזן שולטויער. מען האָט אים געדריקט די הענט, זיך אָנגעהאָנגען אין אים און געבעטן אַרײַנצושרײַבן אַ פּאָר ווערטער אין די אָנדענק־ביכלעך.

„מיר וועלן אײַך נישט פאַרגעסן, פאַן פּערלמוטער," האָבן אַלע אים פאַרזיכערט.

„און איך וועל אײַך אויך געדענקען, מײַנע גוטע שילער," האָט ער געענטפערט צו זיי און דערביי געדריקט זייערע הענט און געגלעט די קעפּלעך. ער האָט זיך קוים פון זיי אַרויסגעריסן און אַן אויסגע־גלײַכטער אַוועק פון דער שולע.

דער צווייטער, וואָס האָט געליטן פון פאָרגעקומענעם אַרויסמאַרש, איז געווען דער דיקער פּינקוס, דער איינציקער, וואָס איז פאַרבליבן אין קלאַס בעתן פּראָטעסט־אַרויסמאַרש. ביזן סוף יאָר האָבן די קינדער אים פאַרפאָלגט און נישט מוחל געווען זײַן בגידה.

# אין פּאַראַיין

סוף אלול, ווען עס נעמען בלאָזן קילע ווינטן, צעפאָרן זיך די דאַטשניקעס און געסט פון די ווילּיעס און פּענסיאָנאַטן פון דער אָטוואָצק־וואַרשע באַנליניע. דער גרויסער אָטוואָצקער וואָקזאַל, וואָס איז פול און רעשיק אַ גאַנצן זומער, ווערט כמעט ליידיק. אויף די בענק אין די ווינקלען זיצן טרעגעריונגען און גענעצן פויל. די דראָשקע־אָנטרייַבערס אין דרויסן פאַרטרייַבן די צייַט אין קאָרטנ־שפּיל אָדער אין חוזק מאַכן איינער פון אַנדערן. אויף די גאַסן און אין די ווילּיעס איז אומהיימלעך־שטיל. איבער די הויכע סאָסנעביימער שפּילט דער ווינט זייַן סומנעם ניגון, רייַסט אָן רחמנות זייערע נאָדלען און בלעטער, וואָס פאַלן אומבאַהאָלפן אַראָפּ אויף דער גרויער ערד. פון די ווילּיעס ביַים טייַך שווידער זייַנען פאַרשוווּנדן די מחנות פרויען, קינדער און יונגוואַרג, וואָס פלעגן אַ גאַנצן זומער באַלייגן די זאַמדיקע פּלאַזשעס. אַצינד פליסט דער טייַך ערנסט־שטיל, ווי ער וואָלט זיך געאייַלט אייַנגעזאַמלט צו ווערן אין די אינגעווייַדן פון דער מאַמע־ווייַסל.

אויך אין די גאַסן פון ייִדישן קוואַרטאַל אַרום באַזאַר איז דאָס לעבן אַצינד געוואָרן אייַנגעשרומפּן און פאַרשטילט. כמעט אַלע איינוווינער דאָ האָבן געצויגן זייער חיונה פון די דאַטשניקעס און געסט אין די ווילּיעס און פּענסיאָנאַטן: ייִדענעס טראָגן אַהין קוישן מיט פּרוכטן און גרינס; דראָשקע־טרייַבערס פירן אַרום די געסט; גאַסנמענטשן, סוחרים און בעל־מלאכות — אַלע אָן אויסנעם פאַרדינען פון די צוגערייזטע געסט אין משך פון זומער־סעזאָן.

פאַר משה־אברהמען און זייַן משפחה איז אָט די צייַט פון האַרבסט און ווינטער געווען שווער איבערצוקומען. פון צייַט צו צייַט

פלעגן אַרײַנקומען אין רעסטאָראַן עטלעכע טרעגערס אָדער גאַסניונגען זיך צו דערוואַרעמען בײַ אַ ביליקן טעלער קרופּניק. טייל פֿון זיי פֿלעגן אָפּזיצן שעהען לאַנג אין דער הינטערשטוב און פֿאַרטרייבן די צײַט אין דאָמינאָ און קאָרטנשפּילן. משה־אַברהם איז אַצינדערט מערסטנס געזעסן אין זײַן שטעפּער־ווערקשטעל, וואָס ער האָט צוריק אויסגעריכט אויבן, אין דער נײַער דירה.

אָוונטצײַט פֿלעגט אין רעסטאָראַן ווערן אַ ביסל היימלעכער. אין דער צווייטער שטוב האָבן זיך פֿאַרמערט די דאָמינאָ־ און קאָרטנ־שפּילער, וואָס פֿלעגן אָפּזיצן דאָרטן ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַרום די שפּילערס זײַנען געזעסן אָדער געשטאַנען צוקוקערס און עצה־געבערס, און אַלע צוזאַמען האָבן געטומלט, זיך געוווערטלט און געקריגט אויפֿן הויכן קול. פֿאַרן אָנהייבן אַ פּאַרטיע האָבן די שפּילערס געמוזט צאָלן שפּילגעלט: פֿינעף גראָשן פֿאַר אַ דאָמינאָ־פּאַרטיע און צען גראָשן פֿאַר אַ קאָרטנשפּיל. אָט די אָפּצאָלן האָבן אַרײַנגעבערענגט משה־אַברהמען עטלעכע זלאָטעס אַ נאַכט, און נחום איז געווען דער, וואָס האָט דאָס געלט געדאַרפֿט אײַנמאָנען. צוליב דעם טאַקע האָט נחום געמוזט אָפּזיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט אין דער פֿאַררייכערטער שטוב פֿון רעסטאָראַן, און דאָרט אינעם טומל און גערודער, לייענען און מאַכן די היימאַרבעט פֿאַר דער שולע. אין דער פֿרי פֿלעגט ער אויפֿשטיין אַ נישט־אויסגעשלאָפֿענער און אָפּט מאָל פֿאַרשפּעטיקן אין קלאַס. איטע האָט רחמנות געהאַט אויף איר זון, וואָס ער מוז, נעבעך, אָפּזיצן ביז האַלבער נאַכט מיט דער חברה קאָרטנשפּילערס, אָבער משה־אַברהם האָט דאָ נישט געקאָנט העלפֿן: ער אַליין האָט געמוזט אין די אָוונטן צוהיטן אין רעסטאָראַן דאָס ביסל לייזעכץ און דאָס ווײַב האָט ער אוודאי נישט געקאָנט נוצן צו אָט דער מלאכה־בזויה. אויפֿצוגעבן די פּאָר זלאָטעס, וואָס די אַזאַרטשפּילן האָבן אַרײַנגעבערענגט, איז ער נישט געווען בכּוח, ווײַל דאָס האָט אויפֿגעהאַלטן די שענק אין די טויטע ווינטער־חדשים.

סוף ווינטער איז משה־אַברהמס קאָרטנשפּיל־מלינה אומגעריכט אויפֿגעדעקט געוואָרן. געשען איז עס אַרום האַלבנאַכט, ווען די שפּילערס זײַנען, ווי געוויינטלעך, געזעסן אַרום די טישלעך, געטומלט און געקנאַקט מיט די דאָמינאָ־ביינדלעך, און נחום איז געזעסן דערנעבן און געדרימלט בײַ אַן אָפֿענעם בוך. פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ האַסטיק קלאַפּן אין די צוגעשפּאַרטע פֿאָדערשטע טירן פֿון רעסטאָראַן. משה־אַברהם האָט אויפֿגעמאַכט און געבליבן שטיין אַ פּאַרציטערטער: צוויי פּאָליציאַנטן האָבן זיך אַרײַנגעריסן

אין געוועלב און זיך גלייך געלאָזן צו דער אַנדערער שטוב, פון וואַנען ס׳האָבן זיך געטראָגן די קולות פון די שפּילערס. טייל פון זיי, דערזעענדיק די פּאָליציי־לײַט, האָבן זיך אַ ריס געטון פון אָרט און אַרויסגעלאָפן דורך דער טיר אין הויף אַרײַן, איבערלאָזנדיק די דאָמינאָ־קלעצלעך און די קאָרטן־פּעשלעך, צוזאַמען מיטן אײַנגעשטעלטן געלט אויף די טישלעך. אַנדערע זיינען געבליבן זיצן ווי פּאַרגליווערט און די פּאָליציאַנטן האָבן פאַרשריבן זייערע נעמען און אַדרעסן און זיי פריי געלאָזט. דערנאָך זײַנען די פּאָליציאַנטן צוריק אַרײַן אין פראָנטשטוב פון רעסטאָראַן, זיך אַוועקגעזעצט בײַ אַ טישל און צונויפגעשטעלט אַ פּראָטאָקאָל.

עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד איז משה־אברהם אַרומגעגאַנגען אַ פריטשמעלעטער פון דעם וואָס ס׳איז געשען. פאַר אויפהאַלטן אַ קאָרטן־מלינה איז געקומען אַ גרויסע שטראָף, און ער האָט געמוזט וואָס גיכער געפינען אַ וועג, אַז דער ענין זאָל פאַרווישט ווערן, איידער די אָנקלאָגע גייט אַרײַן אין געריכט. מיט גרויסע שוועריקייטן איז אים געלונגען דורך אַ פאַרמיטלער צו פּועלן בײַ די פּאָליציי־לײַט זיי זאָלן דאָס עסק פאַרשווײַגן און נישט איבערגעבן ווײַטער. די זאַך האָט, פאַרשטייט זיך, אָפּגעקאָסט — שוחד־געלט און קאָמיסיאָן פאַרן פאַרמיטלער — די לעצטע עטלעכע הונדערט זלאָטעס, וואָס משה־אברהם האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט פון פריערדיקן זומער. דאָס קאָרטן־ און דאָמינאָ־שפּילן אין רעסטאָראַן האָט לעת־עתה געמוזט אָפּגעשטעלט ווערן אויס מורא פאַר אַ נײַעם איבערפאַל און דאָס ביסל לייזעכץ האָט זיך נאָך מער פאַרקלענערט. און דאָ זײַנען אונטערגעקומען וועקסלען צום דיסקאָנטירן און שטײַערן צום צאָלן און פון וואַנען צו סילוקן איז נישט געווען.

ס׳האָט נישט לאַנג גענומען און פאַרן רעסטאָראַן איז פאַרפאָרן דער וואָגן פון שטײַעראַמט און אַ באַאַמטער מיט אַ לעדערנער טעקע איז אַרײַן אין געוועלב, זיך געמיטלעך אַוועקגעזעצט בײַ אַ טישל און גענומען פאַרשרײַבן די מעבלשטיק פון רעסטאָראַן, וואָס קענען צוגענומען ווערן פאַר נישט־באַצאָלטע שטײַערן. אינעווייניק, בײַ דער טיר פון געוועלב, איז געשטאַנען הענעך „פאַרך״, דער ייִדישער בעל־עגלה פון שטײַעראַמט, און געוואַרט, ווי אַ טרײַער הונט אויפן באַפעל פון זײַן בעל־הבית. אַ נידעריקער און קרעפּקער, מיט אַ גרויסן פליכעוואַטן קאָפּ, איז ער געשטאַנען אָנגעטון אין הויכע, פאַרבלאָטיקטע שטיוול, מיט דער בײַטש אין האַנט, און נאַרישעוואַטע געשמייכלט. הענעכן האָבן אַלע אין שטאָט פּײַנט געהאַט. נישט

בלויז, וואָס ער האָט געהאָלפֿן אַרויסשלעפּן פֿון די הײַזער מעבלשטיק און חפצים פֿאַר נישט־באַצאָלטע שטײַערן, נאָר, אַזוי האָט מען געשמועסט, ער איז אויך אַ מסור און דערטראָגט אַלץ צו זײַנע בעלי־בתים פֿון שטײַעראַמט.

משה־אברהם איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן בופֿעט און הילפֿלאָז געשוויגן. איטע אָבער איז נישט אָפּגעטרעטן פֿון באַאַמטן און מיט אַ פֿאַרטרערט קול זיך געבעטן בײַ אים אין איר צעקאַליע־טשעטן פּויליש:

,,פּאַניע־לעב, האָט רחמנות! כ׳האָב פֿינעף קליינע קינדערלעך צו באַשפּײַזן! וואַרט צו ביזן זומער, מיר׳ן אײַך באַצאָלן ביז אַ גראָשן!״

דער באַאַמטער האָט גאָרנישט געענטפֿערט, נאָר אַ ווײַז געטון הענעכן מיטן פֿינגער אויף דעם הויכן אײַזקאַסטן, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל, בײַם אַרײַנגאַנג אין געוועלב. הענעך האָט אַ שפּרונג געגעבן פֿון אָרט, אויפֿגעמאַכט די טיר און אַרײַנגערופֿן זײַן געהילף — אַ יונגער, בלאָנדער שייגעץ, וואָס איז געשטאַנען די גאַנצע צײַט אין דרויסן, בײַם וואָגן. ביידע האָבן זיך אַ וואָרף געטון אויפֿן אײַזקאַסטן און אים גענומען שלעפּן צו דער טיר. דאָ איז איטע צוגעפֿאַלן צום קאַסטן, אים אַרומגענומען מיט אירע דאַרע הענט ווי אַ לעבעדיק נפֿש און זיך הויך צעכליפּעט:

,,נעמט נישט צו דאָס קעסטל! ס׳גייט צו זומער און ווי וועל איך האַלטן אַ שטיקל אײַז?! גזלנים! אָן רחמנות זענט איר!״

הענעך מיט זײַן געהילף האָבן איר אָפּגעשטופּט, צעפּראַלט די טירן און באַלד איז דער קאַסטן געווען געלאָדן אויף דער פֿור. הענעך האָט אַ שמיץ געטון דאָס פֿערד און איז אַוועק צוזאַמען מיטן באַאַמטן. בײַ דער טיר אין געוועלב איז דאָס אָרט, וווּ דער קאַסטן איז געשטאַנען, געבליבן ליידיק און אָפּגעדעקט, ווי אַ שטיק נאַקעט לײַב.

עטלעכע טעג פֿאַר פּסח איז אויף משה־אברהמען און זײַן הויז־געזינד געקומען דער סאַמע שווערסטער קלאַפּ — עקסמיסיע. איבערן ווינטער איז משה־אברהם שולדיק געבליבן דעם ווירט פֿאַר עטלעכע חדשים דירה־געלט, ביז איטשעלע האָט אַרײַנגעשיקט לייבלען, זײַן פּאַרוואַלטער, מודיע צו זײַן, אַז ער האָט אָנגעגעבן אויף אַן עקסמיסיע. לייבל איז געשטאַנען פֿאַר משה־אברהמען אַ מבולבלער און נישט געוווּסט ווי אַזוי אָנצוהייבן. די זאַך איז אים נישט געווען צום האַרץ: פֿאָרט אַן אָרעמער און ערלעכער ייִד. איטשעלעס באַפֿעל איז אָבער געווען אַ חוק, וואָס מען האָט געמוזט אויספֿאָלגן.

,,דער פעטער גיט צו וויסן,״ האָט לייבל אָנגעהויבן צו שטאַמלען, ,,אַז איר מוזט זיך אַרויסציען פון די שטובן, אויבן, אויפן שטאָק. צוויי דירות, זאָגט ער, איז אייַך שווער אָנצוהאַלטן. . . ער קאָן נישט וואַרטן. . . ״

עס האָבן נישט געהאָלפן משה־אברהמס רייד און צוזאָגן, אַז ער וועט זיך באָרגן געלט און דעם חוב באַצאָלן. איטשעלע האָט שוין געהאַט אָנגעגעבן משה־אברהמען אין געריכט און אַרויסגעקראָגן די עקסמיסיע. ווידער האָט משה־אברהם צענומען די בעטן און די מלבושים־שאַנק און די איבעריקע הויז־חפצים און צוזאַמען מיט נחומען זיי אַראָפּגעטראָגן אין דער הינטערשטוב פון רעסטאָראַן. דאָ האָבן זיי אויסגעשטעלט די בעטן לענג־אויס דער וואַנט, אַזוי ווי זיי זיינען געשטאַנען מיט יאָרן צוריק, ווען אין דער פראָנטשטוב איז געווען דער שטעפּער־וואַרשטאַט. לעבן די בעטן, נאָענט צום פענצטער, וואָס איז אַרויס אין הויף, האָט משה־אברהם צונויפגע־רוקט די צוויי ניימאַשינען מיטן שנייַדטיש און די שאַנק האָט ער ווידער אויפגעשטעלט אויפן אַלטן אָרט, ביי דער וואַנט נעבן דער טיר. אין דער פראָנטגעוועלב איז געבליבן דער רעסטאָראַן, און די הינטערשטוב איז אַצינד געוואָרן סייַ אַ היים פאַר דער גאַנצער משפחה, סייַ אַ שטעפּער־ווערקשטעל און אַ קיך צו דעם אַלעם.

דערווייַל איז אָנגעקומען דער יום־טוב פסח. איטע האָט קוים באַוויזן אייַנצושטעלן די שטובזאַכן און אויפצורוימען און צוגרייטן אויף יום־טוב. משה־אברהם האָט אפילו בייַם סדר־טיש נישט געקאָנט זיך באַפרייַען פון דעם שווערן געמיט, וואָס האָט געדריקט אויף אים. ער האָט געלייענט און פאַרטייַטשט די הגדה מיט אַ געבראָכן קול, פּונקט ווי ער וואָלט דערציילט וועגן זיין אייגענער קנעכטשאַפט און געפאַלנקייט. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי עפּעס אַ בייזע האַנט פון גורל וואָלט אים געטריבן, צוזאַמען מיט זייַן הויזגעזינד, צוריק אינעם דאָזיקן פינצטערן חדר, אין ענגשאַפט און נויט.

נאָך מער צערודערט איז געווען נחום. אַלץ אין אים האָט זיך געבונטעוועט און פּראָטעסטירט קעגן דעם אייַנגעשטעלטן סדר פון דער וועלט. ווער האָט עס אַזוי אייַנגעפירט, אַז אַרבעטסמענטשן זאָלן האָרעווען און לעבן אין נויט, בעת אַנדערע זאָלן געניסן פון אַלעם גוטן? אָט דער סדר קען נישט דויערן אייביק און מוז געענדערט ווערן! באַפרייַט מוז ווערן די וועלט פון אָט דעם שלעכטס, פון

אומגליַיכקייט און אָרעמקייט! און דערגרייַכן וועט מען דאָס נישט דורך קיין תפילות און תעניתים, נאָר דורך קאַמף און רעוואָלט!

* * *

דעם צווייטן טאָג פּסח, נאָך מיטאָג, איז נחום אַוועק צוזאַמען מיט משה געלמאַן אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון דער יוגנט־סעקציע בײַם פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין. דער אָטוואָצקער פֿאַראיין — פֿון נאָדלפֿאַך, לעדער־אַרבעטער, סטאָליאַרעס און הויזמאַלער — איז פֿון לאַנגע יאָרן געווען אונטער דער השגחה פֿון די „לינקע״, די קאָמוניסטן. דאָרטן האָבן זייערע טוער זיך פֿאַרנומען נישט בלויז מיט פּראָפֿעסיאָנעלע ענינים, נאָר אויך געפֿירט אַ ברייטפֿאַרצווייגטע פּאָליטישע און קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט. יעדן פֿרײַטיק צו נאַכטס פֿלעגן דאָרט פֿאָרקומען קעסטל־אָוונטן, אויף וועלכע די אָנפֿירער פֿון דער באַוועגונג האָבן אַרומגערעדט די לויפֿנדע פּאָליטישע געשעענישן פֿון דער וואָך. אין פֿאַראיין איז געווען טעטיק אַ ביבליאָטעק, אַ דראַמע־גרופּע און דאָ פֿלעגן אויך אײַנגעאָרדנט ווערן רעפֿעראַטן, אַקאַדעמיעס און ניי־יאָר פֿאַרווײַלונגען. פֿון צײַט־צו־צײַט פֿלעגט די פּאָליציי מאַכן אַן איבערפֿאַל אויפֿן פֿאַראיין און פֿאַרחתמענען דעם לאָקאַל. דעמאָלט פֿלעגט מען דינגען אַ נײַע דירה, טוישן די נעמען פֿון דער פֿאַרוואַלטונג און אויף ס׳נײַ עפֿענען דעם פֿאַראיין.

דאָס מאָל האָט דער פֿאַראיין זיך געפֿונען אויף אַ זאַמדיק פֿעלד, בײַם סוף פֿון שווידערסקע גאַס, אין אַ פֿריש־אויפֿגעבויטער הײַזקע, פֿאַרצוימט מיט אַ הילצערנעם פּלויט. ווען נחום מיט משהן זײַנען אָנגעקומען, זײַנען שוין דאָרט געווען פֿאַרזאַמלט עטלעכע צענדליק יוגנטלעכע. אָנגעטון אין יום־טובדיקע בגדים, זײַנען זיי געשטאַנען אין גרופּקעלעך און היימיש געשמועסט. טייל האָבן גערייכערט פּאַפּיראָסלעך. אַנדערע זײַנען געזעסן אויף די בענק און געבלעטערט ביכער און צײַטונגען. עס איז אויסגערופֿן געוואָרן, אַז די פֿאַרזאַמלונג הייבט זיך אָן און די פֿאַרזאַמלטע האָבן זיך אויסגעזעצט אין גרעסערן, פּאָדערשטן צימער. בײַם טיש, אין פֿראָנט פֿון די אויסגעזעצטע, האָבן זיך אַוועקגעזעצט אָשר זילבער, דער פּאָרזיצער פֿון דער יוגנט־סעקציע, און יוסף קרול, דער סעקרעטאַר.

אָשר איז געווען דער יונגסטער פֿון דרײַ ברידער, אַלע אָנגעזעענע טוער אין דער „לינקער״ באַוועגונג. דער עלטסטער, מאיר, פֿון פֿאַך אַ שוסטער, איז געווען באַרימט מיט זײַן מוט און

גבורה, וואָס ער פלעגט אַרויסווייַזן בעת דעמאָנסטראַציעס און צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי. מיט דער צייַט האָט ער זיך געסטאַטקעוועט, געעפנט אַ וואַרשטאַט פון זומער־סאַנדאַלן, ווו ס׳זייַנען געווען באַשעפטיקט אַ צאָל אַרבעטער. דאָך איז ער פאַרבליבן נאָענט צו דער באַוועגונג, אָנטיילגענומען אין עפנטלעכע אַרויסטריטן און זיך באַטייַערט אין אירע געלט־זאַמלונגען.

דער מיטעלער ברודער, אַלטער, איז נישט אָפּגעשטאַנען פון אָשרן און מאירן וואָס שייַך קאַמפּסלוסטיקייט און טרייַשאַפט צו די אידעאַלן פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ער איז עטלעכע מאָל געווען אַרעסטירט אָבער גלייַך נאָכן אַרויסקומען פון טורמע זיך צוריק אַרייַנגעוואָרפן אין דער אַרבעט. שפּעטער איז ער פאַרמישט געוואָרן אין אַ מאָרד איבער אַ פּראָוואָקאַטאָר און געמוזט עוקר זייַן קיין פראַנקרייך. פון דאָרטן, האָט מען געשמועסט, איז ער אַוועק קיין שפּאַניע און זיך אָנגעשלאָסן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, וואָס האָט, בייַם זייַט פון דער רעפּובליקאַנער אַרמיי, געקעמפט קעגן גענעראַל פראַנקאָ.

אָשר איז געווען אַ פעסט־געבויטער בחור אין די צוואָנציקער יאָרן, אַ מעטאַל־אַרבעטער פון פאַך. אַרום זייַן מויל זייַנען געווען טיפע קנייטשן און זייַן שוואַרצע טשופּרינע איז געווען באַזילבערט אין די זייַטן — סימנים פון שווערע איבערלעבונגען אין טורמע, פון וואַנען ער איז נישט לאַנג צוריק אַרויס. פון צייַט צו צייַט פלעגט אַ שמייכל זיך באַווייַזן אויף זייַנע ליפּן און צוגעבן אים אַ באַזונדערן יוגנטלעכן חן. אָשר האָט באַריכטעט וועגן דער טעטיקייט פון דער יוגנט־סעקציע אין משך פון ווינטער און פאָרגעשלאָגן אַ פּלאַן, ווי אַזוי אויסצובורייטערן די אַרבעט און זיך צוגרייטן צום יום־טוב פון ערשטן מאַי. די נאָענטסטע אונטערנעמונג, וואָס די קולטור־קאָמיסיע צוזאַמען מיט דער יוגנט־סעקציע פון פאַראיין גרייטן צו, איז אַ לעבעדיקע צייטונג, וואָס וועט אָפּגעהאַלטן ווערן דעם ערשטן שבת נאָך פּסח. מען דאַרף זען, אַז אַלע חברים און חברטעס זאָלן קומען און מיטברענגען פרייַנד און סימפּאַטיקער, כדי די אונטערנעמונג זאָל זייַן אַ דערפאָלג.

חבר אָשר האָט געענדיקט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע איבערן באַריכט. דער ערשטער האָט גענומען דאָס וואָרט חבר פּיניע צוקערקאָפּ, אַ הויכער בחור, מיט בלאָנד־געקרייַזלטע האָר און אַ לענגלעך פּנים.

„מען דאַרף באַגריסן די קולטור־קאָמיסיע און די יוגנט־

סעקציע פון פאַראײן פאַר צוגרײטן די לעבעדיקע צײַטונג. נאָר דורך אַזױנע קולטור־אונטערנעמונגען קענען מיר געװינען די יוגנט פון שטאָט. דער פּראָלעטאַריאַט איז נישט בלױז דער צעשטערער פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט און קולטור, נאָר אױך דער שאַפער פון אַ נײַער פּראָלעטאַרישער קולטור,״ האָט חבר פּיניע פעסטגעשטעלט.

חבר יוסף קרול, װאָס איז געזעסן נעבן פאָרזיצער און די גאַנצע צײַט געשװיגן, האָט געבעטן דאָס װאָרט. אַ שװערלײַביקער און פולער, מיט אָנגעבלאָזענע באַקן, האָט ער גערעדט אין אָפּגעהאַקטע זאַצן, װי ער װאָלט אױף עמעצן זיך געבײזערט. ער האָט אױפגע־קלערט, אַז עס פעלן נאָך מאַטעריאַלן פאַר דער צײַטונג און האָט דעריבער אַפּעלירט צו די חברים און חברטעס, װאָס האָבן צוגעזאָגט צו שרײַבן, זײ זאָלן דעם מאַטעריאַל װאָס גיכער צושטעלן, װײַל ס׳איז געבליבן שױן װײניקער װי צװײ װאָכן צו דער דאַטע. ,,אפשר װיל נאָך װער פון די אָנװעזנדיקע עפּעס אָנשרײַבן פאַר דער צײַטונג?״ האָט ער זיך געװאָנדן צו די פאַרזאַמלטע.

משה געלמאַן, װאָס איז געזעסן צוזאַמען מיט נחומען אױף דער לעצטער באַנק, איז אױפגעשפּרונגען און אָנגעװיזן אױף נחומען: ,,ער, דער חבר מײַנער, קאָן גוט שרײַבן. ער שרײַבט די בעסטע אַרבעטן אין שקאָלע.״

חבר אָשר האָט זיך אױפגעשטעלט און זיך געװאָנדן צו נחומען אין אַ פרײַנדלעכן טאָן: ,,װאָס איז אײַער נאָמען, חבר?״

,,נחום פרײדאָװיטש,״ האָט נחום אַרױסגעשטאַמלט.

,,שטעלט אײַך אױף, חבר נחום, שעמט זיך נישט,״ האָט אָשר אים דערמוטיקט.

נחום האָט זיך אױפגעשטעלט, אַן איבערראַשטער פון אָשרס פרײַנדלעכקײט און פון די נײַגעריקע בליקן פון די פאַרזאַמלטע געװאָנדן צו אים.

,,חבר נחום, װעט איר עפּעס אָנשרײַבן פאַר אונדזער צײַטונג?״ האָט אָשר נישט אָפּגעלאָזן.

,,גוט, כ׳װעל אָנשרײַבן.״

,,קאָנט איר אונדז זאָגן װעגן װאָס?״

נחום האָט אַ טראַכט געטון און געענטפערט: ,,עפּעס װעגן לעבן פון דער יוגנט.״

,,אױסגעצײכנט, חבר נחום!״ האָט אָשר אױסגערופן און זיך אַנידערגעזעצט.

* * *

צו דער לעבעדיקער צײַטונג איז געקומען אַ היפּשער עולם אַרבעטער־יוגנט, פּאַרטיי־ און פּאַראײן־טוער און סתם סימפּאַטי־קער. די גרויסע פּאָדערשטע שטוב פון פּאַראײן איז געווען פול, און מען איז אויך געשטאַנען בײַ דער אָפענער טיר פון קלענערן חדר. דער רעדאַקטאָר און פּאָרזיצער פון דער אימפּרעזע איז געווען חבר לעאָן, אַ יונגער־מאַן אין די הויכע צוואָנציקער, אַ נידעריקער און פולער, מיט אַ קאָפּ פעך־שוואַרצע, צעפּאַטלטע האָר. ער האָט געעפנט די לעבעדיקע צײַטונג מיט אַ קורצן אַרײַנפיר וועגן דעם מהות פון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, וואָס איז סײַ אַן אויסדרוק פון די שאַפונגס־כוחות פון די פּאָלקס־מאַסן און סײַ אַ געווער אין קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע.

חבר לעאָן איז געווען אַ גוטער, פליסיקער רעדנער, וואָס האָט פּאַרמאָגט אַ געצוימטן פּאַטאָס און אַ שלל מיט וויסן צו באַגרינדן דאָס געזאָגטע. געשטאַמט האָט ער פון אַ שטעטל אין מזרח־פּוילן, ווו די יוגנט האָט מער ווי אין די גרויסע שטעט עוסק געווען אין לערנען און שטודירן סײַ די אַלטע און סײַ די אויפגעקומענע, נייע תורות. פון דאָרטן איז ער אַוועק קיין וואַרשע, ווו ער איז געוואָרן אַ שנײַדער־געזעל און אַן אַקטיוויסט אין דער אומלעגאַלער קאָמ־פּאַרטיי. טראָץ זײַן אַרײַנגעטועגקייט בײַ זײַן פאַך און אין דער פּאַרטיי־אַרבעט, האָט ער געפונען צײַט צו לייענען און פּאַרטיפן זיך אין די ווערק פון די קאָריפייען פון מאַרקסיזם און אין די שאַפונגען פון די רוסישע און מערב־אייראָפּעיִשע פּראָזע־מײַסטערס און פּאָעטן. אויסער דעם איז ער געווען אַ פלײסיקער עספּעראַנטיסט, אָנגעזען אין פּראָלעטאַרישן עספּעראַנטאָ־פּאַרבאַנד אין וואַרשע. קיין אָטוואָצק איז ער אַראָפּגעקומען מיט זײַן ווײַבל יאַדזשע צוליב פּאָליציייִשע פּאַרפּאָלגונגען. דאָ האָבן זיי געדונגען אַ שטוב אין אַ ווילע און געעפנט פּאַר זיך וואַרשטאַטלעך: לעאָן — פון שנײַדערײַ, און יאַדזשע — פון דאַמען־קאָרסעטן. דאָס לעבן דאָ איז געווען רויִקער ווי אין וואַרשע און לעאָן האָט געהאַט מער צײַט זיך אָפּצוגעבן מיט לייענען און שטודירן. גאָר גיך איז ער געוואָרן אָנגעזען אין דער אַרבעטער־סביבה. ער האָט געגעבן לעקציעס און רעפעראַטן און געקליבן אַרום זיך אַ צאָל ערנסטע יוגנטלעכע, מיט וועלכע ער פלעגט פּאַרברענגען אין די אָוונטן אין שמועסן און דיסקוסיעס, בײַ זיך אין הויז אָדער אויף שפּאַצירן אין די אַלייען.

לעאָן איז געשטאַנען אַן ערנסטער און געשפּאַנטער און אַרויס־גערופן אײנעם נאָכן אַנדערן די פּאָרלייענער פון דער לעבעדיקער

צײַטונג. מען האָט געלייענט פּאָליטישע אַרטיקלען, פעליעטאָנען און לידער וועגן פּאָלקספראָנט, דעם בירגערקריג אין שפּאַניע און דעם היימישן פּוילישן פאַשיזם און דערבײַ אויסגעלאַכט און זיך אָפּגע־רעכנט אויך מיט די קעגנער אויף דער ייִדישער גאַס — די ציוניסטן מכּל המינים און דעם „בונד", וועלכע פאַרפירן די אַרבעטער־מאַסן.

ס'איז געקומען נחומס רײַ פּאָרצולייענען און דער פּאָרזיצער האָט אויסגערופן: „חבר נחום פריידאָוויטש וועט לייענען זײַן אַרטיקל 'מיר ווילן לעבן'."

אין זאַל איז געוואָרן שטיל. מען האָט געקוקט מיט נײַגער ווער עס איז דאָס דער נײַער פּאָרלייענער. נחום האָט זיך דורכגעשטופּט צום פּאָרזיצערס טיש און מיט אַ ציטערדיק, געפּילפּול קול גענומען לייענען. אין קלאָרע, פּשוטע זאַצן האָט ער געשילדערט די לאַגע פון דער אונטערוואַקסנדיקער ייִדישער יוגנט. אָט ענדיקט ער אין גיכן זײַן קלאַס אין דער אַלגעמיינער שולע — און וואָס נאָך דעם? אַלע טויערן פון פּראָדוקטיווער אַרבעט זײַנען פאַר דער ייִדישער יוגנט געשלאָסן. דעסטגלײַכן — די הויכשולן, פאַבריקן און מלוכה־אַמטן. וויפל טאַלאַנטן גייען אַזוי אַרום פאַרלוירן? וויפל לעבנסלוסט און ענערגיע גייען אין ניוועץ?! דער גײַסט פון אַזוי פיל יונגע מענטשן ווערט אײַנגעבראָכן, אַנטמוטיקט; מען ווערט יונגערהייט אַלט און אײַנגעזונקען אין זומפּ פון לעבן. די פּראָלעטאַרישע יוגנט אָבער דאַרף זײַן דער אַוואַנגאַרד פון יונגן דור און איר גײַסט טאָר נישט געבראָכן ווערן! זי מוז בויען און שאַפן מאַטעריעלע און גײַסטיקע ווערטן און זײַן די פּאָרגייערין און קעמפערין פאַר טויזנטער און מיליאָנען, און צוזאַמען מיט זיי הילכיק אויסרופן: מיר ווילן לעבן! נחום האָט פאַרענדיקט און אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן איז אויסגעבראָכן אין זאַל.

„ס'איז געווען גוט, ייִנגל. אויסגעצייכנט!" האָט משה געלמאַן געדריקט נחומס האַנט. אויך חבר לעאָן איז נאָכן פאַרענדיקן די אימפּרעזע צוגעקומען צו נחומען און אים גראַטולירט: „איר האָט טאַלאַנט, חברל. איר שרײַבט מיט האַרץ און נשמה."

אַהיים איז דער עולם געגאַנגען אין גרופּעס, ייִנגלעך און מיידלעך געאָרעמט. מען האָט געשמועסט און לעבעדיק קאָמענטירט וועגן דער פּאָרגעקומענער אונטערנעמונג. חבר לעאָן איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט נחומען ווי מיט אַן אַלטן גוטן פרײַנד. ער איז געווען פריילעך און אויפגעלייגט: די אונטערנעמונג איז גוט אַדורך און חוץ דעם האָט ער צוגעקראָגן אַ נײַעם, יונגן תּלמיד.

# די גראַדוירונג

דער פרילינג האָט זיך צעעפנט ווי אַ פילקאָלירקער פעכער מיט צעבליטע אַקאַציע־ און בעז־צווייַגן, וואָס האָבן ווי געהאָפטענע, דופטיקע שלייַערן באַצירט די ווילעס און וועלדלעך פון אָטוואָצק און איר אומגעגנט. דער זומער האָט געגענט און מיט אים — דער סוף פון שוליאָר. אין די קלאַסצימערן פון נחומס שולע איז געוואָרן דעמפּיק־הייס און די שילער האָבן קיין חשק נישט געהאַט צום לערנען. סע האָט געצויגן אין דרויסן, צום שפּילפּעלד בייַם וואַר־שעווער שאָסיי, צו די שאָטנדיקע שפּאַציר־אַלייען איבער דער באַנ־ליניע אָדער די פּלאַזשעס אויף ביידע זייַטן פון טייַך שווידער. אָבער די תלמידים פון זיבעטן קלאַס האָבן געוווּסט, אַז עס הענגט איבער זיי די וואָרענונג פון שול־דירעקטאָר און זיי האָבן דעריבער באַמיט זיך נישט צו פאַרפעלן קיין טעג אָדער זיך מיט עפּעס אַנדערש פאַרזינדיקן. זינט דער געשעעניש מיטן פּראָטעס־אַרויסמאַרש איז פאַן שימאַנסקי אַרומגעגאַנגען אַן אָנגעכמורעטער און געשפּאַנטער, ווי ער וואָלט געוואַרט, אַז עמעצער זאָל ווידער עפּעס אָפּטון און דעמאָלט קריגן דעם פאַרדינטן פּסק.

אויף די הפסקות האָבן די תלמידים פון זיבעטן קלאַס זיך אויסגערעדט, אַז ס׳זייַנען געבליבן שוין געציילטע וואָכן ביזן סוף פון שוליאָר און דעמאָלט וועט מען פּטור ווערן פון אַלעמען אויף אַן אמת — דעם שטרענגן ,,קעראָווניק״, דעם פאַן קלאַר מיט זייַנע זעלנערישע מושטירונגען, די פאַני פאָלאַ מיט אירע היסטערישע געשרייען, מיט איין וואָרט — פון דער גאַנצער ,,בודע״, ווו מען האָט אָפּגעלערנט זיבן יאָר צייַט. דערווייַל אָבער האָט מען געמוזט אָנגיין מיטן לערנען — לעזן מאַטעמאַטישע אויפגאַבן, שרייַבן

קאַמפּאָזיציעס און לערנען אויף אויסנווייניק לידער און אויסצוגן פון פּוילישע פּאָעטן. פאַר נאַכט צו פלעגט מען זיך טרעפן אין פאַרשיידענע היימען, כּדי זיך אַרויסצוהעלפן אָדער קאָפּירן די היימאַרבעט, און גלייכצייטיק דיסקוטירן די פּלענער, ווי אַזוי צו פייַערן דעם סוף פון שוליאָר.

שוין אין זעקסטן קלאַס האָבן די קינדער אָנגעהויבן זאַמלען בייַשטייַערן פאַרן אויספלוג פּלאַנירט צום ענדיקן דאָס זיבעטע יאָר. די דאָזיקע אויספלוגן פון גראַדויִר־קלאַס זייַנען געווען אַ טראַדיציע אין דער שולע. אַמאָל, אין די ערשטע יאָרן, ווען די שקאָלעס זייַנען אויפגעקומען, זייַנען די תּלמידים פון זיבעטן קלאַס געווען גרויסע יונגען און מוידן, מחמת זיי זייַנען אָנגעקומען אין שולע אין שפּעטן עלטער. דעמאָלט פלעגט דער גראַדויִר־קלאַס איינ־אָרדנען ווייַטע אויספלוגן אויף עטלעכע טעג, אָדער אפילו אַ וואָך — קיין קוזמיר בייַ דער ווייַסל, קיין גדיניע בייַם באַלטישן ים, אָדער גאָר קיין זאַקאָפּאַנע, אין די דרומדיקע בערג פון לאַנד.

אַצינדערט אָבער זייַנען די תּלמידים געווען פון נאָרמאַלן עלטער, דרייַצן־פערצן־יאָריקע, און דערצו איז אין לאַנד געווען אומרויִק, האָט מען דעריבער מורא געהאַט זיך צו לאָזן אין אַ ווייַטער נסיעה. דער קלאַס האָט געמוזט אייַנגיין אויף אַן איינטאָגיקן אויספלוג קיין וואַרשע און אַ היימיש־צוגעגרייטן גראַדויִר־אָוונט אין לעצטן טאָג פון שוליאָר.

* * *

אין אַ זוניקן פרימאָרגן, עטלעכע טעג פאַרן סוף פון לערן־זמן, האָט דער זיבעטער קלאַס זיך אַוועקגעלאָזט מיט דער באַן קיין וואַרשע. אויסגעפּוצטע אין יום־טובדיקע בגדים, די יִינגלעך אין ריינע אָנצוגלעך, מיט אַריבערגעלייגטע קעלנער פון די העמדער; די מיידלעך — אין ווייַסע בלוזקעס און גראַנאַטענע האַלבקליידלעך, האָבן זיי אָנגעפילט דעם וואַגאָן מיט פריילעכן גערויש און שטיפערייַ. אין מיטן פון אַ גרופּע יִינגלעך איז געזעסן פאַן קלאַר און דערציילט וועגן זייַנע זומער־אויספלוגן און וואַנדערונגען אין די טאַטרע־בערג, צווישן די הוצולן און אַנדערע באַרגמענטשן. אויף אַ צווייטער באַנק איז געזעסן פּאַני פּאָלאַ מיט אַ גרופּע צעשמייכלטע, לאַכנדיקע מיידלעך. נחום איז אַרומגעגאַנגען פון איין קופּע אין דער צווייטער און הנאה געהאַט פון אַלעמענס מונטערקייט און פרייד. ווי גוט ס'איז צו זייַן יונג, האָט ער געטראַכט, מיט חברים און חברטעס

מיט וועלכע מען איז אויפגעוואַקסן צוזאַמען.

נחום האָט זיך אַוועקגעשטעלט בײַם וואַגאָן־פֿענצטער און געזען ווי דער צוג האָט זיך געטראָגן איבער די באַקאַנטע זאַמדיקע פּליינען און וועלדלעך. נענטער צו וואַרשע האָבן זיך גענומען ווײַזן די קאָנטורן פֿון פֿאַבריק־מויערן מיט הויכע צערויכערטע קוימענס. עס האָבן זיך באַוויזן פֿון דער ווײַטנס די אײַלנדיקע טראַמווײַען פֿון פּראַגע, דער פֿאָרשטאָט פֿון וואַרשע. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַלע האָבן גענומען אויסשטײַגן. פֿון דער באַנסטאַציע האָט דער קלאַס זיך געלאָזן מיטן טראַמוויי איבער דער ווײַסל־בריק און אַראָפּגעשטיגן בײַם קיניגלעכן שלאָס. אין פֿראָנט פֿון שלאָס האָט אַ ברייטע גאַס געקרוישט מיט טאָג־טעגלעכן געדרודער און באַוועגונג, וואָס האָט געשטראָמט פֿון בײדע זײַטן פֿון דער קיניג־זיגמונד קאָלומנע. אויף דער אַנדערער זײַט, ווו דער שלאָס האָט גענידערט צו דער ווײַסל, האָט געהערשט אַ מאַיעסטעטישע שטילקייט.

דורך אַ זײַטיקן וועג זײַנען די קינדער אַרײַן אין שלאָס, אָנגעטון די ווייכע שטעקשיך און גענומען אַרומגיין איבער די אויס־געצירטע סאַליעס און צימערן. די פֿאַני פֿאָלאַ איז נישט מיד געוואָרן צו דערקלערן וועגן די שווער־אײַנגערעמטע בילדער פֿון מאַטייקאָ און אַנדערע מײַסטערס, וואָס דערציילן וועגן פּוילנס געראַנגל מיט אירע שׂונאים. באַפֿליגלטע הוסאַרן האָבן זיך געטראָגן אויף פֿלינקע פֿערד צו די טויערן פֿון ווין, כּדי צו ראַטעווען אייראָפּע פֿון די אומגלויביקע טערקן; באַפּאַנצערטע ריטערס האָבן זיך פֿאַרמאָסטן אויף טורנייען און געפֿעכטן; אַנדערע זײַנען געפֿאַלן אויף די שלאַכטפֿעלדער אין קאַמף מיט דײַטשישע קרײַצטרעגער, שוועדישע אַרײַנדרינגער, צעיושעטע קאָזאַקן. די אויגן פֿון דער פֿאַני פֿאָלאַ האָבן געגלאַנצט פֿון פֿרייד און שטאָלץ בעת זי האָט געשילדערט די פֿאַרמעסטן און נצחונות פֿון די העלדן און פֿאַרטיידיקער פֿון פּוילישן פֿאָטערלאַנד.

מיטאָגצײַט, נאָך דעם ווי די קינדער האָבן זיך אָפּגערוט אין דרויסן אויף די שטיינערנע טרעפּ פֿון שלאָס, האָבן זיי זיך אַוועק־געלאָזט מיט אַ שפּאַצירשיף איבער דער ווײַסל קיין ווילאַנאָוו צו אַן אַנדערן היסטאָרישן פּאַלאַץ. דער דאַמפּפֿער האָט זיך לײַכט געטראָגן איבער די שטילע וואַסערן פֿון טײַך, אַדורך אונטער די שטאָלענע געוועבן פֿון דער גרויסער בריק און פֿאַרבײַגעשוווּמען דעם קיניג־לעכן שלאָס, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט שטיינערנע טעראַסן ביז צום ברעג פֿון דער ווײַסל. ווײַטער צו האָט מען געקאָנט זען די

קאָנטורן פון געביידעס, ייִשובים און דערפער, וואָס האָבן זיך געצויגן לענג־אויס די ברעגן פון טײַך.

אויפן דעק פון דאַמפער איז געווען לעבעדיק און היימלעך. טייל פּאַסאַזשירן האָבן געטאַנצט צו די קלאַנגען פון אַן אָרקעסטער; אַנדערע האָבן באַקוקט די לאַנדשאַפט, אָדער געמיטלעך געזעסן בײַ טישלעך און זיך אָפּגעפרישט מיט קאַלטע געטראַנקען. די קינדער פון זיבעטן קלאַס האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די בענק, געעפנט די שפּײַז־פּעקעלעך, וואָס זיי האָבן מיטגענומען פון דער היים, און גענומען עסן מיט אַפּעטיט.

נחום האָט אַרומגעוואַנדלט אויפן דעק און זיך נישט געקאָנט געזעטיקן מיט דער קאָלירפולער לאַנדשאַפט, וואָס האָט זיך געשפּרייט אויף ביידע זײַטן פון טײַך. אַ קיל ווינטל האָט זיך געטראָגן פון דער ווײַטנס, געשויבערט זײַנע האָר און אים באַהויכט מיטן מתיקותדיקן דופט פון פרילינג, פון בענקשאַפט.

,,ס׳איז שיין, ווונדערלעך־שיין דאָ אַרום,״ האָט נחום פּלוצעם דערהערט אַ שטילע מיידלשע שטימע. נעבן אים איז געשטאַנען דאָראַ, אַ חברטע פון זיבעטן קלאַס. דער ווינט האָט געשויבערט די קורץ־געשוירענע, ברוינלעכע האָר איבער איר שמאָלן שטערן און אויף אירע ליפּעלעך האָט געשפּילט אַ טרויעריקער שמייכל. נחום האָט זיך פאַרלוירן, אַ רויטקייט האָט אים אַ שלאָג געטון אין פּנים און די שלייפן האָבן אים גענומען צוקן.

,,דאָראַ,״ האָט ער קוים אַרויסגעשעפּטשעט און געבליבן שטיין אַן אַנטשוויגענער.

זינט דעם אָנהייב פון לויפיקן שוליאָר איז נחום געווען פאַרליבט איבער די אויערן אין דאָראַן. געווען איז עס אָבער אַ שטילע, פאַרבאָרגענע ליבע, אָן אויסזיכטן, אַז זי זאָל אַרויסקומען אויף דער אויבערפלאַך. אמת, דאָ און דאָרט האָט נחום פּרובירט אַרויסווײַזן אויפמערק צו איר, רעדן מיט איר אַ וואָרט אויף די הפסקות אָדער זיך דערנענטערן צו איר בעת די שול־אויספלוגן. אָבער דאָראַ איז געווען און פאַרבליבן אַ פאַרשלאָסענע און נישט־צוטריטלעכע.

,,וואָס קלערסטו צו טון איצטער, נאָכן פאַרענדיקן די שולע?״ האָט נחום איבערגעריסן דאָס שטילשווײַגן.

,,אָ, נאָך דער שולע,״ האָט דאָראַ אַ לאַך געטון, ,,ווער ווייסט... כ׳וועל מסתמא גיין אַרבעטן שנײַדערײַ בײַ מײַנעם אַ קרוב אין

וואַרשע. דערנאָך וועל איך אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, נישט בלייַבן דאָ. . .״

,,קיין אַמעריקע,״ האָט נחום איבערגעחזרט מיט שטוינונג און געפילט ווי זייַן גאַנץ וועזן ווערט אייַנגעשרומפּן און פאַרשטאַרט. ,,און עס אַרט דיך גאָר נישט איבערצולאָזן אַלע דאָ?״

דאָראַ האָט אים פאַרווונדערט אָנגעקוקט און שטיל געענטפערט: ,,וועמען האָב איך דאָ? מייַן טאַטע איז אַן אינוואַליד און די מאַמע — זי דאַרף מיך נישט האָבן. זי האָט גענוג קינדער, סאַמע מיידלעך, איינע קלענער פון דער צווייטער. . . איכ׳ל פאָרן קיין אַמעריקע צו מייַן ברודער.״

נחום האָט זיך צוגערוקט נענטער צו דאָראַן און געפילט דעם וואַרעמען אָטעם פון איר מיידלשן לייַב. ער האָט גענומען איר האַנט אין זייַנער און אַרויסגעשעפּטשעט ווי צו זיך אַליין: ,,כ׳האָב דיך ליב, דאָראַ. . .״

עטלעכע שול־חברטעס זייַנען אָנגעקומען און דערזעענדיק נחומען מיט דאָראַן האָבן זיי זיך הויך צעלאַכט: ,,אַנטשולדיקט, מיר האָבן געשטערט אַ ראָמאַנטיש פּאָרל. . .״

דאָראַ האָט אַרויסגענומען איר האַנט און נישט זאָגנדיק קיין וואָרט איבערגעלאָזט נחומען אַליין.

דער דאַמפּער איז אָנגעקומען קיין ווילאַנאָוו און די קינדער האָבן זיך געלאָזן מיט אַ ברייטער אַלייע צום גלאָררייַכן פּאַלאַץ פון קיניג סאָביעסקי. אין צענטער פון ליכטיק־ווייַסן געביי האָט געטורעמט אַ היכל אָנגעשפּאַרט אויף מאַרמאָרענע זייַלן און באַצירט מיט מיניאַטור־סטאַטועטן און אָרנאַמענטן. אונטער אים איז געווען דער פּאַראַדנער אַריינגאַנג פון פּאַלאַץ, וואָס האָט זיך געשפּרייט אין ביידע זייַטן אין סימעטרישע פליגלען, מיט קאָלומנעס, פּאַסאַדן און טורעמלעך, באַשיינט מיט כלערליי אַרכיטעקטאָנישע דעטאַלן און באַפּוצונגען פון אַמאָליקע פּוילישע און איטאַליענישע סקולפּטאָרס און בוימייַסטערס. אַרום דעם שלאָס איז געווען אַ געדיכטער אַלטפּוילישער וואַלד מיט הויכע, שטאָלצע דעמבעס און סאָסנע־ביימער.

מיד פון אַרומגיין איבער די בלישטשענדיקע, באַגילדטע זאַלן, האָבן די קינדער זיך אַ לאָז געטון איבערן וואַלד, זיך איבערגערופן פון דער ווייַטן אָדער אַרומגעשלאָסן זייערע הענט אַרום די צוואַקסענע, הונדערט־יאָריקע ביימער. נחום האָט די גאַנצע צייַט געזוכט נאָך אַ געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט דאָראַן, אָבער זי האָט

איִם בכּיוון אויסגעמיטן און אַרומשפּאַצירט געאָרעמט מיט אירע חברטעס.

פאַר נאַכט האָט דער זיבעטער קלאַס זיך אומגעקערט אַהיים, קיין אָטוואָצק. פול מיט אימפּרעסיעס פון געזעענעם, און מידע פון אַרומגיין אַ גאַנצן טאָג, זיינען די קינדער געזעסן אין דער באַנקופּע און געטיילט זיך מיט די איינדרוקן פון טאָג. נחום איז געשטאַנען ביים פענצטער אין קאָרידאָר און געקוקט, ווי עס שוועבן פאַרביי אין פאַרנאַכטיקן דעמער דיביימער און הייזער פון דער געגנט. אַלץ גייט פאַרביי, דאָס לעבן אַנטרינט, האָט ער געטראַכט, און דאָראַ וועט אויך אַוועק. . . אויף שטענדיק. . . נחום האָט זיך אויסגעדרייט און אויסגעזוכט מיט זיין בליק דאָראַן, וואָס איז געזעסן מיט עטלעכע מיידלעך אין אַ ווינקל פון דער קופּע. אַ ווײַלע האָבן זייערע בליקן זיך געטראָפן און גלייך זיך אָפּגעווענדט. נחום האָט זיך צוריק אויסגע־דרייט מיטן פּנים צו דער שויב און געטראַכט, אַז ער וועט דאָראַן און זיין ערשטע פאַרבאָרגענע ליבע צו איר קיין מאָל נישט פאַרגעסן.

* * *

גלייך נאָך דעם אויספלוג האָט דער גאַנצער קלאַס זיך גענומען גרייטן צום פייערלעכן גראַדויר־אָוונט. נאָך מיטאָג האָבן יינגלעך זיך געלאָזן אין די וועלדלעך הינטער דער שטאָט אָנצורייסן צווייגן און בלעטערוואַרג, כּדי דערמיט באַצירן די ווענט פון גרויסן קלאַסצימער, ווו די פייערונג האָט געזאָלט פאָרקומען. די מיידלעך האָבן געשניטן קאָלירטע פּאַפּירן און זיי צונויפגעבונדן אין קייטן, מיט וועלכע מען האָט באַהאָנגען דעם זאַל. אַנדערע האָבן זיך פאַרנומען מיט איינשאַפן געבעקס און זיסוואַרג פאַר דער שׂמחה. מאַמעס האָבן צוגעהאָלפן זייערע טעכטער באַקן טאָרטן און צוגרייטן היימישן איינזקרעם, און געזען אַז אַלץ זאָל אַרויסקומען ווי אַמבעסטן.

די פייערונג איז פאָרגעקומען דעם לעצטן טאָג פון שוליאָר, נאָך דעם ווי מען האָט אויסגעטיילט די באַריכט־קאַרטלעך מיט די צייכנס אין די לימודים. אין זיבעטן קלאַס איז די שׂמחה געווען גרויס: אַלע האָבן מצליח געווען צו פאַרענדיקן די שולע. פאַר גרויס פרייד האָט מען זיך גראַטולירט, אַרומגענומען און געדריקט די הענט. מיידלעך זיינען אַרומגעלאָפן פאַרסאָפּעטע און צוגעשטאַנען צו חברים און לערערס זיי זאָלן אַריינשרייבן אַ פּאָר ווערטער אין די אָנדענקביכלעך. יינגלעך, באַפרייטע פון עול פון לערנען, האָבן אַרומגערודערט אויפן שולהויף, געשפּילט דאָס לעצטע מאָל אין

שאַטקעבאָל אָדער אין ,,צוויי פּײַערן״. מיטאָגצײַט האָט די שולע זיך אויסגעליידיקט; מען איז אַוועק אַהיים זיך צוגרייטן צו דער אָוונט־שׂמחה.

אין אָוונט האָט מען זיך ווידער פֿאַרזאַמלט אינעם גרויסן קלאַסצימער, פֿון וועלכן דער סטרוזש האָט נאָך אין דער פֿרי אַרויסגעטראָגן די שרײַבטישלעך און בענקלעך. אין מיטן זאַל איז געשטאַנען אַ לאַנגער טיש, געדעקט מיט ווײַסע טישטעכער און אָנגעשטעלט מיט פֿײַן געבעקס, פּרוכטן און זיסוואַרג. אַלע לאָמפּן זײַנען געווען אָנגעצונדן און די פֿילקאָליריקע פּאַפּיר־ און צווײַגן־דעקאָראַציעס האָבן געמיניעט אין ליכט און פֿאַרשטאַרקט די יום־טובדיקע שטימונג. מען האָט זיך אויסגעזעצט אַרום טיש, קינדער און לערער צוזאַמען, אַלע אין יום־טובדיקע בגדים, צוגעלאָזענע און צעשמייכלטע. אויבן אָן איז געזעסן דער שול־דירעקטאָר, פּאַן שימאַנסקי, דער דערציער און ממונה איבערן זיבעטן קלאַס. זײַן פֿרוי, די פּאַני יאַדוויגאַ, איז דאָס מאָל נישט געזעסן בײַ זײַן זײַט; די היימישע אַטמאָספֿער האָט אויך איר אָנגעשטעקט און זי האָט זיך צוגעזעצט בײַם אַנדערן עק טיש, צווישן אירע שילערס.

פּאַן שימאַנסקי, אָנגעטון אין אַ נײַעם טונקעלן אָנצוג, האָט זיך אויפֿגעשטעלט און אַ הוסט געטון — אַ צייכן ס׳זאָל ווערן שטיל. אין קורצע ווערטער האָט ער זיך געזעגנט מיט זײַנע תּלמידים און תּלמידות און זיי געוווּנטשן הצלחה אין ווײַטערדיקן לעבן. דערבײַ האָט ער נישט פֿאַרגעסן אָנצוזאָגן, אַז זיי זאָלן פֿאַרבלײַבן טרײַע בירגער פֿון פּאָטערלאַנד און נישט פֿאַרשעמען מיט זייערע טאַטן זייערע עלטערן און דערציערס.

משה געלמאַן, וואָס איז געזעסן בײַם אַנדערן עק טיש, אַקעגן איבער דעם דירעקטאָר, האָט זיך געהויבן פֿון אָרט און אונ־טערגעבורטשעט:

,,יאָ, אוודאי. . . פּאַטריאָטן. . . און וואָס נוגע דעם שלעכטס און די אומגערעכטיקייטן אין לאַנד? מען דאַרף מעשׂים, ענדערונגען — און נישט סתּם רייד!״

די פּאַני יאַדוויגאַ, וואָס איז געזעסן דערנעבן, האָט זיך צע־שמייכלט און אים געלאַסן געענטפֿערט:

,,אוודאי איז נישט אַלץ פֿײַן און גוט בײַ אונדז. ס׳קאָן קיין מאָל נישט זײַן גוט אין אַ גלײַכער מאָס פֿאַר אַלעמען. מען דאַרף העלפֿן די נויטבאַדערפֿטיקע און אויסבעסערן וואָס סע לאָזט זיך.״

,,ניין, נישט דאָס מיין איך,'' איז משה אויפגעשפּרונגען. ,,נישט קיין פילאַנטראָפּיע, נישט קיין רחמנות. ראַדיקאַלע ענדערונגען דאַרף מען, גרונטלעכע רעפאָרמען אין דאָרף און שטאָט.''

נחום האָט מורא געקראָגן, אַז די דיסקוסיע זאָל נישט אַוועק צו ווײַט און גענומען שטורכען משהן מיטן פוס, ער זאָל אויפהערן דַברן. משה האָט זיך נישט געלאָזט אײַנשטילן און פאָרגעזעצט מיט אַ געלעכטערל:

,,כ'פײַף אויף אים. ער קאָן מיר שוין גאָרנישט טון. דער דיפּלאָם איז בײַ מיר אין דער היים.''

מען האָט דערלאַנגט טעלערלעך מיט אײַזקרעם און אַלע האָבן זיך אַ נעם געטון מיט אַפּעטיט צום מאכל. דערנאָך האָט מען צערוקט די טישן אין אַ זײַט און מען האָט זיך פאַרווײַלט מיט טענץ און אַנדערע חברשע שפּילן. נחום איז אַרומגעגאַנגען איבערן זאַל פון איין גרופּע צו דער צווייטער, אַ דערהויבענער און צעשטראַלטער. פון קינדווײַז אָן האָט ער ליב געהאַט די בציבורדיקייט פון אַ שׂמחת־תורה אָדער פּורים, ווען קינד־און־קייט פלעגן אַראָפּוואַרפן דעם יאָך פון וואָכעדיקייט און מיטגעריסן ווערן מיט דער יום־טובדיקער פרייד. דאָ און דאָרט איז ער צוגעשטאַנען צו אַ גרופּע, זיך געוויצלט מיט די יינגלעך אָדער אויסגעטוישט אַ פּאָר פרײַנדלעכע ווערטער מיט די חברטעס. בלויז דאָראַן האָט ער אויסגעמיטן מיט אַ שטאָלצער פאַר־ביסנקייט און החלטה מער זיך בײַ איר נישט אײַנצובעטן.

אין אַ ווינקל, בײַ אַן אָפן פענצטער, האָט נחום דערזען פראַנקאַן, דאָראַס אַ נאָענטע חברטע. אַ מידע פון אַרומפּאָרען זיך דעם גאַנצן טאָג בײַם צוגרייטן די שׂמחה, האָט זי זיך צוגעזעצט אַ ווײַלע בײַם פענצטער, כּדי אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. אָנגעטון איז זי געווען אין אַ ווײַס, זומערדיק קליידל און אירע שוואַרצע, זײַדענע צעפּ זיינען געווען אַריבערגעוואָרפן פון פאָרנט, אויף ביידע זײַטן פון איר קײַלעכיק, לויטער פּנים. נחום איז צוגעקומען צו איר און גוטמוטיק געזאָגט: ,,די באַלעבאָסטע, זעט אויס, איז מיד.''

פראַנקאַ האָט זיך צעשמייכלט און אים אָנגעוויזן אויף אַ שטול דערנעבן, ער זאָל זיך אַוועקזעצן. זי איז שיין, פראַנקאַ, האָט נחום אַ טראַכט געטון, און ער האָט עס גאָרנישט באַמערקט במשך פון גאַנצן יאָר, ווען ער איז געזעסן הינטער אירע פּלייצעס און אַריבערגעקוקט אין צווייטן ווינקל צו דאָראַן. דאָראַס בלײַך, מעלאַנכאָליש פּנים מיט איר טרויעריקן שמייכל האָבן אים, ווײַזט אויס, געהאַלטן געפאַנגען ער זאָל גאָר נישט זען אין די אַנדערע שול־חברטעס. איצט אָבער האָט

נחום דערזען פראַנקאַן אין אַ נײַ ליכט, ווי זי וואָלט מיט אַ מאָל זיך פאַרוואַנדלט פון אַ קליין מיידל אין אַ בליענדיקער יונגפרוי. אירע טיפע, דורשטיקע אויגן און די זאַפטיקע ליפּן האָבן פאַרמאָגט אַ באַזונדערן חן און רייץ, און דאָס שניי־ווײַסע, אויסגעפּרעסטע קליידל איז געווען ווי אויסגעגאָסן אויף איר געטאָקטן קערפּער. אַ בלאָער, זײַדענער פּאַס האָט אײַנגענומען איר טאַליע און בולטער געמאַכט די פולע מיידלשע בריסטן.

„זעסט אויס הײַנט שיין, פראַנקאַ,“ האָט נחום זיך אָנגענומען מיט מוט צו זאָגן.

פראַנקאַ האָט זיך לײַכט פאַררויטלט און געענטפערט: „אַ דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט. האָסט עס מסתמא שוין געזאָגט אַלע מיידלעך.“

„נישט אמת, פראַנקאַ, כ׳האָב עס נאָך קיינעם נישט געזאָגט,“ האָט נחום שוין דרײַסטער געענטפערט און זיך צוגערוקט נענטער, כּדי צו פאַרברענגען מיט איר ביזן סוף פון אָוונט.

* * *

אַ פּאָר טעג נאָכן פאַרענדיקן די שולע איז פאָרגעקומען אַ פאַר־זאַמלונג פון די מערסטע שילער פון זיבעטן קלאַס, כּדי צו אָרגאַניזירן אַ קרײַז אָדער אַ קלוב, וואָס זאָל אויפהאַלטן די פרײַנדשאַפט און צוגעבונדנקייט פון די קינדער אויך אויף להבא. דער צונויפקום איז פאָרגעקומען אין אַ האַלב־טונקעלן גרויסן קאַמער אין הויף פון איינער פון די פאַרמעגלעכע תּלמידות. די קינדער האָבן זיך אויס־געזעצט אויף די אויסגעלייגטע ברעטער און בעלקעס און הייס דיסקוטירט דעם ענין. משה געלמאַן האָט ווי תּמיד געפירט די גרענדע און אַגיטירט:

„מיר מוזן זיך אָרגאַניזירן! מיר׳ן שאַפן אַ יוגנטקרײַז, זיך האַלטן צוזאַמען און פירן אַ טעטיקייט אַנשטאָט צו פאַרברענגען אין די טאַנצלאָקאַלן.“

מען האָט זיך ווייניק צוגעהערט צו זײַנע רייד. די קינדער האָבן געקאָנט זײַנע ראַדיקאַלע דעות און זיך געשראָקן ער זאָל זיי נישט אַרײַנשלעפּן אין קיין צרה.

„שטילער! לאָזט זאָגן אַ וואָרט!“ האָט משה זיך געקאָכט.

„הער אויף צו פּרעדיקן! לאָז עמעצן אַנדערש עפּעס זאָגן!“ האָט מען אים איבערגעריסן. נחום האָט פּרובירט אַרויסהעלפן משהן און אויפקלערן דעם צוועק פון דעם צונויפקום. אָבער ס׳איז

אוממעגלעך געוועזן אַלעמען איבערצושרײַען און דערפירן די פאַרזאַמלונג צו אַ טאָלק. ער האָט אײַנגעזען די אַבסורדקייט פון דעם געדאַנק צו שאַפן אַ נײַע ראַם פאַר די געוועזענע שילער. מיטן פאַרלאָזן די שולע האָט דער קלאַס אויפגעהערט צו זײַן אַ לעבעדיקע אײנהייט. איצטער האָט יעדער איינער זיך געלאָזן אויף זײַן אייגענעם וועג אין לעבן.

אַ נײַער געדאַנק האָט פּלוצעם אויפגעבליצט אין נחומס מוח. ער האָט זיך אַ ריס געטון פאָרויס און שוין אַ הייזעריקער אויסגעשריגן: „קאָלעגן און קאָלעזשאַנקעס! כ׳האָב אַ נײַע פּראָ־פּאָזיציע, וואָס אַלע וועלן אײַנגיין אויף איר!״

די קינדער האָבן זיך אײַנגעשטילט, נײַגעריקע צו הערן, וואָס נחום גייט דאָ פאָרלייגן.

„לאָמיר אויפגעבן דעם געדאַנק פון שאַפן אַ פאָרמעלן קרײַז פון גראַדואַנטן. זאָל זיך יעדער גיין זײַן וועג, טון וואָס ער וויל און געהערן צו דער אָרגאַניזאַציע וואָס איז אים צום האַרצן. איין זאַך אָבער לאָמיר באַשליסן: אין פינעף יאָר אַרום לאָמיר זיך ווידער טרעפן אין טאָג פון אונדזער גראַדוּירונג. לאָמיר זיך פײַערלעך צוזאָגן, אַז ווו מיר וועלן דעמאָלט נישט זײַן, וועלן מיר טוען אַלץ וואָס מעגלעך זיך ווידער צונויפצוקומען דאָ־הי אין אונדזער היימשטאָט, כּדי צוזאַמען צו פאַרברענגען און זיך דערמאָנען אונדזערע שוליאָרן.״

„הוראַ! הוראַ!״ זײַנען די קינדער אויפגעשפּרונגען. „אַ טײַערער געדאַנק! נאָר נחומען קען אײַנפאַלן אַזעלכעס!״

„לאָמיר אויפהייבן די הענט און פײַערלעך צוזאָגן, אַז אַזוי וועלן מיר טון,״ האָט נחום פאָרגעזעצט. אין קאַמער איז געוואָרן אומהיימלעך־שטיל בעת אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט מיט געהויבענע הענט, ווי צו אַ שבועה.

אויפן וועג אַהיים האָט נחום נאָכגעטראַכט וועגן דעם אײַנפאַל זיך צו טרעפן אין פינעף יאָר אַרום. וועלן די חברה געדענקען די שבועה און טאַקע קומען פײַערן דעם יאָרטאָג פון דער גראַדוּירונג? און ווו וועט ער און אַלע אַנדערע זײַן דעמאָלט, אין יוני 1941? אַ סומנע אומהיימלעכקייט האָט אים דורכגענומען, אַ פאָרגעפיל, אַז אָט דער צוזאַמענטרעף וועט קיין מאָל נישט צו שטאַנד קומען.

# אויפֿן שוועל פֿון לעבן

די ערשטע טעג נאָכן פֿאַרענדיקן די שולע איז נחום אַרומגעגאַנגען אומרויִק און צעטראָגן און נישט געוווּסט, וואָס מיט זיך צו טון. דער זומער האָט זיך געשטעלט אַ הייסער און דאָס רעסטאָראַנדל איז געווען פֿול מיט אײַנגייער, אָרטיקע און אָנגעפֿאָרענע. טאַטע־מאַמע זײַנען געווען פֿאַרהאָרעוועט איבערן קאָפּ און האָבן, ווי געוויינטלעך אין די חדשים, נישט געהאַט קיין צײַט אַכט צו לייגן אויף די קינדער.

אָפּגעגעסן פֿרישטיק, האָט נחום גלײַך אין דער פֿרי זיך אַרויסגעלאָזט איבער שווידערסקע גאַס. פֿון קליינווײַז אָן האָט ער ליב געהאַט אַרומצוגיין איבער די גאַסן פֿון דער געגנט און זיך צוקוקן ווי מענטשן לעבן און אַרבעטן, האַוועון און יאָגן זיך, כּדי אַרויסצוקריגן זייער טעגלעכע חיונה. און כאָטש ס׳איז אים געווען באַקאַנט יעדער הויף און יעדעס ווינקל אויפֿן גאַס, האָט ער דאָך זיך נישט געקאָנט אָנזעטיקן מיט דער לעבעדיקער שפֿע פֿון בילדער און קולות, מיט וועלכע סע האָט געשפּרודלט די היימישע געגנט.

אַרויף צו, בײַם ראָג, איז נחום געבליבן שטיין און זיך געשלאָגן אַ ווײַלע מיט דער דעה, צי זאָל ער זיך לאָזן אויף רעכטס, מיט דער גורנע גאַס, צו פֿינאַיס גרויסער ווילע, ווו מען האָט געקאָנט רוען אומגעשטערט אויפֿן ווייכן גראָז, אין שאָטן פֿון צעוואַקסענע ביימער, אָדער זאָל ער גיין ווײַטער, לענג־אויס שווידערסקע, צום לאָקאַל פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין, ווו ס׳וואַרט אויף אים אַרבעט בײַם אויססאָרטירן די ביכער פֿון דער פֿאַראיין־ביבליאָטעק. אין פֿאַראיין איז אַצינד קיינער נישטאָ, האָט נחום אַ טראַכט געטון; ס׳איז די בעסטע

צײַט זיך צו פֿאָרען אומגעשטערט בײַ די ביכער און דערבײַ אויך אַ ביסל אַרײַנקוקן און געניסן פֿון זיי.

נחום האָט זיך געלאָזן מיטן טראָטואַר אויף דער רעכטער, מיט זון־באַגאָסענער זײַט פֿון גאַס. האַרט בײַם טראָטואַר האָט זיך געצויגן אַ שורה נידעריקע, האַלב־פֿאַרזונקענע הײַזקעס. פֿון די אָפֿענע טירן און פֿענצטער האָבן זיך געטראָגן קולות און געשרייען פֿון ווײַבער און קינדער, צוזאַמען מיט ריחות פֿון געקעכץ און ריישעכץ. אינעווייניק, האַרט בײַ די טירן און פֿענצטער, האָבן די ניימאַשינדלעך געזשומעט און שוסטער־העמערלעך האָבן געקלאַפּט אָן אויפֿהער. דאָ און דאָרט האָט אַ געזעליונג, געבויגן איבער אַ מאַשינקעפּל אָדער שוסטערטישל, געזונגען אָדער אונטערגעברומט אַ לידל, כּדי סע זאָל אים זײַן היימלעכער בײַ דער אַרבעט.

אין דרויסן, בײַ אַן אָפֿענער טיר, איז געזעסן אויף אַ נידעריק בענקעלע אַן עלטערע פֿרוי — אַלטע־נעמי האָט מען איר גערופֿן — און געוואַרעמט אין דער זון איר צעקאַרבטן, וואַקסענעם פּנים און די פֿאַרזשמורעטע אויגן. אין מאַרץ, בעתן גרויסן פּראָטעסט־מיטינג אין בית־מדרש, האָט מען אַרעסטירט בערעלען, איר ייִנגערן זון, מיט אַ פּעקעלע אומלעגאַלע אויפֿרופֿן, און ער האָט באַקומען דערפֿאַר עטלעכע יאָר תּפֿיסה. ווי אַן אויג אין קאָפּ האָט זי אַצינדערט אָפּ־געהיטן איר עלטערן זון משה, וואָס איז, אַ לויב צו גאָט, נישט אַזוי ווי בערעלע צו די „רויטע״, נאָר געוואָרן אַ מאַכער בײַ די פּועלי־ציוניסטן. משה האָט מקיים געווען די מצווה פֿון כּיבוד־אם און אויפֿגעהאַלטן דאָס הויזגעזינד, די מאַמע מיט די צוויי ייִנגערע שוועסטער, וואָס האָבן געוווינט אין צוויי שטיבלעך אינעם האַלב־פֿאַרזונקענעם הויז. אונטן, בײַם אַרײַנגאַנג, איז געווען משהס שוסטער־ווערקשטעל, בײַ וועלכן ער איז געזעסן און געקלאַפּט מיטן האַמער די פֿלעקלעך אין אַ פּאָדעשווע פֿון אַ שטיוול.

נחום האָט זיך דערמאָנט אין משהס פֿלאַמיקער רעדע אויפֿן פּראָטעסט־מיטינג אין בית־מדרש, ווען ער האָט אויסגערופֿן: „...און איבער די גאַסן פֿון ירושלים און תּל־אָביב וועט פֿלאַטערן די בלאָ־ווײַסע פֿאָן פֿון אַן אויפֿגעשטאַנענער ייִדישער מדינה. . .״ איז עס מעגלעך, האָט נחום געטראַכט, אַז אָט דער אָרעמער שוסטעריונג איז אַ נביא, אַ פֿאָרויסזעער פֿונעם גאַנג פֿון דער געשיכטע? און נחום האָט געטראַכט וועגן שיינדלען, זײַן שוועסטער, וואָס איז אַלץ נאָך אויף הכשרה און האָט נאָך אַלץ נישט אויפֿגעגעבן איר חלום צו פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. קאָן זײַן, אַז זיי זײַנען גערעכט: מען דאַרף טאַקע

אַנטלויפֿן פֿון דאַנעט. אָבער ער, נחום, ווייס עס נישט טון. ער האָט זיך פֿאַרשווירן צו בלײַבן דאָ, ווו ער איז געבוירן און אויפֿגעוואַקסן געוואָרן, אין זײַן היימשטאָט און אין זײַן אָרעמער געגנט, פֿאַר זיי צו קעמפֿן און מיט זיי זיך דערהייבן צו אַ בעסער און שענער לעבן...

ווײַטער איז נחום פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם אָפֿענעם הויף פֿון עליע קאָוואַל. פֿון די צעעפֿנטע טירן פֿון דער שמידערײַ האָבן אַרויסגעשלאָגן פֿונקען און דאָס געבראַזג פֿון שווערע האַמערס. אויף דער גאַס אַקעגן איבער האָט זיך געצויגן אַ פֿרישע רײַ נידעריקע הײַזקעס באַוווינטע פֿון אַלערליי האַנדווערקער און בעל־מלאכות: אַ מאַנגלערײַ פֿון וועש, אַ טלית־שטריקער, אַ סטאָליער און אַ סאָדע־וואַסער פֿאַבריקאַנטל. שווידערסקע גאַס, האָט נחום געטראַכט, האָרעוועט שווער, כּדי ערלעך צו פֿאַרדינען איר טעגלעך ברויט.

אַ ביסל ווײַטער, בײַם ראָג סטאַשיצע־גאַס, איז שוין געווען שטילער און געראַמער. אויף רעכטס האָט זיך געצויגן דעם אָטוואָצקער רבינס וואַלדיקער הויף און פֿון פֿאָרנט — דער גרויסער תּלמוד־תּורה הויף מיט דעם ביקור־חולים הויז און דאָס גערער שטיבל אין הינטערגרונט. פֿון די אָפֿענע תּלמוד־תּורה פֿענצטער האָבן זיך געטראָגן די זשוואַווע קינדערשע קולות, וואָס האָבן צוזאַמען אַרויסגעלייענט אַ קאַפּיטל פֿון פּרימאָרגנדיקן דאַוונען.

אויפֿן הויף, נאָענט צום תּלמוד־תּורה הויז, איז געשטאַנען אַ קרענצל ווײַבער און קינדער און זיך צוגעקוקט ווי שמעלקע דער ליטוואַק שמײַסט מיט אַן אָפּגעריבענעם רימען זײַן זון וואָווע. שמעלקע, אַ דאַר ייִדל מיט אַ פֿייעררויט בערדל און געלבלעך פּנים, האָט געסאָפּעט און געווישט דעם שווייס פֿון שטערן, בעת ער האָט געהויבן און אַראָפּגעלאָזן דעם רימען איבער דעם ייִנגלס לײַב. געוווינט האָט שמעלקע מיט זײַן ווײַב און איינציקן זון אין צוויי חדרימלעך אויפֿן צווייטן שטאָק פֿון קהלשן תּלמוד־תּורה הויז. ווי אַזוי ער — אַ ליטוואַק פֿון דור־דורות — איז פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן אַהער, אין סאַמע מיטן פֿון פּוילישע ייִדן, האָט קיינער נישט געוווּסט. שמעלקע האָט געפּראַוועט גלות צווישן די פּוילישע ייִדן. ער האָט מיט קיינעם אַרום נישט געהאַט צו טון און פֿאַרברענגט זײַנע טעג אין לערנען בײַ זיך אין שטוב אָדער אין לײַדיקן גערער קלייזל. צו זײַן אײַנגעקוואַרט, פֿאַרשוואַרצט ווײַב האָט ער איבערגעלאָזן דאָס מפֿרנס זײַן פֿון הויזגעזינד, און זי האָט אַלץ געטון, כּדי איר מאַן און זון זאָלן נישט לײַדן קיין הונגער. ווינטערצײַט האָט זי געוואַשן באַליעס וועש אין באַלעבאַטישע הײַזער און זומער צוגעהאַנדלט

מיט גרינצײַג אין די ווילִיעס אַרום דער שווידער באַנסטאַציע. נאָך אַלעמען אָבער האָט אין הויז אָפט מאָל אויסגעפעלט אויף אַ מאָלצײַט אָדער אויף אַ ביסל קוילן אײַנצוהייצן דאָס קיכל. שכנות פון אַרום פלעגן זיך מרחם זײַן און אַרײַנשיקן מיט אַ קינד אַ ביסל וואַרעמס אָדער אַ חלה אויף שבת. פון צײַט צו צײַט פלעגט שמעלקע אויסלאָזן זײַן גאַנצע פאַרביטערטקייט אויף זײַן ווײַב אָדער אויפן בן־יחיד.

„לאָז אָפּ דאָס ייִנגל, ליטוואַק. וועסט נאָך אים אַ פּעלער מאַכן," האָבן ווײַבער זיך געפּרוווט אַרײַנמישן.

„נישט אײַער דאגה, פּיילישע עולם־הזהניקעס!" איז דער ליטוואַק נישט געבליבן שולדיק די אַרומיקע.

אָרעמקייט, פינצטערניש, נויט — אַרום און אומעטום, האָט נחום געטראַכט, בעת ער איז אַוועק פון דעם קרענצל. און דאָס אַלץ וועט די סאָציאַלע רעוואָלוציע דאַרפן איבעראַנדערשן. אָ, ס'וועט נישט פעלן דעמאָלט וואָס צו טון, וואָס צו צעשטערן און וואָס אויפצובויען פון דאָס נײַ!

דורך אַ זײַטיק טירל איז נחום אַרויס פון תלמוד־תורה הויף און דערגאַנגען ביזן סוף שווידערסקע גאַס, דאָרט וווּ סע האָבן זיך אָנגעהויבן די זאַמדיקע שטחים, וואָס מען האָט גערופן די „קרעסן". דאָ און דאָרט, צעוואָרפן איבערן אָפענעם שטח, זײַנען געשטאַנען נײַ־אויפגעבויטע הײַזלעך, אַרומגערינגלט מיט פאַרפלאַנצטע ביימלעך און גערטנדלעך. דאָ האָבן געוווינט אויסגעמישטע ייִדן מיט פּאָליאַקן, אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, וואָס האָבן גערן געהאַט דאָס שטילע הינטערשטאָטישע לעבן.

רעכטס, אויף אַ זאַמדיק בערגל, איז געווען די גרויסע געביידע פון דער „מרפא"־סאַנאַטאָריע פאַר שווינדזוכט־קראַנקע. אויף בעטלעך אויף די אָפענע וועראַנדעס זײַנען געלעגן די חולאים און אײַנגעאָטעמט די פרישע, טרוקענע לופט אין זייערע קראַנקע לונגען. פאַר זיי, האָט נחום אַ טראַכט געטון, איז אַלץ שוין אַריבער; אײנציקווײַז שפּײַען זיי אויס זייערע באַשעדיקטע לונגען און גייען אויס פאַמעלעך ווי אויסגעברענטע ליכט. און פון וואַנען קומט דאָס אַלץ אויב נישט פון ביטערע לעבנס־תנאים, שווערע אַרבעט, אָרעמקייט און נויט? אַלע פּלאָגן נעמען זיך פון זעלבן מקור — דעם פאַרדאָרבענעם סאָציאַלן סדר. זאָל מען ענדערן דעם סיסטעם פון עגאָאיזם, פון אייגנטום־באַזיץ — און דער סאָציאַלער קערפּער וועט זיך נעמען אויסגלײַכן און היילן, ווי אַ גוף וואָס קומט צו זיך נאָך אַ שווערער מחלה.

נחום האָט זיך פאַרקירעוועט אויף לינקס און, בראָדיענדיק אין וואַרעמען זאַמד, צוגעקומען צום הויז פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. ער איז אַרײַן אין הויפּל, אַרויפגעדראַפּעט זיך אויפן גזימס פון פונדאַמענט און אַרײַנגעקראָכן אינעווייניק דורכן אויפגעמאַכטן פענצטער. אין לאָקאַל איז געווען שטיל און ליידיק. דורך די נישט־פאַרהאָנגענע פענצטער האָבן סנאָפּעס זון באַלויכטן דעם פּאָרטרעט פון קאַרל מאַרקס, וואָס איז געהאָנגען אין אַ טונקעלער, פאַרשטויבטער רעם אויף דער וואַנט פון ערשטן צימער. זײַן ברייטע באָרד האָט געלויכטן אין זונשײַן און זײַנע אויגן אונטער דעם רבנישן שטערן האָבן געשײַנט מיט פאַרבאָרגענער חכמה. דער נביא פון אונדזער עפּאָכע, האָט נחום געטראַכט, דער בעל־שם, וואָס מיט זײַן שפּרוך וועט ער אויסהיילן די קראַנקע וועלט און אַרויסטרײַבן אַלע אירע דיבוקים. און ער איז אַ ייִד געווען, אמת, אַ געשמדטער, אָבער דאָך אַן אָפּשטאַמיקער פון ייִדן, האָט זיך נחום געטרייסט.

אין צווייטן שטיבל, בײַ דער וואַנט נעבן פענצטער, איז געשטאַנען דאָס געגלאָזטע שענקל מיט ביכער, וואָס דער פאַראיין האָט פאַרמאָגט. מחמת פּאָליציייִשע רדיפות האָט דער פאַראיין אָפט מאָל געמוזט בײַטן דעם לאָקאַל און ווידער אַ מאָל אײַנשטעלן דאָס ביסל באַלעבאַטישקייט: די סעקרעטאַריאַטן פון די באַזונדערע פאַכן און די ביבליאָטעק. צוליב דעם זײַנען די ביכער קיין מאָל נישט געווען אויסגעסדרט ווי געהעריק; זיי זײַנען געשטאַנען אויסגעמישט אויף די עטלעכע פּאָליצעס פונעם שענקל אָדער געלעגן אין אַ ווינקל אויפן דיל, ווי אַ קופּע שמות. האָט דער פאַראיין־ביבליאָטעקאַר זיך געוואָנדן צו די חברים פון דער יוגנט־סעקציע זיי זאָלן אים אַרויסהעלפן אין דער אַרבעט. נחום איז געווען דער איינציקער וואָס האָט וואָלונטירט.

נחום האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס רעקל, פאַרקאַטשעט די אַרבל און זיך גענומען איבערקלײַבן די ביכער פון דעם הויפן אויפן דיל. ער האָט אויסגעקליבן די בעסערע און ווייניקער באַשעדיקטע, זיי אָפּגעשטויבט און אײַנגעשטעלט אויף די פּאָליצעס אין אַ סדר, לויטן מחברס נאָמען. געווען זײַנען דאָ אויסגעמישט קלאַסישע ווערק, איבערזעצונגען פון די גרויסע מײַסטערס פון דער רוסישער ליטעראַטור — טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, גאָרקי; בענדער פון שאָלאָכאָווס „דער שטילער דאָן" צוזאַמען מיט די ווערק פון מאַרקס, ענגעלס, פּלעכאַנאָוו, קאַוטסקי און אַנדערע מאַרקסיסטישע דענקער און טעאָרעטיקער. באַנאַנד מיט די שווערע בענדער זײַנען געלעגן

בראָשורן און פּאַמפלעטן, אַלטע פּראָקלאַמאַציעס, פּאַרגעלטע נומערן פון פּראָלעטאַרישע צײַטשריפטן און זשורנאַלן. יעדע זאַך, וואָס איז אים געקומען אונטער דער האַנט, האָט ער אָפּגעשטויבט, אויסגעגלײַכט זאָרגפעליק די פאַרקנייטשטע קאַנטן און גענומען זיך צײַט אַרײַנצובליקן דאָ און דאָרט, כּדי אויסצוגעפינען דעם תּמצית און זגאַל פון דער אויסגאַבע. פון די פאַרגעלטע בלעטער פון ביכער און פּעריאָדישע אויסגאַבעס האָבן אויפגעטויכט פאַר נחומען העלדן און עפּאָכעס, געראַנגלען און אויפשטײַגן פון מענטש און געזעלשאַפט אין קאַמף מיט דער נאַטור און מיט דער אײַנגעשטעלטער אָרדענונג און אירע אינסטיטוציעס. פון די אַלטע בראָשורן האָט געווייעט דער הייסער אָטעם פון לײַדנשאַפטלעכע דיסקוסיעס, פּאָלעמיקס און שטרײַטן. סע האָט זיך דאָרט גערעדט וועגן דיאַלעקטיק און דעטער־מיניזם, היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, רעוויזיאָניזם און סאָציאַל־פּאַשיזם, פּאָלקספּראָנט און אײנהייטספּראָנט. דאָ האָט לענין אָנגעגריפן די „מענשעוויקעס״, דעם „בונד״, און דאָרט האָט ראָזע לוקסעמבורג פאָרגעוואָרפן די פּוילישע סאָציאַליסטן זייערע נאַציאָ־נאַליסטישע אָפּנויגן. באַריכטן און באַשרײַבונגען פון עקספּעדיציעס קיין ביראָבידזשאַן, בײַם ווײַטן אַמור, זײַנען קאַפּויער געקומען מיט ליכטיקע בשׂורות וועגן אַן אויטאָנאָמער ייִדישער געגנט, וואָס וועט דאָרט אויפגעריכט ווערן. נחום האָט פאַרנומען אַלץ אין זיך און פאַרשיכּורט געוואָרן פון די פּיבערדיקע רייד פון די נײַע נביאים און וועלט־אויסלייזערס.

מיד פון בלאָנדזשען אין דזשאָנגל פון אַלערליי געדאַנקען און אידייען, האָט נחום זיך גענומען צו די פּאָעזיע־ביכער פון דוד עדעלשטאַט, יוסף באָווּשאָווער און מאָריס ראָזענפעלד, און דערנאָך אַריבער צו די דינע העפטלעך פון די יונגע, רעוואָלוציאָנערע דיכטער אין פּוילן. פון זייערע לידער האָט געאָטעמט מיט פלאַטערנדיקע פּענער, מאַרשן און דעמאָנסטראַציעס, שטרײַקן און געשלעגן, און הימען־געזאַנגען צום דניעפּראָסטראָי און אַנדערע אויפטוען פון ראַטנלאַנד.

אַ פּאָר שעה האָט נחום אַזוי זיך געפּאָרעט בײַם אײַנשטעלן די ביכער און אַרויסלייענען בעת־מעשׂה פון זיי, ביז ער האָט דערפילט, אַז ער איז הונגעריק. די שלייפן אַרום קאָפּ האָבן גענומען אײַנציען זיך און אין די אויגן האָט אים געבריט פון צו פיל לייענען. ער האָט אָפּ־געטרייסלט דעם שטויב פון זיך, אויסגעגלײַכט די לעצטע פּאָר ביכער און אַרויס פון פּאַראיין, פאַרשפּאַרנדיק הינטער זיך דאָס פענצטער.

מיט אײַליקע טריט האָט ער זיך געיאָגט אַהיים, אין רעסטאָראַן אַרײַן. אונטערן אָרעם האָט ער געטראָגן עטלעכע ביכער און צײַטשריפטן, וואָס ער האָט מיטגענומען צו לייענען אין דער היים.

אין רעסטאָראַן איז שוין געווען נאָך די מיטאָג־שעהען. בלויז אַ פּאָר יונגע־לײַט זײַנען געזעסן בײַ אַ טישל, געטרונקען גלעזער ביר, פאַרביסן מיט אייער־פּלעצלעך און געקיבעצט. איטע, וואָס איז נאָר וואָס אַרײַנגעקומען פון דער הינטערשטוב מיט אַ פולמיסל גערייִשטע לעבערלעך, האָט נחומען באַגעגנט מיט אַ בינטל טענות:

„ווּ ביסטו געווען ביז אַ האַלבן טאָג? זע נאָר ווי פאַרקאָרזשעט דו ביסט! שוין ווידער זיך געגריבלט אין די ביכער?! וואָלסט בעסער געשטאַנען און צוגעהאָלפן אין געוועלב, וואָלט געווען מער מצווה. הײַנטיקע קינדער! האָבן גאָרנישט קיין אײַנזען פאַר טאַטע־מאַמע!״

באַלד אָבער האָבן אירע מאַמעשע געפילן גענומען די אויבערהאַנט. זי האָט ווי פאַרגעסן אַלע אירע טענות און גענומען צואײַלן נחומען ער זאָל זיך זעצן עסן מיטאָג.

„ס׳איז דאָך שוין אַזוי שפּעט, נחומל! אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן! דער קאָפּ וועט דיר נאָך ווײ טון!״

אויף אַ ווײַלע איז זי פאַרשוווּנדן אין טירל פון דער הינטער־שטוב און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ טעלער עסן. נחום האָט געגעסן מיט אַפּעטיט דעם געבראָטענעם קאָטלעט מיט די צוגעברוינטע שטיקלעך קאַרטאָפל און געטראַכט וועגן דער מאַמעס טרײַשאַפט און איר שווערן לעבן. אוודאי וואָלט ער געדאַרפט אַרויסהעלפן אין רעסטאָראַן; ס׳איז זומער, און דער טאַטע איז אָפט פאַרנומען בײַ דער ניימאַשין אין דער הינטערשטוב. דעמאָלט איז זי איינע אַליין בײַ דער קיך און אין געוועלב. פון איצטער אָן וועט ער זען איר אַרויסצוהעלפן.

לאַנג אָבער האָט נחום זײַן צוזאָג נישט געהאַלטן. גלײַך אויף צו מאָרגנס איז ער אַוועק מיטן פּעקל ביכער און זשורנאַלן אין פינאַיס ווילִיע און דאָרטן, אין שאָטן פון געדיכטע ביימער, ווידער אַרײַנ־געלייענט ביזן שפּעטן טאָג.

# דער פּאַטש

איייניקע וואָכן זײַנען פאַרבײַ זינט נחום האָט פאַרענדיקט די שולע און ער האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט אָפּמאַכן בײַ זיך וואָס צו טון. זאָל ער גיין ווערן אַ לערניינגל אין איינעם פון די אַרומיקע וואַרשטאַטן, אָדער גאָר זיך נעמען ערנסט אַרויסצוהעלפן אין טאַטנס רעסטאָראַן ווי אויך אין וואַרשטאַטל אין דער הינטערשטוב? אויך משה־אברהם האָט גענומען קלערן וועגן אַ תכלית פאַר זײַן זון, באַזונדערס ווען עס האָט זיך צו אים דערטראָגן, אַז נחום איז געוואָרן אַן אָפּטער איינגייער אין אַרבעטער־פאַראיין. משה־אברהם האָט באַשלאָסן צו ווערן שטרענגער מיט זײַן בכור, אפשר וועט ער באַווײַזן, ביז וואַנעט ס׳איז נאָך נישט שפּעט, אים צוריק אַרויפפירן אויפן דרך־הישר.

איין מאָל, אין אַ פרימאָרגן, ווען נחום איז אַרײַן אין געוועלב אויף איבערבײַסן, האָט משה־אברהם אים פּלוצעם אַ פרעג געטון:

,,געדאַווענט האָסטו שוין הײַנט?״

נחומען איז דער ביסן געבליבן שטעקן אין מויל. ער האָט אַ קוק געטון אויפן טאַטן און זיך דערשראָקן פאַר זיין אָנגעכמורעטן בליק.

,,יאָ, געדאַוונט,״ האָט נחום אַרויסגעשטאַמלט.

,,און תפילין געלייגט אויך?״ האָט משה־אברהם ווידער געפרעגט מיט אַ חוזק־שמייכל.

נחום האָט געפילט ווי הענט און פיס נעמען אים ציטערן; סע האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער זינקט אין אַ תהום, פון וועלכן קיין רעטונג איז נישטאָ. בלית־ברירה האָט ער ווײַטער געליגנערט:

,,יאָ, געלייגט תפילין.״

,,טאָ גיי ברענג זיי מיר!״ האָט משה־אברהם שטרענג באַפוילן.

נחום איז געבליבן שטיין אַ מבולבלער און נישט גערירט זיך פֿון אָרט.

„גיי ברענג זיי מיר," האָט משה־אברהם איבערגעחזרט, „די תּפֿילין, וואָס האָסט היינט געלייגט."

שווייַגנדיק האָט נחום זיך אַדורכגעשאַרט דורכן טירל אין שטוב אַרייַן און גענומען נישטערן אין שופֿלאָד פֿון דער שאַנק, ווו ער פֿלעגט געוויינטלעך האַלטן דאָס תּפֿילין־זעקל. באַלד איז ער צוריקגעקומען מיט ליידיקע הענט און אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און קוים אַרויסגערעדט:

„נישט געפֿונען די תּפֿילין. . . כ'ווייס נישט ווו זיי זייַנען אַהינגעקומען."

„ליגנער! גוי גמור!" איז משה־אברהם אויפֿגעשפּרונגען און אַראָפּגעלאָזט דעם זון אַ פֿייַערדיקן פּאַטש אין פּנים.

נחום האָט זיך אַ וואַקל געטון און זיך אָנגעכאַפּט בייַם ראַנד פֿון אַ טישל ער זאָל נישט אַנידערפֿאַלן. דער פּראַסק פֿון טאַטנס אויס־געאַרבעטער האַנט, וואָס האָט געברענט אויף זייַן פּנים מיט ווייטיק און שאַנדע, האָט אויפֿגעוועקט אין אים אַ ווידערשפּעניקייט און כּעס.

„רוצח!" האָט נחום אַ געשריי געגעבן זיך לאָזנדיק צו דער טיר, „כ'וועל מער אין דייַן שטוב נישט אַרייַנקומען!"

עטלעכע שעה האָט נחום זיך אַרומגעדרייט איבער די אַרומיקע גאַסן און זיך נישט געקאָנט באַרויִקן. סע האָט זיך אים געדאַכט, אַז דעם טאַטנס פּאַטש פֿלאַמט אים נאָך אַלץ אויף דער באַק און אַז די פֿאַרבייַגייער קוקן אויף אים מיט נייַגעריקע בליקן. וואָס מיינט מיט זיך דער טאַטע, האָט זיך נחום געבונטעוועט, ער וועט אים שלאָגן ווי אַ חדר־ייִנגל?! ער איז שוין אַ דערוואַקסענער, אין פֿופֿצנטן יאָר! ער וועט אַוועק אין דער וועלט אַרייַן. . . זיך דורכשלאָגן אַ וועג אין לעבן, ווי אַנדערע האָבן עס געטון. וואָס קאָן ער דען דערוואַרטן אין דער היים? ער וועט זיך מוזן סוף־סוף אַוועקזעצן בייַם טאַטנס ווערקשטעל און נייען סאַנדאַלן אָדער אַלטע כאָדאַקעס, אַ געבונ־דענער צום מאַשינדל פֿון פֿרימאָרגן ביזקל אָוונט, אַ פֿאַרמשפּטער ווי טאַטע־מאַמע צו האָרעוואַניע און נויט. אָבער וווּהין זאָל ער גיין? ווער וועט אים העלפֿן? ער פֿאַרמאָגט דאָך אפֿילו נישט ביי זיך קיין גראָשן אין קעשענע!

נחום האָט אַדורכגעשניטן דעם באַזאַר און זיך געלאָזן צו דער באַנסטאַציע. ער איז געווען מיד פֿון אַרומגיין, אין קאָפּ איז אים

געווען הייס, און סע האָט אים גענאָגט דער הונגער. ער האָט נישט געהאַט אין מויל זינט ער איז אַרויסגעלאָפן פון רעסטאָראַן אין מיטן איבערבייַסן. נחום איז אַרייַן אין וואָקזאַל און געטראַכט, אַז אפשר וועט אים געלינגען צו פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן בייַם אָפּטראָגן אַ פּעקל, און פון דעם וועט ער זיך קויפן עפּעס צום עסן.

אין גרויסן וואָקזאַל איז געווען שטיל און קיל. דאָ און דאָרט זייַנען געזעסן מענטשן אויף די בענק אַרום די ווענט און געוואַרט אויפן אָנקומענדיקן צוג. עס האָט זיך דערהערט דאָס צעצויגענע געוווי פון דער עלעקטרישער באַן, וואָס האָט זיך אַרייַנגעריסן אין דער סטאַציע. דער וואָקזאַל האָט מיט אַ מאָל אויפגעלעבט. נומערירטע טרעגערס האָבן זיך אַרויסגעלאָזן אויפן פּעראָן, כדי וואָס פריער צו כאַפּן עמעצן, וואָס נויטיקט זיך מען זאָל אים העלפן מיטן באַגאַזש. בייַם אַרויסגאַנג צום פּעראָן האָבן זיך אויסגעשטעלט אַ צאָל מענטשן, וואָס האָבן אָפּגעוואַרט די אָנקומענדיקע פון וואַרשע. עס האָבן אָנגעהויבן אַרויסקומען די פּאַסאַזשירן — ייִדן און ייִדענעס מיט קוישן און זעק, זומערדיק־געקליידטע לעטניקעס מיט וואַליזקעס און טעקעס אין די הענט. פרויען און קינדער האָבן דערפרייטע באַגעגנט די אָנגעקומענע מענער און טאַטעס; פּאָרטיערן אין קאָלירטע היטעלעך האָבן אויסגערופן בקול־רם די נעמען און מעלות פון זייערע פּענסיאָנאַטן.

אַ מיטל־יאָריקער מאַן מיט אַ קייַלעכיקן פּליך, אָנגעטון אין אַ געשפּריצטער זומער־מאַרינאַרקע, איז אָנגעקומען, טראָגנדיק אַ פאָטאָגראַפיר־קעסטל מיט אַ מעטאַלענעם געשטעל און אַ גרויסן פּאָרטפעל אין די הענט. ער האָט זיך אָפּגעקערט אין אַ זייַט, אַוועקגעשטעלט דעם באַגאַזש אויפן דיל און זיך אַרומגעקוקט. נחום האָט דערפילט, אַז ער האָט דאָ אַ שאַנס עפּעס צו פאַרדינען און זיך דערנענטערט צון אים.

,,ווילסט מיר העלפן טראָגן דאָס קעסטל?" האָט דער מאַן זיך פרייַנדלעך געוואָנדן צו נחומען. ,,כ׳בין אַ פּאָרטרעטן־פאָטאָגראַף פון וואַרשע. אַראָפּגעקומען אויף עטלעכע טעג אַהער. כ׳וועל דיר צאָלן דרייַ זלאָטעס אַ טאָג. נו גוט?"

,,זייער גוט!" האָט נחום אויסגערופן אַ דערפרייטער און אַ נעם געטון דאָס פאָטאָגראַפיר־קעסטל. ,,ס׳איז גאָרנישט שווער," האָט ער זיך געגרויסט.

,,ס׳איז שווער גענוג," האָט זיך דער פאָטאָגראַפירער גוטמוטיק צעלאַכט, ,,נאָר ס׳וועט דיר גאָרנישט שאַטן, האָסט יונגע

מוסקלען. איך האָב אויכעט גענוג צו טראָגן,״ האָט ער אָנגעוויזן אויפן פּאָרטרעטן־פּאָרטפּעל און דעם געשטעל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. „און איך בין שוין באַלד אַ פּופּציקער, כאַ־כאַ,״ האָט ער זיך ווידער צעלאַכט.

נחום האָט אַ נעם געטון דאָס קעסטל און צוזאַמען מיטן פּאָטאָגראַף זיך געלאָזן צום אַרויסגאַנג. זיי זײַנען געגאַנגען מיטן טראָטואַר לענג־אויס דעם באַנפּלאַץ, ווו די דראָשקע־אָנטרײַבער האָבן געוואַרט אויף אָנקומענדיקע פּאַסאַזשירן; אַדורך דעם באַנ־טונעל, און מיט די שטיינערנע שטיגן אַרויף אויף דער הויפּטגאַס. דאָ האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע, כּדי נחום זאָל זיך עפּעס קויפן צום עסן אין אַ דערבײַיִק געוועלבל.

אַ גאַנצן טאָג איז נחום אַרומגעגאַנגען מיטן פּאָטאָגראַפירער איבער ווײַטע, פּאַרוואָרפּענע גאַסן און געסלעך פון דער וויליע־געגנט פון שטאָט. אײַנגעטונקען אין גרינס פון זומערדיק־צעבליטע ביימער, זײַנען געשטאַנען די וווינהײַזער און פּענסיאָנאַטן, מיט צעעפנטע ווערענדעס און טעראַסן פול מיט געסט און לעטניקעס. דאָ און דאָרט זײַנען געשטאַנען איינשטאָקיקע הײַזער אַרומגעצוימט מיט דראָטענע פּאַרקאַנען, מיט גערטנדלעך און סטעזשקעס באַצירטע מיט פּילקאָליריקע בלומענבייטן. פון טייל צעעפנטע פענצטער האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון אַ פּיאַנע אָדער לײַכטע ראַדיאָ־מוזיק. דער פּאָטאָגראַפירער איז אַרײַנגעגאַנגען אין די הײַזער און אויף די ווערענדעס, זיך העפלעך פאַרנייגט פאַר די באַלעבאָסטעס, און אויף זײַן גוטמוטיקן אופן גענומען זיי אײַנריידן זיך צו מאַכן בילדער און פּאָרטרעטן. טייל האָבן אים גלײַך אָפּגעזאָגט; אַנדערע האָבן זיך געלאָזט צורעדן און געמאַכט באַשטעלונגען פון גרייטע פּאָטאָגראַפיעס אָדער געלאָזט זיך פּאָטאָגראַפירן אויפן אָרט.

נחום איז דערווײַל געבליבן זיצן אויף די ווערענדע־טרעפּ, אָדער אויף אַ באַנק אין שאָטן פון ביימער, און באַטראַכט די רחבות און עשירות פון אַרום. ווי אַנדערש איז דאָרטן, אויף זײַן היימישער גאַס, ווו מענטשן לעבן פאַרקלעמט אין ענגשאַפט, שמוץ און נויט! ווער עס אייביק אַזוי בלײַבן, די צעטיילונג אויף אָרעם און רײַך; מענטשן, וואָס לעבן פרײַ און זאָרגלאָז און אַנדערע, וואָס ראַנגלען זיך פאַרן טעגלעכן שטיקל ברויט? אויפן וועג מיטן פּאָטאָגראַף האָט נחום ביסלעכווײַז גענומען זיך אַראָפּרעדן פון האַרץ. ער האָט אים דערציילט וועגן זײַן אַוועקלויפן פון דער היים און אַרויסגעברענגט

זײַנע מחשבות וועגן דער אומגערעכטער צעטיילונג אויף אָרעם און רײַך.

„איז עס ריכטיק,‟ האָט ער זיך געהיצט, „אַז דאָ ווױנט מען אין רחבותדיקע ווילײעס און הײַזער, און דאָרטן, אין אונדזער געגנט, שטיקט מען זיך אין ענגשאַפט, אָרעמקייט און נויט?‟

דער פאָטאָגראַף האָט אויסגעהערט נחומען מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל.

„וואָס קאָכסטו זיך, ייִנגל?‟ האָט ער זיך אָנגערופן ווען נחום איז אַנטשוויגן געוואָרן. „וואָס זאָרגסטו פאַר דער גאַנצער וועלט? זאָרג בעסער פאַר זיך! דאָס לעבן איז אַזוי קורץ, און מען לעבט נאָר איין מאָל. האָב אַ ביסל הנאה! נעם עס נישט אַזוי ערנסט! גיי צוריק אַהיים, בעט זיך איבער מיטן טאַטן, לערן זיך אַ פאַך, העלף אַרויס אין רעסטאָראַן, וועט אײַך אַלעמען זײַן גרינגער. ס׳איז נישט כּדאי, ייִנגל, זיך צו בונטעווען. ס׳איז הכּל הבל, אַ פּוסטער חלום.‟

„אויב ס׳איז אַלץ אַ חלום,‟ האָט נחום אָפּאָנירט, „דאַרף מען חלומען שיין און דערהויבן, פאַרבונדן מיטן גרויסן אַלמענטשלעכן חלום וועגן אַ בעסערן מאָרגן פאַר אַלעמען.‟

פאַר נאַכט צו זײַנען ביידע, נחום און דער פאָטאָגראַף, צוריק־געקומען אין שטאָט אַרײַן צו דעם פאָטאָגראַפס אכסניה. דאָ האָט ער באַצאָלט נחומען זײַן לוין און אים באַשטעלט צו קומען אויף צו מאָרגנס.

„כ׳דאַרף דיך נאָך אויף איין טאָג. דערנאָך וועסטו צוריקגיין צום טאַטן און איר וועט ביידע אויפשטעלן אַ גרויסן וואַרשטאַט. מאָרגן אין דער פרי, פּינקטלעך אַכט אַ זייגער, וואַרט איך אויף דיר.‟

ס׳איז שוין געווען גוט טונקל ווען נחום איז צוגעקומען צום פלעצל פון די פורמאַנעס, אין פראָנט פון הויז וווּ ער האָט געוווינט. טראַכטנדיק אַ ווײַלע וואָס צו טון, האָט נחום דערזען פון דער ווײַטנס דעם בלאָנדן פײַוול אַרויסגיין פון טויער פון זײַן הויף. נחום האָט געקאָנט פײַוולען פון קינדווײַז אָן; קליינערהייט פלעגן זיי זיך אָפט שפּילן צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער אויפן הויף. פײַוול איז געווען עלטער פון נחומען מיט אַ צוויי־דרײַ יאָר און איז אויסגעוואַקסן אין אַ הויכן יונג מיט אַ קאָפּ בלאָנדע, גלאַנציקע האָר, פאַרקעמט אין אַ שרונט צו דער זײַט. געאַרבעט האָט ער ווי אַ שיקייִנגל אין אַן אַפּטייק, פאַרדינט צען זלאָטעס אַ וואָך, און געהאַלטן זיך סאָליד און ערנסט, ווי אַ דערוואַקסענער.

נחום האָט אַ פּאָכע געטון צו פּיַיוולען מיט דער האַנט און אים צוגערופן צו זיך.

„וואָס אַרבעטסטו מיט דער האַנט, ווי אַ שטומער?״ האָט פּיַיוול געפרעגט.

נחום האָט אים דערציילט וועגן זיַין אַוועקלויפן פון דער היים און דער אַרבעט מיטן פאָטאָגראַף.

כ׳ווייס אַלץ,״ האָט אים פּיַיוול איבערגעריסן מיט אַ קרום שמייכעלע. „דיַין מאַמע האָט דיך שוין אַרומגעזוכט און נאָכגע־פרעגט ביַי יעדן.״

„כ׳קאָן נישט אַהיימגיין, פּעלעק,״ האָט נחום טרויעריק געזאָגט.

„קאָנסט נישט גיין אַהיים, וועסטו נעכטיקן ביַי מיר אין קאַמער, מיט די קעץ באַנאַנד.״

„זאָל זיַין אַזוי, פּיַיוול, אַבי נישט אַהיימגיין.״

פּאַמעלעך האָבן נחום און פּיַיוול זיך אַריַינגעשליַיכט אין הויף אַריַין. אין אַ ווינקל, ביַים הויכן הילצערנעם פּלויט, זיַינען געשטאַנען צונויפגעדרענגט אַ צאָל קאַמערן מיט נידעריקע דעכלעך געדעקטע מיט סמאָלע־פּאַפּיר. נחום האָט צוגעוואַרט ביז פּיַיוול האָט אויפגעשלאָסן דאָס טירל פון קאַמער. אַ געדיכטע פינצטערניש האָט אים אַ שלאָג געטון פאַר די אויגן און אַ טוכלעקייט האָט געשפּאַרט אין די נאָזלעכער.

„דאָ וועט זיַין דיַין האָטעל־צימער,״ האָט פּיַיוול געחוזקט פון נחומען.

„פּאַרשליס מיך, פּיַיוול, כ׳בעט דיך. און מאָרגן גאַנץ פרי זאָלסטו נישט פאַרגעסן מיך אַרויסצולאָזן.״

„זאָלסט נישט האָבן קיין טענה צו מיר, ס׳איז דיַין פּאַרלאַנג. כ׳טו עס צוליב דיר,״ האָט פּיַיוול געזאָגט, אויסלייגנדיק אַ ברייט ברעט, וואָס איז געשטאַנען ביַי דער וואַנט, אויף צוויי געשטעלן, כדי נחום זאָל האָבן אויף וואָס זיך אַוועקצולייגן.

פּיַיוול איז אַרויס און פאַרשלאָסן נחומען אין קאַמער. נחום האָט זיך אויסגעצויגן אויפן ברעט און זיך איַינגעטוליעט אינעם דינעם זומעררעקל, וואָס ער האָט געטראָגן. אַ לאַנגע ציַיט איז ער געלעגן מיט צוגעמאַכטע אויגן, אַ דערשראָקענער און פאַרשטיינערטער. שפּעטער צו האָט ער גענומען זיך אַרומקוקן און

אונטערשיידן אין דער טונקלניש די אָנגעוואָרפענע זאַכן אין קאַמער. ערגעץ ווו, אין אַ צווייטן קאַמער, זײַנען קעץ אַרומגעשפּרונגען און געמיאַוקעט. באַלד איז ווידער געוואָרן אומהיימלעך־שטיל. נחום האָט נישט געקאָנט אײַנשלאָפן און געטראַכט וועגן זײַן מצב. האָט זיך געלוינט אַוועקצולויפן פון דער היים און מצער זײַן טאַטע־מאַמע? אָבער דער טאַטע טאָר אים נישט שלאָגן! ער מעג אים אויס־רעדן און מוסרן, אָבער נישט דערלאַנגען קיין פּעטש. און וואָס פאַר אַ פאַרברעכן איז ער באַגאַנגען? האָט ער עמעצן שלעכטס געטון דערמיט וואָס ער האָט נישט אָנגעטון די תפילין? ניין, ער האָט געמוזט פּראָטעסטירן, זיך קעגנשטעלן — איין מאָל פאַר אַלע מאָל! אָבער צוריק אַהיים וועט ער מוזן גיין. נישטאָ דערווײַל קיין אַנדער אויסוועג. ער דאַרף געפינען וואָס גיכער אַרבעט, אָנהייבן פאַרדינען, כּדי נישט דאַרפן אָנצוקומען צום טאַטן.

אַ מידער פונעם פּלאָנטער פון די אייגענע מחשבות איז נחום אײַנגעשלאָפן אויף דער האַרטער נאַרע. ווען ער איז אויפגעקומען האָבן שוין גרויע פאַסמעס ליכט זיך אַרײַנגעריסן דורך די שפּאַרעס און באַלויכטן דעם קאַמער. נחום איז אַראָפּ פון געלעגער, זיך אויסגעגלײַכט און צענומען דאָס געשטעל. פײַוול איז אַראָפּגע־קומען, געעפנט דאָס טירל און געפרעגט:

„לעבסט נאָך, נחום?"

„יאָ. . . אין געהאַקטע צרות. . ."

„וועסט קומען בײַ נאַכט ווידער?"

„יאָ, פײַוול. וואַרט אויף מיר אין דרויסן, בײַם פּלומפּ. ניין אַ זייגער אין אָוונט."

נחום איז אַרויס פון קאַמער, אײַנגעאָטעמט די פרימאָרגנדיקע לופט און זיך אַרומגעקוקט איבערן הויף צי מען זעט אים נישט. דערנאָך האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט דורכן טויער אויף דער גאַס. דאָ האָט אים דערזען דער אַלטער כאָראָנזשיק, וואָס האָט געקערט מיט אַ לאַנגן בעזעם דעם טראָטואַר בײַם אַרײַנגאַנג. דער סטרוזש האָט זיך איבערגעצלמט און אויסגערופן:

„דאָס ביסטו, פּאַניטש?! די מאַמע זוכט דיך אַרום!"

נחום האָט נישט געענטפערט און אַ שפּרײַז געטון פאָרויס צום בעל־עגלה־פּלעצל, וואָס ווײַטער פון היימישן הויף. פון דאָרט איז ער אַרײַן אין באַזאַר, זיך אָפּגעוואַשן די הענט מיטן פּנים בײַ דעם פּלומפּ, נעבן די פישער־געשטעלן. דערנאָך איז ער אַרײַן אין אַ קרעמל און זיך געקויפט צוויי פרישע זעמל מיט פּוטער און אַ הייס גלאָז טיי.

אָפּגעגעסן אויף גיך דעם פרישטיק, איז נחום אַוועק מיט אײַליקע טריט צו דער אכסניה פון פאָטאָגראַף, וואָס האָט שוין געוואַרט אויף אים אויף דער וועראַנדע פון הויז. ביידע האָבן זיי אַ נעם געטון די פאָטאָגראַפיר־כּלים און זיך געלאָזן מיט דער הויפּטגאַס קיין שרודבאָרוּוו.

שרודבאָרוּוו איז געווען אַ נײַער יִישוב, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין משך פון די לעצטע יאָרן אַרום דער באַנסטאַציע, עטלעכע קילאָמעטער דרום פון אָטוואָצק. אין קעגנזאַץ צו אָטוואָצק, וואָס איז געווען אײַנגעהילט אין שאָטן פון ביימער, איז שרודבאָרוּוו געלעגן אָפן, צווישן שיטערע וועלדלעך, געבאָדן אין אַ ים פון זון און ליכט. פאַרמעגלעכע סוחרים און באַאַמטע האָבן דאָ אויסגעבויט איינשטאָקיקע הײַזער, אַרומגעצוימט מיט געפלאָכטענע דראָט־פּאַרקאַנען. וואַרשעווער גבירים און אינדוסטריאַליסטן האָבן אויפגעשטעלט זומער־פּאַלאַצלעך מיט פלאַכע דעכער און טעראַסן, לויט דער נײַסטער בוימאָדע. צו דעם זײַנען צוגעקומען אַ צאָל נײַע פּענסיאָנאַטן און קוריר־הײַזער מיט די סאַמע מאָדערנע אײַנריכטונגען און באַקוועמלעכקייטן. שרודבאָרוּוו האָט גענומען אָניאָגן און איבערשטײַגן אָטוואָצק ווי אַ קוראָרט און אַ סך אָטוואָצקער יִידן האָבן זיך געלאָזן אַהין צו געפינען דאָרטן זייער חיונה.

אַ גאַנצן טאָג האָט נחום באַגלייט דעם וואַרשעווער פאָטאָגראַף איבער די גאַסן און געסלעך פון שרודבאָרוּוו. דער טאָג איז געווען אַ זוניק־קלאָרער און די אָפענע טעראַסן פון די האָטעלן און פּענסיאָנאַטן האָבן זיך געבאָדן אין אַ ים פון ליכט. אַרום קײַלעכיקע טישן, אונטער גרויסע, קאָלירטע זונשירעמס, זײַנען געזעסן מענער און פרויען אין לײַכט־זומערדיקער קליידונג און געשפּילט אין קאָרטן. קעלנערס אין ווײַסע בגדים האָבן זיך געאײַלט מיט זילבערנע טאַצן מיט כּלערליי געטראַנקען און פאַרבײַסנס. אויף אַספּאַלטירטע שפּילפּלעצער, נישט ווײַט פון די געביידעס, זײַנען יונגע־לײַט און מיידלעך, אַלע אין ווײַסקלאָרע גימנאַסטישע העמדלעך און הייזלעך, געלאָפן און אונטערגעשפּרונגען מיט טעניס ראַקעטעס, אַרײַנגעטוענע בלב־ונפש אין דער שפּיל. פון אָפענע פענצטער האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון לײַכטער מוזיק, וואָס האָבן זיך האַרמאָניזירט מיטן זוניקן, לעבנסלוסטיקן אַרום.

נחום איז געשטאַנען אַ פאַרגאַפטער אין אָנבליק פון דער פאַרשווענדערישער רײַכקייט אַרום אים. ער האָט באַוווּנדערט די ווײַסע געבײַדעס, די פּאַראַדנע אַרײַנגענג מיט מונדירטע פאָרטיערן און

לאַקייען, און די געסט, אויסגעזעצטע און צעלייגטע אויף די טעראַסן און באַלקאָנען און אין די גערעמע צימערן און זאַלן. ווידער האָט ער געטראַכט וועגן דער ענגשאַפט און אָרעמקייט פון שווידערסקע גאַס, וועגן זײַן טאַטע־מאַמע און הויזגעזינד, וואָס שטיקן זיך אַלע אין דעם איינצלנעם צימער הינטערן רעסטאָראַנדל. און זיי, זײַן משפחה, זײַנען דאָך נישט פון די אָרעמסטע; זיי האָבן כאָטש עסן צו דער זעט, בעת אַנדערע אין יענער געגנט הונגערן אָפט צו און לײַדן נויט און קעלט. און פאַר וואָס אַזאַ אומגלײַכקייט, אַזאַ אומגערעכטיקייט?!

נחום איז געשטאַנען אַ מבולבלער און נישט געוווּסט, צי זאָל ער באַוווּנדערן די אַרומיקע שיינקייט און זיך פרייען, וואָס מענטשן לעבן אַזוי באַקוועם און גוט, אָדער זיך לאָזן באַהערשן פון די געפילן פון קנאה און ביטערניש, וואָס שפּאַרן אין אים. נחום האָט זיך דער־מאָנט אַ וויכּוח, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט מיט משה געלמאַן, וועלכער האָט אַלע מאָל גערעדט מיט גאַל און האַס וועגן די רײַכע. וואָלט די רעוואָלוציע געקומען, וואָלט ער, משה, קיין רחמנות נישט געהאַט אויף די בורזשויען. אפילו ווען מען עפנט זייערע בײַכער און מען טרייבערט זייערע אָדערן, וואָלט עס אים נישט געאַרט. נחום האָט אָפּאָנירט און אויפגעוויזן, אַז אומזיסטע בלוט־פאַרגיסונג איז נישט בלויז אומעטיש, נאָר אויך געפערלעך פאַר דער רעוואָלוציע, וואָס קאָן גיך דעגענערירן אין אַ ממשלה פון טעראָר, ווי בעת דער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע. מען דאַרף באַקעמפן, האָט נחום געטענהט, די אומיושרדיקע אָרדענונג און די וואָס שטעלן זיך איין פאַר איר, אָבער נישט סתם מענטשן, וואָס דער גורל האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלן געבוירן ווערן צווישן די באַזיצנדיקע.

פאַר נאַכט איז דער פאָטאָגראַף אַרײַן מיט נחומען אין אַ גערעלבל עפּעס איבערצובײַסן און נאָך דעם האָבן זיי זיך געלאָזן מיט דער באַן קיין אָטוואָצק. פון וואָקזאַל זײַנען זיי ווידער אַוועק אין האָטעלכל, ווו דער פאָטאָגראַף איז אײַנגעשטאַנען, און זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען אויף דער וועראַנדע. דאָ האָט דער פאָטאָגראַף גענומען פאָטערלעך מוסרן נחומען:

„הער זיך אײַן, מײַן ייִנגל. כ׳זע אַז ביסט גאַנץ פאַרשטענדלעך און אינטעליגענט, פאַרוואָס זשע פּטרסטו דײַנע יונגע יאָרן מיט גאָרנישט?" נחום האָט פּרובירט אײַנווענדן, אָבער דער פאָטאָגראַף האָט אים אומגעדולדיק איבערגעריסן:

„לערן זיך אויס אויסצוהערן, וואָס אַן עלטערער מענטש זאָגט. כ׳ווייס אַלץ וואָס גייסט מיר זאָגן און אַלץ וואָס דו לייענסט פון די

ביכער קאָן איך אויף אויסנווייניק. כאָטש כ׳בין אַ פרעמדער, מיין איך דייַן גוטס און מוז דיך דעריבער וואָרענען, אַז דו גייסט אויף אַ פאַלשן וועג. נאָר איין לעבן איז דעם מענטש געגעבן געוואָרן און דו פטרסט עס אַוועק, לערנסט זיך נישט קיין פאַך, נאָר האַוועסט אַרום אַ פאַרנומענער מיט וועלט־פאַרזאָרגעריי. וואָס וועסטו טון, ווען וועסט אונטערוואַקסן און דאַרפן זאָרגן פאַר זיך אָדער אויסהאַלטן אַ משפחה?״ נחום האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן פילנדיק, אַז אין דעם פרעמדנס רייד איז פאַראַן אַ סך אמת.

אין גיכן זייַנען ביידע, דער פאָטאָגראַף און נחום, אַוועק צו דער באַנסטאַציע. דער פאָטאָגראַף האָט באַצאָלט נחומען פאַרן טאָג און זיך געזעגנט מיט אים.

,,וועסט גיין אַהיים צום טאַטן, בונטאָווטשיק?״ האָט ער נחומען דערמאָנט.

,,יאָ, כ׳זאָג אייַך צו, אויף אַן אמת.״

דער צוג איז אָנגעקומען און דער פאָטאָגראַף איז אַרויף אויפן פעראָן.

,,געדענק מייַנע רייד, ייִנגל,״ האָט ער אַ זאָג געטון בעתן אַוועקגיין.

אַ שטיקל צייַט האָט נחום זיך אַרומגעדרייט אינעם וואָקזאַל און געטראַכט וואָס צו טון, צי זאָל ער צוריקגיין אַהיים אָדער אָפּשלעפּן דעם ברוגז אויף נאָך אַ טאָג. עס האָט זיך באַוויזן אין זאַל אַ פּאָליציאַנט און זיך גענומען אַרומקוקן, צי ס׳זייַנען דאָ נישט פאַראַן קיין סתם ליידיקגייער און שלעפּערס, וואָס מאַכן דעם וואָקזאַל פאַר זייער מקום. נחום איז אַרויס אין דרויסן און זיך געלאָזן פּאַמעלעך גיין צום פלעצל בייַם פלומפּ, ווו ער האָט זיך געהאַט באַשטימט מיט פּייַוולען. אין מיטן פלעצל האָט שוין פּייַוול געוואַרט אויף אים.

,,כ׳האַלט וואָרט. כ׳האָב דיר צוגעזאָגט — וואַרט איך.״ האָט פּייַוול זיך געגרויסט.

,,האָט מייַן מאַמע מיך ווידער אַרומגעזוכט?״ האָט נחום פאַרזאָרגט געפרעגט.

,,אָ, זי ווייסט שוין אַלץ,״ האָט זיך פּייַוול צעלאַכט. ,,דער סטרוזש האָט דיך געזען אַרויסגיין אין דער פרי. מען האָט איר אויך צוגעטראָגן, אַז דו גייסט אַרום מיט אַ פאָטאָגראַפיסט אויף יענער זייַט באַן. נו, ווילסט ווידער גיין אין קאַמער אַרייַן?״

,,יאָ,״ האָט זיך נחומען אַרויסגעריסן דאָס וואָרט פון מויל,

טראָץ דעם וואָס ער האָט שוין געהאַט אָפּגעמאַכט נאָך היינט אַהיימ־צוגיין. ,,נאָך די איינע נאַכט. מאָרגן וועל איך גיין אין שטוב אַריין.״

,,געדענק, כ׳וועל דיך מער נישט אַריינלאָזן,״ האָט אים פּייוול געוואָרנט. ,,דיין מאַמע וועט נאָך אויסגעפינען און האָבן צו מיר טענות.״

,,בלויז די נאַכט, פּייוול!״ האָט זיך נחום געבעטן. ,,כ׳שעם זיך צוריקצוקומען. אין דער פרי וועט זיין גרינגער דאָס צו טון.״

נחום און פּייוול האָבן זיך ווידער אַריינגעשאַרט אין הויף אַריין צו די קאַמערן. פּייוול האָט אויפגעשלאָסן דאָס טירל און אָנגעוויזן נחומען אויף דער אויפגעשטעלטער נאַרע.

,,כ׳האָב דיר צוגעגרייט ס׳געלעגער און אַן אַלטן פּאַלטן, ס׳זאָל דיר וואַרעמער זיין. וואָס נאָך זאָל איך טון? מ׳יט אַ מיידל דיך באַזאָרגן?״

לאַנגע שעהען האָט נחום זיך געקערט פון איין זייט אויף דער צווייטער, אַ פאַרטוליעטער אין פּייוולס פּאַלטן, און נישט געקאָנט איינשלאָפן. אין קאָפּ האָבן זיך אים געבאָמבלט פאַרשיידענע רעיונות און דערמאָנונגען. אָט איז ער אין דאָרף ביי דער באָבע חנה. ער איז נאָך אַ חדר־יינגל ביי יאַנקל מינסקער, געקומען אויף שבועות צו דער באָבע און פעטער אין דאָרף אַריין. די באָבע שטעלט אים אַוועק אויף אַ בענקל, אַרום שטייען שכנים, דאָרפסיידן און יידענעס, וואָס זיינען אַריינגעקומען הערן ווי נחום זינגט אויס פון אויסנווייניק דעם שבועותדיקן אקדמות. די באָבע און די שכנים קוועלן, קנייפּן אים אין בעקל און דערלאַנגען אים צוקערקעס און אויפּס, נאָר ער, אַ פאַרשעמטער, לויפט אַרויס פאַר דער טיר צו קוקן אויף די געקעסטלטע פעלדער מיט תבואה און געוויקסן אין אַלערליי קאָלירן. ווי יונג ער איז דעמאָלט געווען, און אַ סך פריילעכער און גליקלעכער ווי אַצינדערט. . .

אין דרויסן האָט גענומען קאַפּען אַ רעגן און אַריינגעדרונגען דורכן צעלעכערטן דאַך אין קאַמער אַריין. נחום האָט פאַרוואָרפן דעם פּאַלטן איבערן קאָפּ צו באַשיצן זיך פון רעגן און קעלט. אַ רחמנות האָט אים דורכגענומען אויף זיך אַליין, אויף זיין יונג און שווער לעבן. ער האָט געדענקט די רייד פון פּאָטאָגראַף און באַשלאָסן, אַז מאָרגן וועט ער זיך אומקערן אַהיים. עס איז נאַריש זיך אַזוי אַרומצושלעפּן און אָנטון בזיונות און עגמת־נפש טאַטע־מאַמע. ער מוז זיך איבערבעטן מיטן טאַטן, זיך זעצן אַרבעטן און אים אַרויסהעלפן, אַזוי ווי דער מאַן פון וואַרשע האָט אים געראָטן.

פאַר טאָג איז נחום אַרויס פון קאַמער אַן אויסגעמאַטערטער מיטן באַשלוס מער אַהער נישט צוריקצוקומען. אָבער ווי קאָן ער זיך ווייַזן אין אַזאַ מעמד? און ווי קאָן ער סתם אַזוי אַרייַנקומען אין שטוב, ווי ס׳וואָלט גאָרנישט געשען? ער מוז עס אָפּלייגן אויף שפּעטער, ווען ער וועט קומען אַ ביסל צו זיך נאָך דער נאַכט אין פינצטערן קאַמער. דערווייַל וועט ער ווידער צוגיין אין באַזאַר זיך אַרומוואַשן און נעמען עפּעס אין מויל אַרייַן.

ס׳איז געווען פרייַטיק אין דער פרי און דער וועכנטלעכער מאַרק אין און אַרום דעם באַזאַר האָט זיך געשטעלט. אַרום האָט געווימלט מיט אָנגעפּאָרענע פויערים, וואָס זייַנען געקומען פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן און אייַנקויפן זיך דאָס נייטיקע אין שטאָט. ייִדן, שפּייַזקרעמער, תבואה־הענדלער און סתם באַלעבאָסטעס, האָבן זיך געדרענגט אַרום די פורן מיט אויפּס און קאַרטאָפל, אָדער געטאַפּט די הינטער־חלקים פון די עופות און געדונגען זיך מיט די פויערים איבערן מקח. בייַ איין וואָגן האָט נחום דערזען זייַן מאַמע, ווי זי איז געשטאַנען אומגעקערט מיטן פּנים צו דער פור און אונטערגעהאַנדלט מיט דער פויערטע אויפן וואָגן. איטע איז געווען אָנגעטון אין אַ געקעסטלט קליידל, איבער וועלכן ס׳זייַנען לויז אַראָפּגעהאָנגען אירע לאַנגע גאָלד־בלאָנדע האָר. אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ קוישל, וואָס איז שוין געווען כּמעט פול מיטן אייַנגעקויפטן עסנוואַרג און פרוכטן. אַ גרויס רחמנות אויף דער מאַמען האָט אים דורכגענומען. דאָס איז דאָך זייַן לייַבלעכע מאַמע, וואָס האָט אים געבוירן און געהאָדעוועט, באַשירעמט פון יעדן בייז און אָפּגעהיטן מער ווי דאָס אייגענע לעבן. און מיט וואָס צאָלט ער איר אָפּ? טרערן זייַנען אים געקומען אין די אויגן; ער האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן און געלאָזט זיי רינען איבער די באַקן. ווי אַ צוגעשמידטער איז ער געשטאַנען אויפן אָרט און נישט געקאָנט אַוועקגיין. פּלוצעם האָט איטע זיך אויסגעדרייט און דערזען נחומען.

„נחומל מייַן קינד!“ האָט זי אויסגעשריגן.

נחום איז צוגעפאַלן צו דער מאַמען, זיך געטוליעט צו איר און, שטיקנדיק די טרערן, געשטאַמלט:

„זייַ מיר מוחל, מאַמע!“

„קום אַהיים, נחום. וואָס טוט זיך מיט דיר?“ האָט די מאַמע זיך געבעטן. „ווּ וואַלגערסטו זיך אַרום?... דער טאַטע וועט דיך מער נישט שלאָגן.“

איטע האָט אָנגענומען נחומען בייַ דער האַנט און אים געפירט

ווי אַ קינד אין שטוב אַרײַן. דאָ האָבן די שוועסטערלעך אַרומגערינגלט נחומען און געקוקט אויף אים מיט נײַגער און מורא. בלויז דאָס ברודערל, גאָדעלע, האָט זיך צוגערוקט צו אים און מיט אַ קונדסיש שמייכעלע געפרעגט:

„ווי ביסטי דיוועז אַזוי לאַנד? אַלע האָבן דיך אַרומדיזיכט.״

איטע האָט דערלאַנגט נחומען אַ גלאָז הייסע טיי מיט אַ פּריש זעמעלע. דערנאָך האָט זי צו רעכט געמאַכט דאָס געלעגער אין ווינקל בײַם פענצטער און געהייסן די קינדער אַרויסגיין אויפן הויף, כּדי נחום זאָל זיך צולעגן. נחום האָט אַראָפּגעוואָרפן די שיך, אויסגעצויגן דעם מידן גוף אויפן היימישן בעט און גלײַך אײַנגעשלאָפן.

איטע איז געבליבן שטיין אין צווייטן ווינקל, בײַם קיך, זיך אײַנגעהערט אין דעם אָטעמען פון נחומען און אָן ווערטער מתפּלל געווען צום פאָטער אין הימל, ער זאָל באַשיצן איר זון פון אַלעם בייזן און אָפּקערן זײַן האַרץ פון די פרעמדע וועגן אויף וועלכע ער האָט זיך געלאָזן.

# אין יוגנט־פֿאַרבאַנד

שוויַיגנדיק האָט נחום זיך אַוועקגעזעצט בײַ דער ניימאַשין אין דער הינטערשטוב און גענומען אַרויסהעלפֿן דעם טאַטן אין דער אַרבעט. משה־אברהם האָט דערלאַנגט נחומען עטלעכע פּעקעלעך צוגעשניטענע טיילן פֿון זומער־סאַנדאַלן און אין געציילטע ווערטער אים אָנגעוויזן ווי אַזוי זיי צונויפֿצושטעלן. נחום איז געווען צופֿרידן, וואָס דער טאַטע רעדט צו אים און טראַקטירט אים ווי אַ דערוואַקסענעם. ער האָט זיך גלײַך גענומען מיט התמדה צו דער אַרבעט און נישט אָפּגעטראָטן פֿון מאַשינטישל דעם גאַנצן טאָג. פֿאַר נאַכט, ווען סע האָבן גענומען אַרײַנקומען מער מענטשן אין רעסטאָראַן, האָט משה־אברהם זיך אָפּגעריסן פֿון וואַרשטאַטל, אָנגעטון אַ ווײַסע קעלנערשע מאַרינאַרקע, און אַריבער אין געוועלב צוהעלפֿן דעם ווײַב באַדינען די געסט.

אויך נחום איז מער נישט געבליבן זיצן בײַם מאַשינדל. די הענט האָבן אים ווײי געטון פֿון בייגן און ציען דאָס האַרטע סאַנדאַלן־לעדער און זײַנע אויגן זײַנען געווען אָנגעשטרענגט פֿון כּסדרדיקן נאָכפֿאָלגן דעם נאָדלשטאָך. חוץ דעם האָט ער נישט פֿאַרגעסן, אַז ער האָט אין אָוונט אַ צונויפֿקום פֿון אומלעגאַלן קאָמוניסטישן יוגנט־פֿאַרבאַנד, אין וועלכן משה געלמאַן האָט אים אַרײַנגעצויגן גלײַך נאָכן ענדיקן די שולע. נחום האָט שוין אָנטיילגענומען אין עטלעכע אַזוינע געהיימע טרעפֿונגען און מען האָט אים בײַם לעצטן מאָל אפֿילו באַשטימט צו זײַן דער סעקרעטאַר פֿונעם קרײַזל.

אין דער אמתן וואָלט ער הײַנט דווקא נישט געגאַנגען אַהין, ווײַל ער איז מיד פֿון טאָג אַרבעט און פֿון אַלץ, וואָס ער האָט לעצטנס אַדורכגעמאַכט, בעת זײַן אַוועקלויפֿן פֿון דער היים. אָבער ווי קאָן ער

נישט גיין ? אַ קאָמיוגיסט מוז זײַן שטאַרק און דיסציפּלינירט ! דווקא הײַנט דאַרף קומען אַ פאָרשטייער פון ראַיאָן־קאָמיטעט פון פאַרבאַנד, איז ווי קאָן ער, דער סעקרעטאַר פון קרײַז, בלײַבן אין דער היים ? מען דאַרף זיך צואײַלן, ווײַל באַלד וועט משה קומען נאָך אים.

נחום האָט זיך אויף גיך אַרומגעוואַשן, אָנגעטון אַ פריש העמדל און אַרײַן אין רעסטאָראַן אָפּעסן. ער האָט דערזען דורכן שוי־פענצטער משהס שוואַרצע טשופּרינע און זײַן מאָנענדיקן בליק, וואָס האָט גערופן:

,,אַנו, ווי ביסטו, קאָמפּאָט־עסער ?״

באַלד איז נחום געווען בײַ משהס זײַט און בײדע האָבן זיך געלאָזט גיין. בײַם ראָג איז זײ אַקעגנגעקומען דוד טאַדאָווניק, נחומס אַ חבר פון זיבעטן קלאַס. דוד איז געווען אַ זון פון אַ פאַרמעגלעכן שלאָסער, וואָס האָט, צוזאַמען מיט אַ שותף, געהאַט אַ געמויערט הויז מיט אַן אײַזנוואַרג־געשעפט און שלאָסערײַ אויפן פאַרטער, און געראַמע ווױן־צימערן אויפן אויבערשטן שטאָק. אַהין פלעגט נחום אָפט קומען אין די נאָכמיטאָג־שעהען, צו מאַכן צוזאַמען מיט דודן די לעקציעס.

,,לאָמיר אים מיטנעמען, משה,״ האָט נחום אין דער שטיל אַ זאָג געטון. ,,כ׳האָב שוין מיט אים גערעדט. . . ס׳איז אויף אַ וועג...״

,,לאָז אים צו רו,״ האָט משה דערווידערט, ,,אַ בורזשואיסקע זינדל. נישט קיין מאַטעריאַל פאַר אונדזערטוועגן. . .״

דוד איז צוגעקומען און זיך באַגריסט : ,,סערוואָס, חברים. קאָן מען מיטגיין ?״

,,אויב דו האָסט חשק, קום. ווייסט וווהין מיר גייען. . . כ׳האָב גערעדט מיט דיר דערוועגן. . .״, האָט נחום אים פאָרזיכטיק אויפגעקלערט.

,,גוט. כ׳גיי מיט,״ האָט דוד נישט־זיכער געזאָגט.

,,זאָלסט נאָר קיין מורא נישט האָבן. . . נישט מאַכן אין די הויזן,״ האָט אים משה געוואָרנט.

,,ווער האָט מורא ?״ האָט זיך דוד פאַררויטלט. ,,נישט איך.״

זאַלבעדריט האָבן זיי זיך געלאָזן לענג־אויס דעם באַזאַרוועג, פאַרקירעוועט דערנאָך אויף לינקס און אַרײַן אין אַ ברייטער, וואַלדיקער גאַס, וואָס האָט געפירט אַרויף צו, צום טרעפפונקט אין שטאָטישן פאַרק.

אין פאַרק איז געווען שטיל און געמיטלעך. די יונגע פּריש־פאַרפלאַנצטע ביימלעך האָבן געשפרייט זייערע דינע צווײַגן איבערן

טונקעלן, סאַמעטענעם גראָז. פון דער ווײַטנס, פון דער באַלויכטענער קאַסינאָ־געבײַדע אין פראָנט פון פאַרק, האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען פון מוזיק, וואָס זײַנען פאַרלוירן געגאַנגען אין דער שטילקייט פון אַרום. און איבער אַלעם איז געווען אויסגעשפּרייט אַ קלאָר־בלאָער הימל, מיט די ערשטע אָנגעצונדענע שטערן, וואָס האָבן געמיניעט און געפינקלט אינעם וואַסערפלאַך פון דער סאַזשלקע אין מיטן פאַרק. ווײַטער צו, נאָך דער סאַזשלקע, איז געשטאַנען דער פילסודסקי־מאָנומענט — אַ מאַסיווער שטיינבלאָק מיט אַ בראָנ־דזענעם פלאַכן ביוסט פון מאַרשאַל אין צענטער. אַרום דעם מאָנו־מענט האָבן זיך געשפּרייט אין אַ האַלבראָד רויזנבייטן און הינטער זיי אַ וואַקסנדיקער פּלויט פון יונגע ביימלעך מיט צונויפגעפלאָכטענע צווײַגן און בלעטערוואַרג. אויף אַ באַנק הינטער דעם צווײַגנפּלויט, זײַנען געזעסן צונויפגערוקט פינעף בחורים און אַ מיידל — אַלע מיטגלידער פון קרײַז — און געוואַרט אויף נחומען און משהן.

רוזשקע, דאָס מיידל, וואָס איז געזעסן אײַנגעדרענגט צווישן צוויי בחורים, האָט אַ שאָקל געטון מיט איר בלאָנדן קאָפּ און אויסגערופן לאַכנדיק:

,,ברוך הבא, דער סעקרעטאַר איז דאָ!״

פון רוזשקעס רעכטער זײַט איז געזעסן יוסף קרול, דער סעקרעטאַר פון דער יוגנט־סעקציע בײַם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, און פון דער לינקער — דער געלער סרוליק, אַ הויכער, דאַרער בחור מיט אַ געדיכט־געלער טשופּרינע און אַ שפּיציקער נאָז אויף די אײַנ־געפאַלענע באַקן, דער העלד פון דער לינקער יוגנט אין שטאָט. אַ פײַערדיקער רעדנער און פאָלעמיקער, שאַרף און פלינק ווי קוועקזילבער, איז ער אָפּט אַרויסגעטראָטן אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און אומלעגאַלע צונויפקומען נישט בלויז אין שטאָט, נאָר אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, און אַלע מאָל באַוויזן זיך אַרויסצודרייען פון די לויערנדיקע הענט פון די געהיים־אַגענטן און דער פאָליציי.

בײַם עק פון דער באַנק זײַנען געזעסן פיניע צוקערקאָפּ און מנחם קאַנטאָר, אַ קליינטשיקער, מיט אַ קײַלעכיק פּנימל פול מיט זומער שפּרענקלעך. פיניע איז געזעסן מיט אַן אָפן בוך און בײַם שײַן פון דערבײַיִקן לאַמטערן געווען פאַרטיפט אין לייענען. אַזוי פלעגט ער זיך תמיד פירן, אין די מיטאָג־שעהען בײַ דער אַרבעט אָדער אויף פאַרזאַמלונגען אין פאַראיין — שטענדיק מיט אַ בוך אין האַנט, בלעטערנדיק און אַרײַנקוקנדיק אין אים בײַ יעדער געלעגנהייט.

„פּיניע, וואָס לייענסטו?״ האָט אים רוזשקע פּאַרטשעפּעט.

„מסתמא דעם צענטן באַנד פון זשאַן קרישטאָף,״ האָט אָפּגע־ענטפערט פון עק באַנק חיימל, רוזשקעס יונגערער ברודער. „פּיניע רירט זיך נישט אָן ראָמען ראָלאַנד.״ חיימל האָט געהאַט בלאָנדע, קורץ־געשוירענע האָר און אַ רונדיק, קלאָר פּנים פון אַ מלאכל. געוווינט האָבן ער און רוזשקע אין אַן אויסגעווייַסט שטיבל אויף קאַרטשעווער גאַס, וווהין נחום פלעגט טייל מאָל אַרייַנקומען מאַכן לעקציעס אָדער פאַרברענגען מיט חיימען, זייַן שול־חבר. זייער פאָטער, פון פאַך אַ שטובן־מאַלער, פלעגט אָפּט זיך צוזעצן צו די קינדער, אייַנזינגען מיט זיי ייִדישע פאָלקסלידער אָדער אָנטיילנעמען אין די פּאָליטישע דיסקוסיעס, וואָס די יונגע האָבן געפירט. ער איז געווען אַ ראַדיקאַל־געשטימטער אַרבעטער, וואָס האָט דערצויגן זייַנע קינדער אין דעם זעלבן גייסט, און מעגלעך, אַז ער האָט אפילו געוווּסט, אַז זיי געהערן צום אומלעגאַלן יוגנט־פאַרבאַנד.

משה געלמאַן האָט זיך צוגעזעצט אויפן גראָז נעבן רוזשקעס פיס. „רוזשקע געהערט צו אַלעמען,״ האָט ער זיך געוויצלט.

„רוק זיך אָפּ, שוואַרצער אָגער,״ האָט רוזשקע פּראָטעסטירט. „כ׳געהער צו קיינעם נישט.״

„אַז איך בין אַן אָגער, ביסטו אַ קאָבילע,״ איז איר משה נישט שולדיק געבליבן.

„נו, שטיל זאָל זייַן!״ האָט זיי סרוליק באַרוּיקט. „אָט גייט שוין לעאָן אויכעט. זעט ווי ער קאַטשעט זיך אויף די צוויי קורצע פיס.״

אַלע האָבן אויפגעהויבן די קעפּ און דערקענט פון דער ווייַטנס לעאָנען, וואָס האָט געשפּרייַזט גיך־גיך, וויגנדיק זייַן פולן גוף און די געדיכטע טשופּרינע.

„מאַכטס אַ וואַרע, לענין קומט,״ האָט חיימל געחוזקט.

לעאָן איז צוגעקומען, זיך באַגריסט מיט אַלע און אַרומגעקוקט זיך אויף אַלע זייַטן, צי מען זעט נישט ערגעץ קיין פרעמדן.

„נו מען קאָן אָנהייבן,״ האָט משה אונטערגעאייַלט.

„אַ ביסעלע מער פאָרזיכטיקייט, חברים,״ האָט לעאָן אַלעמען געמוסרט. „אָט באַלד שליסט מען דעם פּאַרק און דער שומר וועט אונדז אַרויסטרייַבן. מעגלעך, אַז ער קאָן שוין טייל פון אונדז און קאָן דערטראָגן ווו מען דאַרף נישט. לאָמיר אַריבערגיין אין וועלדל הינטערן פּאַרק. דאָרט איז זיכערער.״

אין צווייען האָבן אַלע זיך אַרויסגעשלייַכט פון פּאַרק. נחום איז

געגאַנגען מיט דודן ביַי דער זײַט און אים צוגעגעבן קוראַזש אין דער שטיל:

„האָב נישט קיין מורא, דוד. ס׳וועט דיר גאָרנישט געשען. ס׳איז ס׳ערשטע מאָל. . . מען געוויינט זיך צו. . .״

„כ׳וויל נישט מער קומען אַהער,״ האָט דוד אין שרעק געפּליסטערט.

„זײַ נישט קיין שוטה! מען וועט לאַכן פון דיר,״ האָט נחום אין דער שטיל געענטפערט און אַ נעם געטון דודן ביַי דער האַנט, מעשׂה גרויסער.

נחום האָט גערן געהאַט דודן און זיך אָפּגעגעבן מיט אים, כאָטש ס׳האָט זיי אָפּגעטיילט דער סאָציאַלער שטאַנד — דודס טאַטע איז געווען פון די איינצלנע פאַרמעגלעכע ייִדן, וואָס שווידערסקע גאַס האָט פאַרמאָגט. דוד איז אַ ריינע, ערלעכע נשמה, האָט נחום געטראַכט, און ער קלעפּט זיך צו מיר ווי צו אַן עלטערן ברודער, ווי זשע קאָן מען אים נישט מקרב זײַן?

אַרויס פון פאַרק איז די גרופּע אַריבער דעם שאָסיי און פאַר־קראָכן טיפער אין וועלדל אַרײַן. דאָרטן, צווישן שיטערע ביימלעך, האָט מען זיך אויסגעזעצט אין אַ האַלבראָד אויפן גראָז און אָנגעהויבן די פאָרמעלע טייל פון צונויפקום. משה געלמאַן האָט געעפנט און געגעבן דאָס וואָרט נחומען, ער זאָל באַריכטן וועגן דער טעטיקייט פונעם קרייז.

„כאָטש די גרופּע איז געשאַפן געוואָרן קוים מיט עטלעכע וואָכן צוריק,״ האָט נחום איבערגעגעבן, „האָט זיך שוין איַינגעשטעלט אַ רעגולערע אַרבעט. יעדע וואָך קומען פאָר טרעפונגען, אויף וועלכע חברים גרייטן צו פּרעסע־איבערזיכטן וועגן די לויפנדיקע פּאָליטישע געשעענישן אין לאַנד און אויף דער וועלט. חוץ דעם, האַלט חבר לעאָן, דער אינסטרוקטאָר פון דער פּאַרטיי, אָפּטע שמועסן וועגן מאַרקסיזם און וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע. טייל חברים פון קעמערל וועלן אין גיכן אָנטיילנעמען אין אַן אומלעגאַלער אַקציע — שרײַבן אַנטי־פאַשיסטישע לאָזונגען און קלעפּן אויפרוף־בלעטלעך אויף די ווענט פון אַ צאָל געבײַדעס אין שטאָט. אונדזער וויכטיקסטע אויפגאַבע,״ האָט נחום פאַרענדיקט, „איז נישט צו בלײַבן אָפּגעשלאָסן און פאַרגליווערט, נאָר אויס־ברייטערן אונדזער השפּעה אויף דער יוגנט פון שטאָט. מען דאַרף ברענגען וואָס מער חברים און סימפּאַטיקער צו די שבת־נאָך־מיטאָג צונויפקומען פון דער יוגנט־סעקציע פון פאַראיין. פון דאָרטן וועלן

זיך אויסטיילן איינצלנע, וואָס וועלן ראָוי זײַן זיך אָנצושליסן אין די רײַען פון אַוואַנגאַרד פון אַרבעטער־קלאַס.״

נאָך נחומען האָט סרוליק, דער ראַיאָן־קאָמיטעט פאָרשטייער, אינפאָרמירט דער גרופּע וועגן דער אַקציע, וואָס די גאַנצע באַוועגונג פירט אַצינדערט לטובת דער רעפּובליק פון שפּאַניע, וואָס שטייט אין אַ העראָישן קאַמף מיט די פאַשיסטישע חיילות פון גענעראַל פראַנקאָ. חברים פאַרלאָזן זייערע היימען און פּאָזיציעס און ווערן געשיקט קיין פראַנקרײַך און פון דאָרט קיין שפּאַניע, אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע. פון אָטוואָצק און אומגעגנט זײַנען שוין אַוועק אַ צענדליק חברים, און איינער פון זיי — מאָניעק סוויטשאַרטשיק — איז געפאַלן מיט אַ העלדנטויט אין שלאַכט. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז מאָניעק אַוועק, צוליב פּאָליציייִשע רדיפות, קיין פראַנקרײַך און איז געווען פון די ערשטע פרײַוויליקע זיך אָנצושליסן אין דער בריגאַדע. קומענדיקע וואָך וועט פאָרקומען אין פאַראיין אַן עפנטלעכער אָוונט צו ערן זײַן אָנדענק. מען דאַרף זען, אַז אַלע חברים זאָלן קומען און ברענגען וואָס מער יוגנטלעכע.

די געלטזאַמלונג לטובת די קעמפער פון שפּאַניע דאַרף געפירט ווערן אינטענסיוו; די וואָס האָבן נאָך נישט, וועלן באַקומען זאַמל־ליסטעס און וועלן זיך דאַרפן מיען צו קריגן בײַשטײַערן פון זייערע נאָענטע און באַקאַנטע. וועט מען נישט אָפּשטעלן דעם פאָרויסמאַרש פון פאַשיזם אין שפּאַניע, וועלן היטלער און מוסאָליני זיך לאָזן אויף נײַע מלחמה־אַוואַנטורעס קעגן די לענדער פון אייראָפּע און מעגלעך אויך קעגן דעם ראַטן־פאַרבאַנד.

נאָך אַ קורצן מיינונג־אויסטויש איבערביידע באַריכטן איז מען צוגעטראָטן צום לעצטן פונקט פון סדר־היום — דעם וועכנטלעכן שמועס פון לעאָנען, דעם מדריך פון קרײַזל. לעאָן האָט אָפּגעהוסט, אַ הויב געטון דעם קאָפּ, דורכגענומען אַלעמען מיט זײַן בליק, און אָנגעהויבן אַ סוגיא וועגן קלאַסנקאַמף — די טרײַבקראַפט פון דער געשיכטע. ער האָט גערעדט געלאַסן און קלאָר און זײַנע ווערטער האָבן זיך געקייטלט און געבונדן אין געטאָקטע זאַצן, וואָס האָבן געאָטעמט מיט פרישקייט און אימפּעט פון אַ נײַעם, אויפגייענדיקן וועלט־סדר. קאָמוניזם, האָט ער געטענהט, איז נישט קיין אויס־טראַכטעניש פון אַ הײַפל דאָגמאַטיקער, נאָר דער אייביקער אידעאַל נאָך וועלכן סע לעכצט די מענטשהייט. דער אָנהייב פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט איז געווען אַ קאָמוניסטישער און צו דעם

צושטאַנד איז דעם מענטשן באַשערט צוריקצוגיין — אין אַ העכערער פאָרם, נאַטירלעך — אַ דאַנק די דעטערמינירטע געזעצן פון דער מאַטעריעלער פּראָדוקציע און סאָציאַלן צוזאַמענלעבן. די טרײַבקראַפט, וואָס שטויסט פאָרויס אויפן וועג צום קאָמוניזם, איז דער קלאַסנקאַמף פון די האָרעפּאַשנע מאַסן קעגן זייערע אונטער־דריקער און עקספּלואַטירער. אין אַלטערטום — דער קנעכט קעגן זײַן האַר; אין מיטל־עלטער — דער לײַב־אייגענער קעגן לאַנד־באַזיצער; און אין דער נײַער צײַט — דער פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע. דער קלאַסנקאַמף איז אומברחמנותדיק און איז גורם מלחמות און אויפשטאַנדן, רעוואָלוציעס און קאָנטררעוואָלוציעס. אָבער מיטן זיג פון אַרבעטער־קלאַס, וועט די צעטיילונג אויף קלאַסן אָפּפאַלן לגמרי. צוזאַמען מיט די אַלטע פּראָדוציר־פאַרהעלטענישן, וועט די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אָפּשאַפן דעם קלאַסן־אַנטאַגאָניזם. סאָציאַליזם מיינט דעריבער אַ קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט פון אַרבעטער, פּויערים און אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ, וואָס שאַפן האַרמאָניש מאַטעריעלע און גײַסטיקע ווערטן פאַר דעם אַלגעמיינעם ווויל. אין דעם דאָזיקן דערהויבענעם און לעצטן געראַנגל — האָט לעאָן פאַרענדיקט — זײַנען די קאָמיוניסטן אין די פאָדערשטע רייַען, און דאָס איז זייער כבוד און שטאָלץ.

נחום איז געזעסן נעבן לעאָנען און געפילט דעם אָטעם פון זײַנע רייד, וואָס זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין זײַן האַרץ און מוח און אָנגעצונדן זײַן דמיון. ער האָט פאַרנומען די געוואַלדיקע פּאַנאָראַמע פון לעצטן גוג־ומגוג קאַמף, נאָך וועלכן דער מענטשן־מין וועט זיך אַרויסרײַסן פון פאַרכּישופטן קרײַז פון מלחמות, אונטערדריקונג און נויט, וואָס האַלטן אים געפאַנגען פון אייביק אָן. און פאַר אַזאַ ציל — האָט נחום געטראַכט — זײַנען טאַקע אַלע געפאַרן, לײַדן און קרבנות, אויף וועלכע יעדער רעוואָלוציאָנער מוז זײַן אויסגעשטעלט, נויטיק און כּדאַי.

ווען לעאָן האָט געענדיקט זײַנען אַלע געבליבן זיצן שטיל, ווי היפּנאָטיזירטע פון זײַנע רייד. איבערן וועלדל איז געשוווּמען אַ מילכווײַסע לבנה און געשפּרייט איר ליכט איבער די טונקעלע ביימער און גראָזן. סרוליק, וואָס איז געזעסן צוגעטוליעט צו רוזשקען, האָט איבערגעריסן דאָס שווײַגן און פאַרצויגן אין דער שטיל אַ קאָמסאָ־מאָליש ליד:

אין קאָמסאָמאָל זײַנען דאָ מיידלעך בראַווע,
נאָר אין איינער ליבסטו זיך אײַן.
דו קאָנסט זײַן אין קאָמיוג אַ גוטער חבר
און זיך ליבן בײַ לבנהשער שײַן.

זאָג פאַרוואָס ליבסט זיך אײַן
בײַ לבנהשער שײַן,
זאָג פאַרוואָס און דערקלער עס צו מיר,
ווײַל עס איז דאָך באַקאַנט,
אַז ס'איז יונג אונדזער לאַנד
און ס'איז יונג יעדער בירגער אין איר.

צוריק פון צוניפּטערעף איז מען געגאַנגען אין צווײַען דורך באַזונדערע וועגן און גאַסן. נחום איז געגאַנגען געאָרעמט מיט לעאָנען און דוד האָט זיך נאָכגעשלעפּט ווי אַן איבעריקער. אויף דער הויפּטגאַס האָט דוד זיך געזעגנט און אַוועק אַהיים און נחום איז ווײַטער געגאַנגען מיט לעאָנען ביז אין זײַן שטוב אַרײַן אין איינער פון די וויליעס אויף דער קאָשטשאָל־גאַס. נחום איז נאָכגעגאַנגען לעאָנען אויף נישט־באַלויכטענע שטיגן און געבליבן שטיין אין קליינעם קאָרידאָרל ביי אַ טונקעלער באַגלאָזטער טיר. לעאָן האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און אַן אידעלע, דריבנע פרויען־געשטאַלט אײַנגעהילט אין אַ ראָזען שלאָפראָק האָט זיך באַוויזן אין דער טיר.

,,דאָס איז מײַן פלוניתטע, יאַדזשע,'' האָט לעאָן פאָרגעשטעלט זײַן ווײַב און איר אַ קוש געגעבן אין באַק. יאַדזשע האָט אַ קוק געטון אויף נחומען און אויף אירע רויטע ליפּעלעך האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל.

,,אַ שפּעטער גאַסט,'' האָט זיך נחום ווי פאַרענטפערט.

,,קום אַרײַן, פיל זיך ווי אַן אייגענער,'' האָט אים לעאָן געמונטערט. זאַלבעדריט זײַנען זיי אַרײַן אין דעם לענגלעכן צימער, וווּ דאָס פּאָרפאָלק — קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט — האָט געוווינט און געאַרבעט. די שטוב איז געווען פול מיט הויז־ און אַרבעטס־חפצים: אַ ניימאַשין, פאַרוואָרפן מיט קאָלירטע שטאָפן, אַ שענקל מיט ביכער און צײַטונגען, מיט אַ גרויסן ראַדיאָ־אַפּאַראַט אויבן אָן, און דער עיקר — מיט אַ ברייטן טאַפּטשאַן, וואָס האָט פאַרנומען מער ווי אַ העלפט פון צימער. צופוסנס פון טאַפּטשאַן, האַרט בײַ דער טיר, איז געשטאַנען אַ שמאָלע שאַנק פאַר מלבושים.

נחום און לעאָן האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויפן טאַפּטשאַן און

געזופּט די טיי, וואָס יאַדזשע האָט שוין באַוויזן צו פֿאַרברייען אויף דעם פּרימוס אין פּאָדערשטיבל.

,,נחום איז מײַן נײַער און בעסטער תּלמיד,'' האָט לעאָן זיך באַרימט פֿאַר זײַן ווײַב.

,,וואָס דו קאָנסט אים שוין אויסלערנען. . . קיין גוטס זיכער נישט,'' האָט יאַדזשע האַלב־ערנסט געענטפֿערט.

בײַם טרינקען די טיי האָט לעאָן דערציילט נחומען וועגן זייער לעבן אין וואַרשע. באַקענט האָט ער זיך מיט יאַדזשען אין עספּע־ראַנטאָ־קלוב, ווו ער האָט געהאַלטן אַ פּאָרטראַג. יאַדזשע האָט געשטאַמט פֿון אַ באַלעבאַטיש־פֿרומער משפּחה, און ווען זי האָט זיך פֿאַרליבט אין לעאָנען און אַוועק מיט אים וווינען, האָט זי מער די שוועל פֿון איר פֿאָטערס הויז נישט געקאָנט איבערטרעטן.

ס'איז שוין געווען אַרום האַלבנאַכט, ווען נחום האָט זיך אויפֿגעהויבן, גרייט אַהיימצוגיין. לעאָן האָט אויפֿגעדרייט דעם ראַדיאָ, כּדי אויפֿצוכאַפּן די טענער פֿון ,,אינטערנאַציאָנאַל'', מיט וועלכן די סאָוועטישע ראַדיאָ־סטאַציעס פֿלעגן שליסן זייערע אָוונט־אױדיציעס. די קלאַנגען פֿון דעם פֿאַרהייליקטן ליד האָבן זיך געטראָגן ווי פֿון אַ ווײַטן, לעגענדאַרן פּלאַנעט און האָבן אָנגעפֿילט ביידן, נחומען און לעאָנען, מיט פֿריידיקער שטאָלץ.

,,די וועלט גייט פֿאָרויס,'' האָט לעאָן פֿילאָסאָפֿירט. ,,דער ראַטן־פֿאַרבאַנד שטייט פֿעלדזנפֿעסט. ס'איז דער ערשטער אײַנברוך אין אַלטן סיסטעם. ס'וועלן קומען נײַע און טיפֿערע. קיין צוריקגאַנג איז נישטאָ!''

נחום איז אַרויס אויף דער ליידיקער גאַס, וואָס איז געווען אײַנ־געהילט אין אַ שרעקעוודיקער שטילקייט. בײַם ראָג, לעבן דעם שטאָטישן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, האָבן זיך אַרומגעדרייט אַ פּאָר פֿאַרדעכטיקע פֿאַרשוינען, מסתּמא פּאָליציי־אַגענטן אין ציווילער קליידונג, וואָס האָבן נאָכגעקוקט נחומען מיט חשדפֿולע בליקן. אין האַרצן האָט געהאַמערט די שרעק און אין מוח האָט געעקבערט די פֿראַגע: וואָס וועט זײַן, אַז זיי וועלן אים אַרעסטירן און פֿאַרשפּאַרן אין טורמע? נחום האָט האַסטיק געשפּאַנט ביז צום באַנטונעל, מורא האָבנדיק אפֿילו זיך אומצוקוקן, צי מען גייט אים נישט נאָך. אין שטוב איז ער אַריין אויף די שפּיצפֿינגער, אַװעקגעפֿאַלן אויפֿן צוגעגרייטן אויסלייגבעטל און ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַנגעטראַכט, צי דער וועג, אויף וועלכן ער האָט זיך געלאָזן, איז טאַקע אַן אמתער און גלײַכער.

# דער אַרעסט

לעאָן איז געזעסן בײַם פענצטער, אין ווינקל פון צימער, און געגייט די קאָלירטע פרויען־קאָרסעטן. די אויערן זײַנען בײַ אים געווען אָנגעשפּיצט און דאָס פּנים ערנסט. נייענדיק האָט ער זיך צוגעהערט צו נחומען, וואָס האָט געלייענט אויפן קול פון אומלע־גאַלן אָרגאַן פון דער פוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די בלעטלעך פון דעם זשורנאַל זײַנען געווען געדיכט געדרוקט, מיט שוואַרצע אותיות אויף בלאַנקווײַסן ביבעלע־פּאַפּיר, וואָס האָט, בעתן מישן די בלעטלעך, אַרויסגעגעבן אַ סודותפולן געשורש. נחום האָט פאָרגעלייענט אַן אָפּהאַנדלונג פון חבר יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַלפאַרבאַנדישער קאָמפּאַרטיי פון ראַטן־פאַרבאַנד, וועגן דער סטאַכאַנאָור־באַוועגונג. אַרבעט, האָט זיך דאָרט געזאָגט, איז פון אייביק אָן געווען אַ קללה פאַרן פּשוטן מענטש; דורך אַרבעט האָבן די אונטערדריקער אַטראָפירט די מאַסן, זיי פאַרקנעכטעט און צוגערויבט זייער לעבנס־פרייד. נישט אַזוי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אין לאַנד פון זיך בויענדיקן סאָציאַליזם, ווו אַרבעט איז אַ כּבוד און אַ דערהייבונג. דערפאַר טאַקע האָבן טויזנטער אַרבעטער פון אַלע עקן לאַנד נאָכגעפאָלגט דעם העלדישן בײַשפּיל פון קוילנגרעבער אַלעקסיי סטאַכאַנאָוו, וואָס האָט פילפאַכיק אַריבערגעשטיגן די אָנגענומענע אַרבעטס־נאָרמעס. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען די סטאַכאַנאָור־באַוועגונג, דאָס אַרויסקומען פון יחידים און קאָלעקטיוון אין אַ סאָציאַליסטישן פאַרמעסט אין דער לאַנדווירטשאַפט, אינדוסטריע און וויסנשאַפט. אַ גרויס געזאַנג פון אַרבעט און סאָציאַליסטישן אויפשטייג האָט זיך צעהילכט איבער דער לענג און ברייט פון ראַטנלאַנד. . .

ביַי דער טיר האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט האַסטיק און שאַרף. לעאָן איז אויפגעשפּרונגען, אַ נעם געטון דעם זשורנאַל פון נחומען און איין אַן אויגנבליק פאַררוקט דאָס טריפה־פּסול אין אַ הויפן לייַוונט, וואָס איז געלעגן אויפן דיל. דערנאָך איז ער אַוועק עפענען די טיר און באַלד צוריקגעקומען מיט חיימלען, נחומס חבר פון קאָמיוגישן קרייַזל.

,,כ׳האָב געוווּסט, אַז כ׳וועל אייַך ביידן דאָ טרעפן,״ האָט חיימל זיך געוויצלט. ,,דער רבי מיטן תלמיד. און וואָס פאַר אַ פּרשה לערנט מען הייַנט?״

,,זעץ זיך אַוועק, וועסטו אויך הערן. ס׳איז אַ רעפעראַט פון סטאַלינען אַליין, וועגן דער סטאַכאַנאָוו־באַוועגונג,״ האָט אים נחום אינפאָרמירט.

,,דריי נישט קיין ספּאָדיק מיט דייַנע רעפעראַטן. נישט צוליב דעם בין איך געקומען אַהער. די ליסטעס פאַר שפּאַניע בין איך געקומען אָפּנעמען. כ׳דאַרף זיי באַזאָרגן צו עמעצן אין שרודבאָרווו. דאָרטן אין די פּענסיאָנאַטן, זייַנען אויך פאַראַן לינקע בורזשויען, וואָס גיבן געלט פאַר שפּאַניע. כ׳דאַרף אויך אָפּטרעטן ביַי ראַכעלען, אונדזער געוועזענע שול־חברטע. זי איז אַן אייגענע און באַמיט זיך אויפצושטעלן דאָרטן אַ קעמערל. . .״

לעאָן איז אַרייַן אין קאָרידאָרל און פון אַ באַהעלטעניש אַרויס־געצויגן עטלעכע מיט רויטן טינט געשריבענע זאַמל־ליסטעס און זיי געגעבן חיימלען. נחום, וואָס איז שוין געהאַט אָפּגעזעסן עטלעכע שעה ביַי לעאָנען, האָט פּלוצעם חשק געקראָגן אַ שפּאַציר צו טון אויף דער פרייַ.

,,וואַרט צו, חיימל,״ האָט ער אַ זאָג געטון, ,,כ׳גיי מיט דיר. אין צווייען וועט זייַן היימלעכער. און טאָמער פאַלט מען אַרייַן, וועט אויך זייַן גרינגער. . .״

אָבער דעם נייַעם נומער פון פּאַרטיי־אָרגאַן איז נחומען געווען אַ שאָד איבערצולאָזן ביַי לעאָנען. פון קליינוויַיז אָן האָט ער געפילט אַ באַהאַלטענעם אָפּשיַי פאַרן געדרוקטן וואָרט; ער פלעגט לייענען, וואָס ס׳איז אים געקומען אין האַנט אַרייַן מיט אַ גיריקייט און אומגעשטילטן הונגער, ווי ער וואָלט געוואָלט אַזוי אַרום דערגייין צו אַ גרויסן, פאַרבאָרגענעם אמת. איז ער צוגעשטאַנען צו לעאָנען, ער זאָל אים מיטגעבן די צייַטשריפט כאָטש ביז מאָרגן, כּדי ער זאָל קאָנען אין אָוונט זי אַדורכלייענען. לעאָן האָט זיך געקווענקלט אַ

ווײַלע און צום סוף נאָכגעגעבן זײַן תּלמיד און אים דערלאַנגט דעם זשורנאַל.

נחום מיט חיימלען זײַנען געגאַנגען לענג־אויס דער וואַרשעווער גאַס, וואָס האָט זיך געצויגן פּאַזע דער באַלניע אויפן וועג קיין שרודבאָרוו. אויף דער לינקער זײַט גאַס האָט זיך געצויגן דער טראָטואַר און צוזאַמען מיט אים די דראָטענע פּאַרקאַנען פון ווילעס און פּענסיאָנאַטן אײַנגעהילטע אין גרינעם געצווײַג פון סאָסנע־ און יאָדלע־ביימער. נאָענט צו דער שוודבאָרווער באַנסטאַציע האָבן ביידע פּאַרדרייט אויף לינקס, אין אַ יונג וועלדל, דורך וועלכן מען האָט געקאָנט אַרײַן אין אַ געסל, וואָס האָט געפירט צום הויפּטטראַקט פון שרודבאָרוו. ביידע ייִנגלעך זײַנען געווען אַרײַנגעטון אין אַ שמועס וועגן דער לאַגע אין שפּאַניע און האָבן גאָרנישט באַמערקט, אַז זיי זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען דעם פּאָליציי־אַמט פון שטעטל, וואָס האָט זיך גראָד געפונען אין דעם געסל. אַ שטרענג קול האָט זיי אַרויסגעריסן פונעם שמועס:

„שטיין בלײַבן, ייִנגלעך!”

נחום און חיימל האָבן אומגעקערט זייערע פּנימער און דערזען אַ הויכן פּאָליציאַנט לויפן זיי אַנטקעגן.

„קומט אַרײַן, חברה־לײַט! לאָמיר זען ווער איר זײַט,” האָט דער פּאָליציי־מאַן באַפוילן, און זיי צוריקגעפירט אין זײַן ביוראָ. דאָ האָט ער זיי רעווידירט, גענישטערט אין די קעשענעס, צעשפּיליעט די העמדער און געהייסן אויסטון די שיך. באַלד זײַנען די זאַמל־ליסטעס פאַר שפּאַניע און דער אומלעגאַלער נומער פון פּאַרטיי־אָרגאַן געלעגן אויפן פּאָליציאַנטס שרײַבטיש.

„מיר זײַנען אַרײַנגעפאַלן, נחום,” האָט חיימל געפּליסטערט, „ביטער אַרײַנגעפאַלן.”

„נישט שיטן, חיימל. . . מיר ווייסן פון גאָרנישט. . . אַן אומבאַקאַנטער האָט אונדז אַלץ געגעבן. . . אויפן פוטבאָלפּלאַץ. . .” האָט נחום צוריקגעפּליסטערט.

„נישט רעדן צווישן זיך!” האָט דער פּאָליציאַנט אַ רעווע געטון און באַטראַכט די ליסטעס און די צײַטשריפט. באַלד האָט זײַן פּנים זיך אָנגעצונדן פאַר כּעס און ער האָט זיגעריש אויסגערופן:

„קאָמוניסטלעך! אמתע קאָמוניסטלעך!”

מער האָט ער קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ער האָט פאַרצויגן אַרום פּנים דאָס שוואַרצע פּאַסיקל פון פּאָליצייִשן היטל, פאַרשלאָסן דעם פּאָליציי־אַמט און אַוועק מיט ביידע בחורים צו דער

שרודבאָרוווער באַנסטאַציע. אין אַ האַלבער שעה אַרום זײַנען נחום און חיימל שוין געווען אין אָטוואָצקער פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, אַרומגערינגלט פון עטלעכע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן באַטראַכט מיט נײַגער און חוזק די צוויי דערשראָקענע ייִנגלעך.

„זשידאָ־קאָמוניסטלעך! הינטיש בלוט!"

„ווי אַלט זײַט איר, פֿאַרשיווע קאָמוניסטלעך?"

„וויפֿל פֿענדלעך האָט איר שוין פֿאַרוואָרפֿן, פֿענדראַקעס?"

„ביי אונדז וועט איר זינגען, ווי די פֿייגעלעך!"

נאָכן צונויפֿשטעלן דעם פּראָטאָקאָל, האָט מען די אַרעסטירטע אַרײַנגעפֿירט אין צוויי באַזונדערע צעלעס פֿון קאָמיסאַריאַט. דרײַ טעג איז נחום אָפּגעלעגן אויף דער האַרטער נאַרע אין שוואַרצן פּאָליציי־קאַמער מיטן שמאָלן פֿאַרקראַטעוועטן פֿענצטערל בײַם סאַמע סופֿיט, דורך וועלכן אַ דינע פּאַסמע ליכט האָט זיך קוים דורכגעשלאָגן. אײַנגעטוליעט אין זומערדיקן רעקל, איז ער געלעגן און געטראַכט, ווי אַזוי וועט ער קאָנען בײַשטיין דעם ערשטן און סאַמע וויכטיקסן נסיון פֿון אַ רעוואָלוציאָנער: נישט אויסגעבן די מיטאַרבעטער און חברים. קיין שום נעמען וועלן זיי נישט אויסגעבן, האָבן נחום און חיימל זיך פֿאַרשווירן אין דער שטיל נאָך אויף דער באַן. אפֿילו מען זאָל זיי קאַטעווען, שלאָגן ביז טויט. עמעצער האָט זיי דערלאַנגט דאָס געפֿונענע, געבעטן זיי זאָלן לייענען דעם זשורנאַל. דאָרטן זײַנען געווען די ליסטעס. ווער און וואָס ער איז, ווייסן זיי נישט. אַן אומבאַקאַנטער מאַן... אויפֿן פֿוטבאָלפּלאַץ איז עס געווען... אַזוי האָט נחום געטענהט, ווען מען האָט אים געבראַכט צום פּאָליציי־קאָמיסאַר, אַן עלטערער מאַן מיט אַ צעאַקערט פּנים, וואָס האָט מיט גוטע, פּאָטערלעכע רייד פּרובירט אַרויסקריגן פֿון אים דעם ענטפֿער — פֿון וואַנען קומט דער זשורנאַל און די ליסטעס און ווער האָט זיי געשיקט קיין שרודבאָרוו? נאָך די פֿרײַנדלעכע רייד זײַנען געקומען זידלערײַען און סטראַשונקעס, אַז מען וועט קאַטעווען, שינדן די הויט. אָבער סײַ נחום און סײַ חיימל האָבן זיך געהאַלטן בײַם זייעריקן. דערצאָרנטע האָבן די פּאָליציאַנטן צוריקגעפֿירט די ייִנגלעך און זיי אַרײַנגעשלײַדערט אין די צעלעס.

נאָך אין זעלבן אָוונט, באַלד נאָכן אַרעסט, האָט די פּאָליציי אַדורכגעפֿירט רעוויזיעס אין נחומס און חיימלס שטיבער. אַ פּאָליציאַנט און אַ ציוויל־אָנגעטוענער אַגענט זײַנען אַרײַן אין משה־אברהמס רעסטאָראַן, אַרומגעקוקט זיך דאָ און דאָרט און באַלד אַריבער אין דער הינטערשטוב. דאָ האָבן זיי גענומען זוכן און

נישטערן אין די שופלעדער פון דער שאַנק, אין די בעטן און אין אַלע ווינקלען פון שטוב. משה־אברהם איז געשטאַנען אַ פֿאַרשטיינערטער און קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסריידן. ער האָט געזען, אין משך פון לעצטן יאָר, אויף וועלכע וועגן זײַן זון פֿאַרנעמט זיך, און ער האָט געפילט, אַז סע רוקט זיך אָן אויף אים און זײַן הויזגעזינד אַן אומגליק. אַ כּעס האָט אים דורכגענומען אויף זײַן בכור, וואָס איז אַזוי פּרי אַרויס לתרבות־רעה, און אויף זיך אַליין, אויף זײַן נישט קאָנען משפּיע זײַן אויפֿן אייגענעם קינד. אַזעלכע לאָבוזעס, האָט זיך משה־אברהם געקאָכט, אַליין קאָנען זיי קיין זלאָטע נישט פֿאַרדינען און טאַטע־מאַמע מוזן האָרעווען פֿאַר זיי; אָבער לויפֿן אויף פֿאַרזאַמלונגען אין פֿאַראיין און לייענען די טריפֿהנע ביכלעך, דאָס קאָנען זיי. צו ווייך איז ער געווען לגבי דעם ייִנגל, צו לײַכט נאָכ־געגעבן. נישט געדאַרפֿט זיך שרעקן, אַז ער וועט אַוועקלויפֿן פֿון הויז. זאָל ער לויפֿן! און אַצינד — אַזעלכע חרפּות און בזיונות פֿאַר שכנים און לײַטן. און דאָס ווײַב, וועט ווייסט, צי זי וועט עס אויסהאַלטן!

ווי נאָר די פּאָליציאַנטן זײַנען אַוועק פון הויז איז איטע צוגעפֿאַלן צו משה־אברהמען און כליפּענדיק אים געבעטן, ער זאָל נישט זײַן קיין אכזר און זאָל זען אַלץ צו טון, כּדי צו ראַטעווען דאָס קינד. אויך אין משה־אברהמען איז דער כּעס שוין געהאַט פֿאַריבער און אַ רחמנות אויף זײַן אייגן בלוט און פֿלייש האָט אים דורכגענומען. כּרחם אב על בנים, ווערט דאָך געזאָגט; ס׳איז דאָך זײַן קינד, וואָס האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אויף פֿרעמדע וועגן און אַרײַנגעפֿאַלן אין טורמע. . . מען דאַרף אים ראַטעווען.

משה־אברהם האָט טאַקע נישט גערוט און געזוכט דורך באַקאַנטע, ייִדן און קריסטן, אַ צוטריט צום שטאָטישן פּאָליציי־קאָמיסאַר. פֿון די אַלע השתּדלותן איז אים קלאָר געוואָרן, אַז די זאַך קאָן שוין נישט אָפּגעווישט ווערן; פּראָטאָקאָלן זײַנען צונויפֿגע־שטעלט געוואָרן, די ייִנגלעך ווערן געפֿאָרשט דורכן קאָמיסאַר און זײַנע געהילפֿן, און אין גיכן וועט מען זיי אָפּשיקן אין דער וואָיע־וואָדישער טורמע אין וואַרשע.

די איינציקע זאַך, וואָס מען קאָן יאָ טון, איז משפּיע זײַן אויף העניעקלען, דעם הויפּט פֿון די פּאָליציי־אַגענטן, ער זאָל די ייִנגלעך נישט ממיתן, ווי ער פֿלעגט עס טון מיט אַנדערע פּאָליטישע אַרעס־טירטע. דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון אַ באַקאַנטן קריסט, אַ באַן־אַרבעטער, וואָס פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט קומען מיט זײַן

,,קאָכאַנקע׳׳ אין רעסטאָראַן, האָט משה־אברהם זיך דערשלאָגן צו העניעקן אין הויז און אין זײַן געבראָכענעם פּויליש געבעטן חנינה פֿאַרביידע ייִנגלעך, ער זאָל רחמנות האָבן אויף זייערע מאַמעס און זיי שוינען. שווער צו זאָגן, צי די רייד פֿונעם ערלעכן ייִד האָבן ווייך געמאַכט דאָס האַרץ פֿון אויסגעדאַרטן, אַסקעטישן פּאָליציי־אַגענט, אָדער די פֿײַנע מתנה — אַ קוישל מיט אַ פּריש־געבראָטענער גאַנדז, מיט משקה און צובײַסן, וואָס משה־אברהם האָט געלאָזן בײַ העניעקלען אין קיך. אַזוי צי אַזוי, העניעקל האָט בכּיוון אויסגעמיטן צו קומען אין קאָמיסאַריאַט און די ייִנגלעך צו רו געלאָזן.

אויפֿן פֿערטן טאָג, נאָך דעם ווי מען האָט פֿון די צוויי יוגנטלעכע גאָרנישט געקאָנט אַרויסקריגן, האָט דער קאָמיסאַר פֿאַראָרדנט מען זאָל די אַרעסטירטע איבערשיקן קיין וואַרשע, אין דער תּפֿיסה פֿון וואַרשעווער קרייז. מען האָט ביידן, נחומען און חיימלען, איבערגעגעבן אין רשות פֿון אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיי געדאַרפֿט ברענגען מיט דער באַן קיין וואַרשע. בײַם טויער פֿון קאָ־מיסאַריאַט האָבן געוואַרט נחומס מאַמע מיט זײַנע דרײַ ייִנגערע שוועסטער און ברודערל. אַ צעפּלאָשעטע, מיט רויטע פֿאַרלאָפֿענע אויגן, האָט איטע, דערזעענדיק איר זון, זיך אַ וואָרף געטון צו אים מיט אַ פֿאַרשטיקט געוויין. די מיידלעך און דאָס ברודערל, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די מאַמע, האָבן זיך אויך צעלאָזן אין געוויין, ווי, חלילה־וחס, אויף אַ לוויה. אויפֿגערודערט פֿון די געווייִנען האָט נחום זיך אַ קער געטון צו דער מאַמען, געוואָלט איר זאָגן אַ טרייסט־וואָרט, אָבער מער ווי דאָס וואָרט ,,מאַמע׳׳ נישט געקאָנט פֿון זיך אַרויסברענגען. דער פּאָליציאַנט האָט אים אַ נעם געטון בײַ דער האַנט און צוזאַמען מיט חיימלען אַריבערגעפֿירט איבער דער גאַס, אויפֿגעשלאָסן אַ טירל אין דער דראָטענער פֿאַרצוימונג און אַרויף אויפֿן פּעראָן פֿון דער באַנסטאַציע.

אין דער קופּע פֿון דער באַן איז נחום געזעסן אין אַ ווינקל, אַן אײַנגעקורטשעטער און פֿאַרטוענער אין זיך. דאָס יאָמערלעכע געוויין פֿון דער מאַמען מיט די קינדער איז פֿאַר אים ווידער אויפֿגעקומען און אים דורכגענומען מיט אַ גרענעצלאָזן טרויער און רחמנות. ווי האָט ער געקאָנט איר גורם זײַן אַזוי פֿיל עגמת־נפֿש און צער, זאָל זײַן אפֿילו אין נאָמען פֿון אַ הויכן, דערהויבענעם אידעאַל? אָט דער געדאַנק האָט אים נישט צו רו געלאָזן אויך שפּעטער, ווען ער איז אָנגעקומען אין דער פֿאַרהעמערטער צעל פֿון דער וואַרשעווער קרײַזטורמע.

איינער אַליין, אויף דער האַרטער קאַיקע, איז נחום אָפּגעלעגן גאַנצע טעג, אַרײַנגעטון אין שווערע, מאַטערנדיקע פראַגן, צו וועלכע ער האָט קיין ענטפער נישט געקאָנט געפינען. אין מיטן דער נאַכט פלעגט מען אים אויפוועקן און פירן איבער לאַנגע קאָרידאָרן צו דער אויספאָרשונג. אָבער נחום האָט זיך נישט אײַנגעבראָכן און נישט דערשראָקן זיך פאַר די סטראַשונקעס, אַז אין פאַל ער וועט נישט אויסזאָגן ווער ס׳האָט אים צוגעשטעלט די אומלעגאַלע זאַכן, וועט מען פאַרפירן קעגן אים אַ פּראָצעס און מסתמא פאַרמשפּטן אים אויף עטלעכע יאָר תפיסה. נחום האָט זיך אָבער עקשנותדיק געהאַלטן בײַ ס׳זײַניקע: ער ווייסט נישט, ער קאָן נישט דעם מאַן, ער איז אומשולדיק. אַ פאַרמאַטערטער פלעגט ער צוריקקומען אין דער צעלע און אַוועקפאַלן אויפן תפיסה־געלעגער.

אין דער צעלע איז געווען אומהיימלעך־טונקל. דורך דעם קליינעם, פאַרקראַטעוועטן פענצטערל האָט מען קוים געקאָנט זען אַ שטיק פאַרטונקלטן הימל. פון דרויסן האָט זיך דערטראָגן דער פאַר־שטילטער גערודער פון דער גרויסער שטאָט, ווי אַן עכאָ פון אַן אַנדערער וועלט. נחום האָט פאַרלוירן דעם חשבון פון די טעג, וואָס ער געפינט זיך אין דער צעלע. פון צײַט צו צײַט פלעגט די טיר אויפ־געשלאָסן ווערן און וועכטער האָבן דערלאַנגט די טעגלעכע פּאָרציע ברויט מיט זופּ, צו וועלכער ער איז צוגעפאַלן אַן אויסגעהונגערטער. נאָך דעם — ווידער שעהען מאָנאָטאָנע און דרימלענדיקע, וואָס ציען זיך ווי אַן אייביקייט. וועט ער נאָך ווען עס איז זען די ליכטיקע שײַן? האָט נחום געטראַכט. וועט ער נאָך קאָנען, ווי פריער, זיך פרײַ באַוועגן, אין דער היים, אין גאַס, צווישן דער משפּחה און חברים?

אויף דער דריטער וואָך נאָכן אַרעסט האָט אַ פּאָליציאַנט אַרויסגעפירט נחומען אויפן תפיסה־הויף. פון דער אַנדערער זײַט, אין דער באַגלייטונג פון נאָך אַ פּאָליציסט, איז אָנגעקומען נחומס חבר־לצרה, חיימל. אַן אָפּגעצערטער און בלאַסער, האָט ער אַ הייב געטון די האַנט צון אים פון דער ווײַטנס, ווי ער וואָלט אַזוי אַרום צו וויסן געגעבן נחומען, אַז ער זאָל זיך נישט זאָרגן — ער האָט קיינעמען, חלילה, נישט פאַרשיט.

ביידע פּאָליציאַנטן האָבן זיך באַגעגנט און אַוועק מיט די אַרעסטירטע צופוס עטלעכע גאַסן ווײַטער, צום הויפּטאַמט פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע. דאָרטן, אין אַ גרויסן וואַרטצימער, זײַנען געווען פאַרזאַמלט אַ היפּשע צאָל אַרעסטאַנטן צוזאַמען מיט די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיי געהיטן. שווײַגנדיק און ערנסט זײַנען די

אויסגעצערטע אַרעסטאַנטן געזעסן אויף בענק, אָדער געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אַרום די ווענט, און אומגעדולדיק געוואַרט איבער־צוקומען דעם ריטואַל פון אַראָפּנעמען די פינגער־אָפּדרוקן און ווערן פאָטאָגראַפירט. כּמעט אַלע אַרעסטאַנטן האָבן גערייכערט און די לופט אין צימער איז געווען געדיכט מיטן געשטאַנק פון שווייס און ניקאָטין. סע האָט גענומען אַ שטיקל צײַט ביז ס׳איז געקומען נחומס רײַ אַרײַנצוגיין אין אַמט, ווו מען האָט, צום ערשטן, אַראָפּגענומען זײַנע פינגערדרוקן און דערנאָך אים אַרײַנגעפירט אין דערבײַיקן פאָטאָגראַפיר־צימער. דאָ האָט מען נחומען געהייסן אַרויפגיין אויף אַ הויכער שטול, מען האָט אים אָנגעהאָנגען אַ נומער און אַזוי אים פאָטאָגראַפירט אייניקע מאָל פון פראָפיל און פון פאָרנט. נאָך דעם האָט מען אים צוריק אַרײַנגעלאָזן אין וואַרטצימער אין רשות פון זײַן שומר, וואָס האָט אים צוריקגעבראַכט אין אַרעסט־צענטער, אין זײַן צעל.

אַ פּאָר טעג זײַנען פאַרבײַ אָן שום ענדערונגען. פּלוצעם, אין אַ נאָכמיטאָג, האָט מען אויפגעשלאָסן די טיר און אַוועקגעפירט נחומען אין איינער פון די תּפיסה־קאַנצעלאַריעס. דאָרטן האָט נחום דערזען זײַן טאַטן שטיין, מיטן היטל אין האַנט, בײַם שרײַבטיש פון אַ ציוויל־געקליידטן באַאַמטן.

,,אָט איז אײַער זון, פאַן פריידאָוויטש,׳׳ האָט דער באַאַמטער געזאָגט. ,,שרײַבט אונטער די גאַראַנטיע, אַז ער וועט מער קיין מגע־ומשׂא נישט האָבן מיט אומלעגאַלע אַקטיוויטעטן.׳׳

משה־אברהם האָט זיך אַראָפּגעבייגט און שווײַגנדיק אונטער־געשריבן דעם בויגן.

,,איצטער זײַט איר פרײַ אים אַהיימצונעמען,׳׳ האָט דער באַאַמטער געזאָגט. ,,אָבער געדענקט, ס׳איז אייער חוב און אחריות אָפּצוהיטן אײַער יִינגל ער זאָל ווידער אַהער נישט אַרײַנפאַלן. קינדער איז נישט קיין קונץ צו האָבן, דאָס קאָן אַ קאַץ אויך באַווײַזן, אָבער זיי אויפברענגען און דערציען — דאָס דאַרף מען קאָנען!׳׳

דער באַאַמטער האָט איבערגעגעבן משה־אברהמען די באַפרײַונג־שײַן און באַגלייט ביידן ביז צו דער טיר, ווו משה־אברהם האָט אים וואַרעם געדאַנקט און געדריקט זײַן האַנט. מיט אײַליקע טריט האָבן טאַטע און זון, שווײַגנדיקע, פאַרלאָזן די תּפיסה־געביידע און אַרויס אויף דער פרײַ, צוריק אַהיים.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָט מען אויך חיימלען, נחומס חבר, פריי־געלאָזן.

# די אַנטוישונג

אויפֿן וועג אַהיים קיין אָטוואָצק, האָט נחום געגעבן משה־אברהמען אַ תּקיעת־כּף צוזאָג, אַז אַזוי לאַנג ווי ער וועט אײַנשטיין אין הויז, וועט ער זיך נישט אומקערן אין דער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע. אין גיכן האָט משה־אברהם געפֿונען אַ באַקאַנטן קאַמאַשן־מאַכער, וואָס האָט מסכּים געווען אַרײַנצונעמען נחומען אויף דער לער. פֿון איצטער אָן איז נחום געווען פֿאַרשפּאַרט גאַנצע טעג אין סינאַי גודמאַנס וואַרשטאַטל אויף דער קופּיעצקאַ גאַס, אַקעגן איבער דעם שטאָטישן בית־מדרש. דאָס איז געווען אַ שמאָלע, לענגלעכע שטוב, וואָס האָט געדינט סײַ ווי אַ וואַרשטאַט, סײַ ווי אַ קיך, ווו כאַנטשע, סינאַיס קורץ ווײַבל, האָט געקאָכט און געבאַקן פֿאַר איר משפּחה. די קיך איז געווען אין ווינקל, האַרט בײַ דער טיר. ווײַטער צו, ביז צום פֿענצטער, וואָס איז אַרויס אויף דער גאַס, זײַנען געשטאַנען די צוויי ניימאַשינען און דעם מײַנסטערס שנײַדטיש. בײַ דער ניימאַשין, אויף רעכטס, איז געזעסן דער געזעל, שמעון, אַ יונגער־מאַן פֿון אַ יאָר דרײַסיק, מיט אַ געדיכטער, שוואַרצער טשופּרינע איבערן שמאָלן שטערן און געשטופּלטן פּנים. אין זײַנע ייִנגערע יאָרן איז ער געווען אַקטיוו אין אַרבעטער־פֿאַראיין, באַזונדערס אין דראַמאַטישן קרײַז, ווו ער האָט זיך אויסגעלערנט אַ היפּשע צאָל אַרבעטער־לידער, וואָס ער האָט ליב געהאַט צו זינגען בײַם שטעפּן די כאָליעווקעס. אָבער דאָס אַלץ איז געווען פֿריער, מיט עטלעכע יאָר צוריק, איידער ער האָט תּנאָים געשריבן מיט פֿרומעטן, אַ מיידל פֿון אַ באַלעבאַטיש־ייִדישלעכער היים. צוליב איר טאַקע האָט שמעון זיך אויסגעלײַטישט, אויפֿגעהערט צו קומען אין פֿאַראיין אַרײַן, און פֿון צײַט צו צײַט זיך געלאָזט אַפֿילו צורעדן פֿון זײַן

צוקונפטיקן שווער ער זאָל מיט אים מיטגיין שבת אין דער פרי צום דאַוונען.

סינאַי גודמאַן, דער מײַנסטער, איז געווען אַ צוגעלאָזענער מענטש, וואָס האָט הנאה געהאַט פון לעבן בכלל און פון זײַן ווײַבל, כאַנטשע, בפרט. אין אַלעמענס אויגן פלעגט ער אַרומנעמען איר פולע טאַליע און זיך פּאָסמאַקעווען מיט איר. געווען איז ער אַ גוטער בעל־מלאכה, וואָס האָט געניית פאַר די בעסערע שיך־געשעפטן אין שטאָט. משה־אברהם האָט געהאָפט, אַז בײַ אים וועט זיך נחום אויס־לערנען אַ בעסערע סאָרט אַרבעט ווי אין זײַן אייגן אָפּגעלאָזן וואַרשטאַטל.

כאָטש נחום האָט געהאַט אַן אַנונג אין דער שטעפּער־מלאכה פון צוקוקן זיך און אָפט מאָל אַרויסהעלפן דעם טאַטן, האָט אים סינאַי גודמאַן נישט צוגעלאָזן נייען די פײַנע לעטשלעך און שוכוואַרג, וואָס מען האָט בײַ אים באַשטעלט. ער האָט אים צוגעטיילט זײַטיקע און מינדערווערטיקע טועכצן, פון וועלכע נחום האָט דאָס פאַך נישט געקאָנט דערלערנען. דאָך האָט דער מײַנסטער געהאַט אַ נוצן פון נחומען און, נאָך עטלעכע חדשים, אים גענומען צאָלן אַ קליינעם געהאַלט פון צען זלאָטעס אַ וואָך.

אין די אָוונטן, נאָך דער אַרבעט, פלעגט נחום זיך אַרײַנטון אין לייענען ביכער, אין פּויליש און אין יִדיש, וואָס ער פלעגט נעמען אין דער לײַ־ביבליאָטעק אויף דער וואַרשעווער גאַס. דער אייגנטימער פון דער ביבליאָטעק, אַן אַלטער ראַדיקאַל־געשטימטער משׂכּיל, האָט צוגעשטעלט נחומען פון בעסטן, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין דער יִדישער, פּוילישער און וועלט־ליטעראַטורן אין איבערזעצונגען. פון צײַט צו צײַט פלעגט נחום זיך אַרײַנכאַפּן אין אַרבעטער־פאַראיין אויף אַ קעסטל־אָוונט פרײַטיק צו נאַכטס אָדער אַ פאַרזאַמלונג פון דער יוגנט־סעקציע שבת נאָך מיטאָג. אָבער דעם תקיעת־כּף צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן דעם טאַטן נאָכן אַרויסקומען פון תפיסה, האָט ער געהאַלטן; טראָץ די פאָדערונגען פון חברים, האָט ער זיך נישט אָנגעשלאָסן ווידער אין דער אומלעגאַלער יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

פון צײַט צו צײַט פלעגט נחום זיך אויך אַריבערכאַפּן צו לעאָנען אין שטוב און צוזאַמען פלעגן זיי פאַרברענגען ביז שפּעט אין דער נאַכט אין לייענען און אין ערנסטע פּאָליטישע און פילאָסאָ־פישע דיסקוסיעס. מער ווי פריער האָט לעאָן אַצינד באַדאַרפט נחומס פרײַנדשאַפט; אומגעריכט האָט יאַדזשאַ, לעאָנס ווײַב, אים פאַרלאָזן און צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. מען האָט געשמועסט, אַז זי האָט זיך

אויסגעזוכט אַן אַנדערן געליבטן, אויך אַ שנײַדער, אָבער אַ מער סאָלידער און געזעצטער מאַן ווי לעאָן. אין דער זעלבער צײַט האָט זיך לעאָן אויך אײַנגעריסן מיט די חברים פון דער פּאַרטיי, וואָס האָבן מיט אַ מאָל זיך גענומען דערווײַטערן פון אים.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיטן פּלוצעמדיקן אַרעסט פון בן־ציון קעזמאַן, אַ מיטגליד פון חסידישן קעמערל בײַם קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד. דאָס קרײַזל איז באַשטאַנען פון אַ צאָל יונגע־לײַט און מיידלעך פון סאַמע פרומע, באַלעבאַטישע משפחות אין שטאָט. צווישן די מיטגלידער און סימפּאַטיקער פון דער גרופּע זײַנען געווען: דעם שטאָטישן רבינס אַ יונגערע שוועסטער, אַ זון פון קאַזיאָנעם רב, אַ צאָל זינדלעך פון שוחטים און קצבים און נאָך אַזעלכע יונגע־לײַט און מיידלעך. אַלע די האָבן געפירט אַ טאָפּל־לעבן — אין דער היים און אין גאַס זיך געפירט ווי סע פּאַסט פאַר לײַטן און אין דער זעלבער צײַט געווען אַרײַנגעטון אין דער באַהאַלטענער פרײַדענקערישער און רעוואָלוציאָנערער סביבה. אָנגעטון אין חסידישע קאַפּאָטעס און אין יידישע היטעלעך, די פּאהלעך פאַרבויגן הינטער די אויערן, פלעגן זיי זיך טרעפן אָפּט אין שטובן פון די, וואָס האָבן געוווינט פאַר זיך, ווו זיי האָבן פרײַ פאַרברענגט — גערייכערט, דיסקוטירט פּאָליטיק און געפלירטעוועט.

אייניקע פון זיי זײַנען, חוץ מזה, געווען אַרײַנגעטון אין ערנסטער אומלעגאַלער, קאָמוניסטישער אַרבעט. איינער פון אָט די חסידישע אַקטיוויסטן איז געווען בן־ציון קעזמאַן — אַן איידל ייִנגל, קוים אַכצן יאָר אַלט, מיט אַ בלאָנדן שפּראָץ פון אַ בערדל און קורצע, פאַרבויגענע פּאות. בן־ציונס עלטערן, וואָס האָבן געהאַט אַ יאַטקע אין באַזאַר, האָבן זיך געגרויסט מיט זייער זון, וועלכער האָט אויס־געקליבן צו ווערן אַ לערנער און נישט קיין קצב, ווי זײַנע ברידער. האָבן זיי אים באַזאָרגט מיט אַלעם נייטיקן, ער זאָל קאָנען אומגע־שטערט זיצן על התורה ועל העבודה. אַזוי אַרום האָט בן־ציון געהאַט גענוג פרײַע צײַט צו דינען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און אויספירן פאַר איר די סאַמע געפערלעכסטע שליחותן. איינע פון די איז געווען דאָס צושטעלן אומלעגאַלע ליטעראַטור קיין דעמבלין, האַלבוועג אויף דער באַנליניע קיין לובלין. אין דער דעמבלינער פעסטונג איז אײַנגעשטאַנען אַ גרויסער גאַרניזאָן פון דער פּוילישער אַרמיי, און ס׳איז געווען פון גאָרער וויכטיקייט צוצושטעלן רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור פאַר די אונטערערדישע אַרמיי־צעלן.

אָט די אויפֿגאַבע איז איבערגעגעבן געוואָרן בן־ציונען און ער האָט זי מיט שטאָלץ און געניטקייט אויסגעפֿירט. אָנגעטון אין חסידישע מלבושים, איז ער איין מאָל אין חודש געפֿאָרן מיט דער באַן קיין דעמבלין, פֿירנדיק מיט זיך אַ טשעמאָדאַן מיט קאָמוניסטישן פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל, וואָס ער פֿלעגט צושטעלן צו אַ פּוילישן באַן־אַרבעטער, אַ פֿאַרלעסלעכער פּאַרטיי־מענטש און פֿאַרבינדלער מיט די אַרמיי־קעמערלעך. די דאָזיקע ריזיקע רייזעס זײַנען אָנגעגאַנגען אַ לענגערע צײַט אָן שום מכשול ביז בן־ציון איז מיט אַ מאָל אַרעסטירט געוואָרן.

געשען איז עס פֿאַר פּסח, 1936. ווען בן־ציון איז, ווי אַלע מאָל, אָנגעקומען מיט דער טריפֿהנער סחורה אין באַן־אַרבעטערס הויז, האָט די פֿרוי אים געבעטן זיך צוזעצן און איז אַרויס רופֿן איר מאַן. זי איז צוריקגעקומען מיט אַ מיליטער־זשאַנדאַר, וואָס האָט בן־ציונען גלײַך אַרעסטירט. שפּעטער האָט מען אויסגעפֿונען, אַז דעם באַן־אַרבעטערס פֿרוי האָט זיך דערוווּסט, אַז איר מאַן האָט אַ געליבטע, מיט וועלכער ער פֿאַרברענגט אָפֿט, האָט זי דעם גאַנצן פֿאַרדרוס קעגן איר מאַן אויסגעלאָזט צו זײַן יונגן ייִדישן חבר. מען האָט בן־ציונען אָפּגעפֿירט אונטער אַ שטרענגער וואַך אין דער לובלינער טורמע, וווּ ער האָט דורכגעמאַכט לאַנגע פֿאָרשונגען און עינויים ביז מען האָט אים פֿאַרשפּאַרט אין אַ קאַמער און גענומען גרייטן דעם פּראָצעס.

דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן לעאָנס צרות מיטן שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט. בן־ציונס מוטער, אַ קלוגע און ענערגישע פֿרוי, האָט זיך דערוווּסט, אַז לעאָן איז געווען איר זונס מענטאָר און מסתמא איינער פֿון די, וואָס האָבן אים געשיקט אויף דער געפֿערלעכער שליחות. פֿלעגט זי אָפֿט קומען צון אים און פֿאָדערן אויפֿן קול, אַז די פּאַרטיי זאָל באַזאָרגן איר זון מיט אַ פֿאַסיקן אַדוואָקאַט, וואָס זאָל זיך באַמיען צו פֿאַרקלענערן זײַן שטראָף. לעאָן האָט געבערענגט אירע פֿאָדערונגען צום פּאַרטיי־קאָמיטעט און איז דאָרט שטאַרק אָנגעגריפֿן געוואָרן פֿאַר פֿאַרהאַנדלען מיט אָט דער ייִדענע און אַזוי אַרום זיך מודה זײַן, אַז ער האָט אַ שייכות צו איר זונס אַרעסט. אויסער דעם, האָט ער נישט געטאָרט איר צוזאָגן, אַז ער וועט קריגן געלט פֿאַר איר זון, ווײַל דער אָנגענומענער באַשלוס איז צו העלפֿן אַרעסטירטע, וועלכע קומען פֿון אָרעמע, פּראָלעטאַרישע היימען און נישט פֿון פֿאַרמעגלעכע עלטערן. אויפֿגעבראַכט פֿון זיינע חברימס אוממענטשלעכן צוגאַנג, האָט לעאָן אויסגערופֿן:

,,חברים! כ'זע איַין, אַז ביַי איַיך האָט דאָס יונגע לעבן פון אַ טריַיען חבר גאָר קיין ווערט נישט! עס איז ווי אַ ציטרין — דעם זאַפט קוועטשט איר אויס און די שאָל וואַרפט איר אַוועק.''

,,דאָס זיַינען רייד פון אַ רענעגאַט פון אַרבעטער־קלאַס און נישט פון קיין באַוווּסטזיניקן קאָמוניסט!'' האָט אים דער פאָרזיצער אויסגעמוסרט.

,,דאָס איז מיַין אַרבעט און דאָס איז די לויִן,'' האָט לעאָן געענטפערט אַ פאַרביטערטער. אַ וויַילע האָט אין צימער געהערשט אַ טויטע שטילקייט. דער פאָרזיצער האָט געשלאָסן די זיצונג און די חברים זיַינען זיך צעגאַנגען אָן אַ זיַי־געזונט צו לעאָנען.

בן־ציונס מאַמע האָט נישט אויפגעהערט צו קומען אין לעאָנס שטוב און פאָדערן אירס. לעאָן האָט איר נישט געהאַט, וואָס צו זאָגן און פלעגט אָפּט מאָל, אין נחומס ביַיזיַין, זיך באַציַיטנס באַהאַלטן אינעם מלבושים שענקל. די פרוי האָט אָבער נישט אויפגעגעבן און געדולדיק געוואַרט ביז לעאָן איז אַ פאַרשעמטער אַרויס פון דער שאַנק. ער איז נאָך אַ מאָל געקומען צום פאַרטיי־קאָמיטעט און אַפּעלירט צו זייער געוויסן, אָבער אָן רעזולטאַט. דער קליינער לעאָן, דער אומדערשראָקענער, הייסער קאָמוניסט, איז מיט אַ מאָל געשטעמפּלט געוואָרן ווי אַ ,,שׂונא פון פאָלק'' און אַלע קאָנטאַקטן מיט אים זיַינען אָפּגעהאַקט געוואָרן.

* * *

געוועזן איז עס פונקט אין דער ציַיט, ווען ס'האָט זיך אין מאָסקווע אָנגעהויבן דער ערשטער פּראָצעס פון די אַלטע באָלשע־וויקעס — זינאָוויעוו, קאַמענעוו און אַנדערע — וואָס האָבן זיך אַלע מודה געווען אין די פאָרגעוואָרפענע פאַרברעכנס און פאַרמשפּט געוואָרן צום דערשיסן. נחום און לעאָן האָבן נאָכגעפאָלגט מיט שטוינונג דעם גאַנג פון פּראָצעס. ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן ביידע שטודירט די געדיכט־באַשריבענע בויגנס פון פּראָקוראָר ווישינסקיס באַשולדיקונגען קעגן די פאַררעטער, שפּיאָנען און דיווערסאַנטן. לעאָן האָט זיך צום ערשט געוואַקלט און פּרובירט באַרעכטיקן די פאַרטיי־ליניע. האָט דאָך סטאַלין, נאָך אין דריַי־און־דריַיסיקסטן יאָר, פאָרויסגעזאָגט, אַז מיטן דערנענטערן זיך צום פינאַלן זיג פון סאָציאַליזם אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועט דער קלאַסנקאַמף נאָך מער פאַרשאַרפט ווערן.

„אָבער לעאָן,‟ האָט נחום געטענהט, „איך דו ביסט פון דײַנע אײגענע חברים דאָ־הי געשטעמפּלט געוואָרן ווי אַ ׳שׂונא פון פאָלק׳. דער אונטערשייד איז בלויז, וואָס דאָ, אין האַלב־פאַשיסטישן פּוילן, קאָנען דײַנע חברים דיך נישט צווינגען זיך מודה צו זײַן אין די אַלע חטאים. אָבער דאָרטן, אין מאָסקווע, האָט מען, דורך פּײַניקונגען און דראָונגען קעגן זייערע משפחות, אויסגעפּרעסט פון די באַשולדיקטע זייערע ווידויים.‟

נאָך שעהען לאַנגע שקלא־וטריאס, זײַנען ביידע, לעאָן און נחום, געקומען צום אויספיר, אַז דער מאָסקווער פּראָצעס און די אַנדערע פאַרפאָלגונגען און אַרעסטן זײַנען נישט מער ווי אַ ווענדעטע פון סטאַלינען קעגן זײַנע קריטיקער און אָפּאָנענטן און מעגלעך אויך אַ באַרבאַרישער פּרווו צו אוזורפּירן די מאַכט, פּונקט ווי נאַפּאָלעאָן האָט עס געטון בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. בלית־ברירה האָט לעאָן זיך געטרייסט, אַז די קאָמוניסטישע אידעע, כאָטש זי איז פאַרקריפּלט געוואָרן דורך סטאַלינען, פאַרמאָגט דאָך אַ הומאַניטאַרן קערן, וואָס וועט דערמעגלעכן איר ווידערבאַנײַאונג. נישט ווי פאַשיזם, וואָס פּרעדיקט אומפאַרשעמט ראַסנהאַס און מאָרד, איז די לערע פון מאַרקס און לענין; איר קווינטעסענץ איז די סאָלידאַריטעט פון דער מענטשהייט. פּונקט ווי דאָס קריסטנטום, מוז זיך דער קאָמוניזם אומקערן צו זײַנע אמתדיקע יסודות. אַ טאָג וועט קומען, האָט לעאָן נביאות געזאָגט, ווען סטאַלין, ווי יעדער בשר־ודם, וועט זײַן אַש און פאָרעך און אַלע אומשולדיק־פאַרמשפּטע מענטשן וועלן ריינגעוואַשן ווערן. די געשיכטע, האָט ער אויסגעפירט, פאַרלײַדט נישט קיין נבלות; דער אמת מוז פריער צי שפּעטער אַרויסקומען ווי אייל אויפן וואַסער.

„אָבער לעאָן,‟ האָט נחום אויפגעציטערט, „טויזנטער מענטשן ווערן טאָג־טעגלעך אַרעסטירט, געפּײַניקט און געמאָרדעט, און דו רעדסט וועגן דעם משפּט פון דער געשיכטע? ווער וועט אויפריכטן די אַלע פאַרשניטענע לעבנס און פאַרגיטיקן די לײַדן פון זייערע משפחות? זײַ מודה, לעאָן, אַז מיר האָבן געדינט אַ פאַלשן גאָט, אַ מולך, וואָס פאַרצוקט זײַנע אייגענע קינדער.‟

לעאָן האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און שווײַגנדיק מסכּים געווען מיט נחומען.

סוף אַפּריל איז אין לאָקאַל פון אַרבעטער־פאַראיין גערופן געוואָרן אַן עפנטלעכע פאַרזאַמלונג, כּדי צו פאַרדאַמען די רענעגאַטן

און פאַררעטער אין ראַטן־פאַרבאַנד, און די רכילות־טרײַבער און פאַרלוימדער אויסער אירע גרענעצן.

ביידע צימערן פון לאָקאַל זײַנען געווען איבערפולט מיט מיטגלידער און סימפּאַטיקער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין שטאָט. איינער נאָכן אַנדערן האָבן די רעדנער בײַם טיש אויבן אָן פאַרדאַמט און אַרונטערגעריסן די בורזשואַזע פּאָלייקענער פון דער סאָציאַליסטישער יוסטיץ אין סאָוועטן־לאַנד. אײַנשטימיקע רעזאָ־לוציעס זײַנען אָנגענומען געוואָרן צו עלימינירן פון די אַרבעטער־רײַען די טראָצקיסטן און סאָציאַל־פאַשיסטן מכּל המינים.

נחום איז געזעסן אײַנגעדרענגט צווישן עולם און נישט געוואַגט אַרויסצוקומען מיט אַ וואָרט דערקעגן. אָבער ווען אָשר זילבער, דער פאָרזיצער פון דער יוגנט־סעקציע, איז אַרויסגעקומען מיט אַ פאָרשלאַג צו באַזייטיקן לעאָנען פון אַלע אינסטאַנצן פון פאַראיין, האָט נחום זיך אויפגעשטעלט און, נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, זיך דורכגעשטופּט צו דער טיר און אַרויס פון לאָקאַל. ער איז אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג איבערן פעלד, וואָס האָט געפירט צו שווידערסקע גאַס, ווען ער האָט דערהערט ווי עמעצער רופט אים. נחום האָט זיך אומגעקוקט און דערזען ווי זײַן חבר, משה געלמאַן, לויפט אַ פאַרסאָפּעטער און רופט צון אים:

„וואַרט, נחום! כ׳גיי מיט דיר! כ׳בין מער נישט קיין חבר אין יוגנט־פאַרבאַנד!״

# בונדיסטן

נאָך דעם ווי משה געלמאַן איז אַרויס צוזאַמען מיט נחומען אין מיטן פון מיטינג אין אַרבעטער־פאַראיין, האָט זיך געשאַפן אַרוםביידן אַ קרײַז פון יוגנטלעכע, געוועזענע מיטגלידער און סימפּאַטיקער פון קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד. צום ערשט איז געקומען פּיניע צוקערקאָפּ. נאָך אים האָט זיך באַוויזן אַבראָם קליינמאַן, אַ הויך יינגל מיט אַ לענגלעך, איידל פּנים און ברייטן שטערן. ער איז געווען דער זון פון אַ זייגער־מאַכער אויף דער קופּיעצקע גאַס, וועלכער האָט זיך געקאָנט דערלויבן צו שיקן זײַן זון אין דער פּריוואַטער גימנאַזיע, ווו סע האָבן זיך געלערנט מערסטנס רײַכע קינדער. אַבראָם איז געווען אינטעליגענט און פֿעיִק, האָט פאַרמאָגט אַ ברייטן אויסקוק און אַ לאָגישן אופן פון דענקען. צו די פיר זײַנען צוגעשטאַנען נאָך אַ צוויי־דרײַ יוגנטלעכע פון דער יוגנט־סעקציע בײַם פאַראיין, ווו לעאָן איז אין משך פון אַ צאָל יאָרן געווען געשעצט און באַליבט. שבת נאָך מיטאָג פלעגן זיי זיך טרעפן מיט לעאָנען און צוזאַמען זיך אַוועקלאָזן אין שטאָטישן פאַרק און דאָרטן האַלטן לאַנגע דיסקוסיעס וועגן דעם מהות פון סטאַלינישן קאָמוניזם און דעם אמתן, פרײַהײַטלעכן סאָציאַליזם. אַלע האָבן מסכים געווען, אַז אין ראַטן־פאַרבאַנד האָט די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט דעגענערירט אין אַ דיקטאַטור פון איין פּאַרטיי, וואָס זי זעלבסט איז געוואָרן אַ ווערקצײַג פון אַ ברוטאַלן דיקטאַטאָר און זײַן קליקע. אָבער ווער זאָל אין די אַרבעטער־רײַען פאַרנעמען דאָס אָרט פון דער ברייט־פאַרצווײַגטער און דיסציפּלינירטער קאָמפּאַרטיי, וועגן דעם זײַנען אָנגעגאַנגען כסדרדיקע וויכּוחים.

עטלעכע מאָל האָט אין די שמועסן אָנטייל גענומען לעאָנס אַ חבר, אַן אַנאַרכיסט פון וואַרשע. גערופן האָט מען אים פּיניע און ער פלעגט קומען צו גאַסט צו לעאָנען צוזאַמען מיט זײַן פרוי עוואַ, ביידע אידעאַליסטן, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער פרײַע צײַט און ענערגיע צו פאַרשפּרייטן דעם אַנאַרכאָ־סינדיקאַליסטישן געדאַנק. פּיניע איז געווען פון מיטעלן וווקס, מיט אַ גוטמוטיק, צוגעלאָזן פּנים; עוואַ, זײַן פרוי, איז געווען העכער פון אים, מיט געדיכט־שוואַרצע האָר, פאַרקעמט הינטערווײַלעכץ אין אַ גרעק. געווען איז פּיניע אַ שטובן־מאַלער פון פאַך, מער אַרבעטסלאָז ווי באַשעפטיקט. סײַ ער און סײַ זײַן פרוי האָבן ווייניק אַכט געלייגט אויף זייער מאַטעריעלן צושטאַנד אָדער זייער אָרעמען הולך. די אידעען פון אַנאַרכיזם האָבן זיך אָבער אויסגעוויזן צו לעאָנען און זײַן גרופּע צו פיל פאַרנעפּלט און נישט רעאַל. אָן אַ צענטראַלער מלוכה, אָן יורידישע אָדער לעגיסלאַטיווע אָרגאַנען, בלויז פרײַ־אַסאָציאירטע און לויז־געבונדענע סאָציאַלע קערפּערשאַפטן, וואָס לעבן אין ברודערשאַפט און האַרמאָניע — דאָס אַלץ האָט אויסגעזען צו שיין צו קענען רעאַליזירט ווערן אין לעבן.

געבליבן זײַנען דעריבער די צוויי לעגאַלע אַרבעטער־פּאַרטייען — די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און דער „בונד". ביידע האָבן פאַר לעאָנען און זײַנע יונגע חברים אויסגעזען צו זײַן צו ווייניק רעוואָלוציאָנער און נישט גענוג אַנטשלאָסן אין זייער קאַמף פאַר אַ סאָציאַליסטיש פּוילן. אָבער בכדי צו קענען וואַקסן און פאַרוואַנדלען די גרופּע אין אַ שטאָטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, איז נישט געווען קיין אַנדער ברירה ווי צו פאַרבינדן זיך מיט איינער פון די פּאַרטייען. אין שטאָט איז געווען טעטיק אַן אָפּטיילונג פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אָבער קיין יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָבן זיי נישט פאַרמאָגט. בכלל, האָט קיינעם נישט געצויגן צו דער פּוילישער פּאַרטיי, ווו די גאַנצע טעטיקייט איז געפירט געוואָרן אין פּויליש און ווו בלויז אַסימילירטע ייִדן האָבן געקאָנט געפינען פאַר זיך אַן אָרט. איז דעריבער געבליבן זיך אָנצושליסן אין „צוקונפט", די יוגנט באַוועגונג פון אַלגעמיינעם ייִדישן אַרבעטער־בונד אין פּוילן, און עפענען אין שטאָט אַזאַ אָפּטיילונג. דאָס איז אָבער נישט געווען קיין לײַכטער ענין. זינט דעם סוף פון דער וועלט־מלחמה איז די ייִדישע יוגנט פון אָטוואָצק און דערבײַיִקן קאַרטשעוו געווען באַהערשט פון פאַרשיידענע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון איין זײַט, און פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון דער צווייטער זײַט. אמת, אין

שטאָט האָבן געלעבט עטלעכע עלטערע בונדיסטן, וואָס זײַנען מיט יאָרן צוריק געווען טעטיק אין אַ קולטור־ליגע, ווו סע פלעגן פאָרקומען יידישע לעקציעס און רעפעראַטן. נישט האָבנדיק קיין פעיִקע אָנפירער און קיין סך מיטגלידער, איז די ליגע זיך צעפאַלן און אין גאַנצן פאַרגעסן געוואָרן.

אין וואַרשע אָבער, ווי אין פיל אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פוילן, האָט דער „בונד״ אויפגעבויט אַ ברייטע נעץ פון אָרגאַ־ניזאַציעס, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און קולטור־ און ספּאָרט־קלובן. דער „בונד״ אין פוילן האָט אויפגעגעבן זײַן אַמאָליקע נײַטראַלע שטעלונג בנוגע אַסימילאַציע און איז געווען אין די פאָדערשטע רייען פון די בויער פון דער יידיש־וועלטלעכער קולטור, פרעסע און שולוועזן. אין די דרײַסיקער יאָרן, ווען ס׳האָט זיך פאַר־שטאַרקט דער אַנטיסעמיטיזם אין לאַנד און די טויערן פון פאַלעסטינע זײַנען געווען געשלאָסן, האָט דער „בונד״ זיך אַרויסגערוקט ווי דער פאַרטיידיקער פון די יידישע פאָלקסמאַסן, פאַר זייער רעכט צו לעבן און אַרבעטן אין פוילן.

ס׳איז געווען אין מיטן זומער, ווען לעאָן מיט זײַנע יונגע חברים האָבן, שפּאַצירנדיק שבת נאָך מיטאָג אין שטאָטישן פּאַרק, זיך געטראָפן מיט אַ נײַ־געקומענעם בונדיסט פון וואַרשע, חבר פראָים. אַ הויכער מאַן, מיט אַ לענגלעך, ערנסט פּנים, שטיל און באַזאַכט אין זײַנע רייד, האָט חבר פראָים גלײַך געוווּנען דעם צוטרוי פון די יוגנטלעכע. צוזאַמען האָבן זיי גענומען פּלאַנירן די עטאַבלירונג פון אַ בונדישער אָרגאַניזאַציע אין אָטוואָצק.

פון זײַנע יונגע יאָרן אָן איז חבר פראָים געווען איבערגעגעבן בלב־ונפש דעם אידעאַל פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און דער עמאַנציפּאַציע פון די יידישע מאַסן אין פוילן. נאָך אין זײַן היימשטאָט פּאַרטשעוו, איז ער געווען אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף עטלעכע יאָר טורמע פאַר אומלעגאַלער אַרבעט. נאָכן אַרויסקומען אויף דער פרײַ, איז ער אַוועק קיין וואַרשע. דאָרטן איז ער אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין די ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פון איין זײַט — די נאָכפאָלגער פון דער פּאַרטיי־ליניע; פון דער אַנדערער זײַט — די טראָצקיסטישע אָפּאָזיציע. צום סוף זײַנען די אָפּאָזיציאָנערן אויסגעשלאָסן און דערווײַטערט געוואָרן מחוץ למחנה. די אויסגעשלאָסענע האָבן אײַנגעזען, אַז זיי זײַנען נישט בכוח צו שאַפן אַן אייגענע פּאַרטיי, האָבן זיי, בלית־ברירה, געמוזט זיך

אָנשליסן אין עקסיסטירנדיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, כּדי לגמרי נישט ווערן אָפּגעריסן פון די אַרבעטער־מאַסן. פּראָים מיט נאָך אַ צאָל יִדיש־רעדנדיקע חברים זײַנען אַוועק צום „בונד" און זיך דאָרט פאַרהיימישט.

די יאָרן אין תפיסה האָבן אונטערגעגראָבן חבר פּראָימס געזונט. ער האָט געליטן פון טובערקולאָז און דעריבער זיך אַריבערגעקליבן קיין אָטוואָצק, וואָס האָט געשמט ווי אַ היילאָרט פאַר לונגען־קראַנקע. דאָ האָט ער געפונען אַרבעט אין אַ פריזיר־אַנשטאַלט און געגומען זיך אַרומזען, ווי אַזוי אויפצושטעלן אַ בונדישע גרופּע אין שטאָט. גאָר גיך האָט ער אויסגעפונען וועגן לעאָנען און זײַן חברה און צוזאַמען האָבן זיי גענומען לייגן דעם יסוד פאַר אַ נײַער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אין אַ הויז פון אַן עלטערן בונדיסט איז צו שטאַנד געקומען אַ טרעפונג פון די עטלעכע שטאָטישע בונדיסטן מיט פּראָימען, לעאָנען און די יונגערע אַקטיוויסטן. די עלטערע בונדיסטן זײַנען געווען פאַרוואונדערט פון וואַנען ס'האָבן זיך גענומען די אַלע יוגנטלעכע, וואָס האָבן מיט ענטוזיאַזם און ברען זיך געגרייט אַרײַנצוּוואַרפן אין דער אַרבעט. זיי האָבן צונויפגעזאַמלט עטלעכע הונדערט זלאָטעס, כּדי צו דינגען אַ לאָקאַל, ווו די מיטגלידער זאָלן קאָנען אויסברייטערן זייער טעטיקייט.

סוף זומער זײַנען דערלײדיקט געוואָרן די פאָרמאַליטעטן מיט דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון יוגנט־בונד „צוקונפט" און דער לאָקאַל פון „בונד" אין אָטוואָצק איז געעפנט געוואָרן אין אַ צווײשטוביק הויז אויף לודנע געסל, נישט ווײַט פון דער באַנראַמפּע. די דירה מיט דער וועראַנדע פון פאָרנט זײַנען אויפגעפרישט געוואָרן דורך אייגענע חברים, סטאָליאַרעס און שטובן־מאַלער, און די יוגנטלעכע האָבן באַצירט די ווענט מיט פאַרבעגע קייטן און אויפשריפטן. פון די עלטערע חברים האָט מען געקראָגן פאָרטרעטן פון בייניש מיכאַלעוויטש, מעדעם און אַנדערע פירער פון דער פּאַרטיי. יוגנטלעכע און עלטערע חברים האָבן געבראַכט פון זייערע היימען יִדישע ביכער און צײַטונגען און צונויפגעשטעלט אַ ביבליאָטעקל און לייען־ווינקל. פּראָימס אַ חבר, אַ געוועזענער מוזיק־לערער און אַצינד אַ פּאַציענט אין דער „מרפא"־סאַנאַטאָריע, האָט אײַנשטודירט מיט דער חברה יִדישע פאָלקס־ און אַרבעטער־לידער און געגרייט צו גרינדן אַ כאָר. עס זײַנען יעדעס מאָל צוגעקומען נײַע יוגנטלעכע און קינדער; מען האָט זיי געמוזט אײַנטיילן אין גרופּעס און קרײַזן, יעדע מיט איר העלפער און אָנפירער.

צו דער פֿײַערלעכער דערעפֿענונג פֿון דער נײַער אָרגאַניזאַציע איז פֿון וואַרשע אַראָפּגעקומען אַ ספּעציעלער גאַסטרעדנער. סע האָבן זיך געהערט רעדעס און באַגריסונגען, טאָסטן און לחיימס, געזאַנגען און רעציטאַציעס ביז שפּעט אין דער נאַכט. דער נײַער בונדישער יוגנט־פֿאַרבאַנד האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן און, צוזאַמען מיט דער קינדער־גרופּע, געציילט שוין איבער הונדערט מיטגלידער. נחום איז געווען פֿאַרנומען איבערן קאָפּ מיט זיצונגען, שמועסן און פֿײַערונגען אין בונדישן לאָקאַל, וואָס איז געוואָרן זײַן צווייטע היים.

מיטן אָנקום פֿון פֿרילינג האָט די „צוקונפֿט״־אָרגאַניזאַציע גענומען אײַנאָרדענען שפּאַצירן און אויספֿלוגן אויסער דער שטאָט. איינער פֿון די באַליבסטע פּלעצער איז געווען די מעדעם־סאַנאַטאָריע אין מיעדזעשין, דער שטאָלץ פֿון בונדישן דערציִאונגס־וועזן אין פּוילן, וואָס האָט צוגעצויגן וויזיטירער פֿון אַלע עקן לאַנד און פֿון אויסלאַנד. די יוגנטלעכע און קינדער, צוזאַמען מיט זייערע העלפֿער, פֿלעגן זיך אַרויסלאָזן באַלד אין דער פֿרי מיטן זאַמדיקן טראַקט, לענג־אויס דער באַנליניע קיין וואַרשע. מיטאָגצײַט פֿלעגן זיי אָנקומען קיין פֿאַלעניץ און דאָרט זיך פֿאַרהאַלטן אַ ווײַלע אין בונדישן לאָקאַל, אויף דער הויפּטגאַס פֿון שטעטל.

פֿון פֿאַלעניץ איז געווען בלויז אַ צוויי־דרײַ קילאָמעטער ביז מיעדזעשין. שוין פֿון דער פּלאַטפֿאָרמע פֿון דער דאָרטיקער באַנסטאַציע האָט מען געקאָנט זען פֿון ווײַטנס דעם רויטן דאַך פֿון דער הויפּט־געבײַדע פֿון דער סאַנאַטאָריע, וואָס איז געווען אַרומ־געגאַרטלט מיט ביימער, גראָז־געערטנדלעך און בלומענבײַטן. אין פֿראָנט פֿון דער געבײַדע איז געווען אַ באַגלאָזטע ווערענדע, ווו די קינדער האָבן גערוט נאָכן מיטאָג אויף אויסלייגבעטלעך. דורך אַ זײַטיקער טיר זײַנען די באַזוכער אַרײַן אין גרויסן עסזאַל, ווו מען האָט געגרייט די טישן פֿאַרן פֿאַרנאַכטיקן מאָלצײַט. אין אַנדערע צימערן זײַנען אָנגעגאַנגען סעסיעס פֿון קינדער־קאָמיטעטן, וואָס האָבן, צוזאַמען מיט די לערער און דערציִער, אָנגעפֿירט מיט אַלע אַספּעקטן פֿון טאָג־טעגלעכן לעבן אין דער סאַנאַטאָריע, ווי: ריינקייט און היגיענע, די ביבליאָטעק און ראַדיאָ־אָודיציעס א.א. די קינדער האָבן אויך אַכטונג געגעבן אויף דעם הינער־אינקובאַטאָר, דעם טויבנשלאַק, דעם בינשטאָק און מוראַשניק, ווי אויך אויפֿן גרינוואַרג־גאָרטן. אַנדערע האָבן אָנטיילגענומען אין כאָר און דראַמקרײַז, וואָס האָבן צוגעגרייט פֿאָרשטעלונגען און אָפּערעטעס,

געשריבן און אויסגעפירט פון די קינדער צוזאַמען מיט זייערע לערער און דערציִערס.

די מערסטע באַווינער פון דער סאַנאַטאָריע זײַנען געווען קינדער פון די ייִדישע דחקות־געגענטן פון וואַרשע און אַנדערע שטעט אין פּוילן. אַ סך פון זיי זײַנען אָנגעקומען אָפּגעשוואַכטע און אויסגעמאָגערטע און נאָך די פיר ביז זעקס וואָכן אין דער סאַנאַ־טאָריע פלעגן זיי זיך אומקערן מיט פאַרבעסערטן געזונט און מיט אָנגענעמע דערינערונגען פון אַ חבריש און פריידיק לעבן אין דער הייל־אינסטיטוציע. אין איינצלנע פאַלן פלעגן קינדער פאַרבלײַבן לענגער אין דער סאַנאַטאָריע, אפילו ביז אַ יאָר צײַט. איינער אַזאַ איז געווען שמואליק מינקאָווסקי, וועמענס טאַטע־מאַמע זײַנען דערמאָרדעט געוואָרן בעתן פּאָגראָם אין פשיטיק. אין דער מהומה, בשעתן איבערפאַל, האָט דער קליינער שמואליק זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ שאַפע און אַזוי אַרום זיך געראַטעוועט און פאַרבליבן אַ קײַלעכיקער יתום. האָט מען שמואליקן אָפּגעשיקט אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע ער זאָל זיך דערהאָלן איידער מען וועט אים אַרײַנגעבן אין אַ יתומים־הויז. דאָ, אין דער סאַנאַטאָריע, האָט מען אים אַרויסגעוויזן אויפמערק און ליבשאַפט פון אַלע זײַטן, אָבער שמואליק איז אַלץ פאַרבליבן אַ דערשראָקענער און פריטשמע־ליעטער פון דעם, וואָס ער האָט געזען און איבערגעלעבט.

ווי נאָר די אָפּרו־שעה איז פאָריבער, איז די סאַנאַטאָריע געוואָרן באַלעבט פון אַ סך קינדער, וואָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזן צו זייערע פאַרשיידענע אַקטיוויטעטן. טייל פון זיי זײַנען צוגעשטאַנען צו די יוגנטלעכע באַזוכער און זיי אַרומגעפירט איבערן שטח און זיך באַוויזן מיט זייער באַלעבאַטישקייט.

נחום האָט ליב געהאַט די דאָזיקע עקסקורסיעס און פלעגט אַלע מאָל זיך צוריקקערן אַן אויפגעהייטערטער און געשטאַרקטער אין זײַן גלויבן, אַז אַ פרײַהײַטלעך־סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט איז נישט בלויז אַ געשיכטלעכע נויטווענדיקייט, נאָר אויך אַ לעבנס־סדר, וואָס קאָן פאַרוויקלעכט ווערן.

*   *   *

האַרט פאַר פּסח איז שיינדל פּלוצעם אַהיימגעקומען פון הכשרה. נאָכן אָפּאַרבעטן אַרום זיבן יאָר אין פאַרשיידענע הכשרה־קבוצות, איז געקומען איר רײַ עולה צו זײַן קיין ארץ־ישׂראל. אמת, אַז קיין סערטיפיקאַט איז פאַר איר נישט געווען אָנגעגרייט; געדאַרפט

האָט זי אָנקומען אין לאַנד אויפֿן אומלעגאַלן וועג און דערצו איז נויטיק געווען, אַז זי זאָל דעקן כאָטש אַ טייל פֿון די הוצאות, אַ קיימא־לן פֿון פֿינעף־זעקס הונדערט זלאָטעס. צוליב דעם טאַקע האָט מען זי אַהיימגעלאָזט, זי זאָל איבער די זומער־חדשים זיך איינשאַפֿן דאָס געלט און זיך געזעגענען מיט די אייגענע.

שיינדל איז פֿאַרפֿאָרן מיט אַ דראָשקע און אַרײַן מיט אירע צוויי וואַליזעס אין היימישן רעסטאָראַנדל און, נאָכן צעקושן און אָנפֿרייען זיך מיט דער גאַנצער משפּחה, איז זי אַריין אין דער הינטערשטוב און דאָ דערזען דעם ביטערן מעמד פֿון דער משפּחה.

,,ווי קאָנט איר אַזוי לעבן, אין אַזאַן ענגשאַפּט און געדראַנג ? !״ האָט זי אויסגערופֿן. ,,מיר מוזן געפֿינען אַן אַנדערע שטוב ! אַזוי קאָן מען נישט אָנגיין !״

שיינדלס אַהיימקומען האָט אויפֿגעוועקט דאָס הויזגעזינד פֿון דער דערדריקנדיקער אָפּהענטיקייט, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפֿונען זינט זיי האָבן זיך אַרײַנגעקליבן אין דער הינטערשטוב פֿון רעסטאָראַן. משה־אברהם האָט אײַנגעזען, אַז די טאָכטער איז גערעכט : כּדי מען זאָל אָפּשפּאָרן אין די פּאָר חדשים דאָס נויטיקע געלט פֿאַר שיינדלס נסיעה, מוז מען זען צו פֿאַרגרעסערן די קליענ־טעלע. צו דעם דאַרף מען האָבן די צווייטע שטוב, אַזוי ווי ס׳איז געווען פֿריער. האָט ער זיך אַרומגעקוקט און געפֿונען אַ גאַנץ געראַמע שטוב, גראַדע דערנעבן, אויף דער זעלבער גאַס. ס׳האָט גענומען אַ צוויי טעג און משה־אברהם מיט נחומען האָבן איבערגעטראָגן דאָס ביסל שטובזאַכן, די בעטן מיט דער שאַנק און די ניימאַשינען, אין דער נײַער דירה און דאָרט אַלץ צוריק אויפֿגע־שטעלט ווי ס׳געהער צו זײַן.

נאָך דעם האָט שיינדל זיך אַ נעם געטון אויפֿצוריכטן דעם רעסטאָראַן. זי האָט געפּוצט און גערייניקט יעדעס ווינקל ; אָפּגע־פֿרישט און אויסגעצירט דאָס שויפֿענצטער ; באַדינט די געסט און אַרויסגעהאָלפֿן איטען אין דער קיך. אויך האָט זי אַכט געלייגט, ווי ווײַט מעגלעך, אויף די ייִנגערע קינדער. דער זומער האָט זיך געשטעלט און דער רעסטאָראַן אונטער שיינדלס השגחה האָט אויפֿגעלעבט און געוואָרן פֿול מיט געסט, היגע און צוגעפֿאָרענע. שיינדלס אַמאָליקע פֿרײַנד און חברים פֿון ,,החלוץ״ האָבן גענומען ווידער אַריבערקומען און דערמאָנען די פֿאַרגאַנגענע יאָרן, און פֿאַרברענגען בחברותא בײַ אַ גלעזל ביר און פֿאַרבײַסנס.

מיט שיינדלס אַהיימקומען איז נחום באַפֿרײַט געוואָרן פֿון

אַרויסהעלפן אין געוועלב. אַ גאַנצן טאָג איז ער אָפּגעזעסן בײַ דער אַרבעט אין סינאַיס קאַמאַשן־מאַכער־וואַרשטאַט און ווי נאָר ער איז אַהיימגעקומען און אָפּגעגעסן דעם אָוונט־מאָלצייט, האָט ער זיך געאײַלט אין בונדישן לאָקאַל, ווו ס׳האָט געוואַרט אויף אים אַזוי פיל אַרבעט. שיינדלען האָט פאַרדראָסן און ווײ געטון, וואָס נחום, איר ייִנגערער ברודער, צו וועמען זי איז געווען אַזוי צוגעבונדן, זאָל גאָר ווערן אַ בונדיסט, אַ קעגנער פון ציוניסטישן אידעאַל. זי האָט אַלע מאָל געחלומט, אַז נחום וועט נאָכקומען נאָך איר אין לאַנד אַרײַן און צוזאַמען וועלן זיי זיך מיען אַריבערצוברענגען די גאַנצע משפּחה. זי האָט דעריבער געפּרווווט אים אויפווײַזן און געבן צו פאַרשטיין, אַז ציוניזם און ארץ־ישׂראל זײַנען דער איינציקער אויסוועג פאַרן געפּלאָגטן ייִדישן פאָלק. אָבער נחום האָט זיך נישט געלאָזט איבער־צייגן און אַרויסגעקומען מיט אייגענע אַרגומענטן, אַז נישט עמיגראַציע, נאָר דאָיִקייט איז דער ענטפער פאַר די ייִדן אין פוילן. אָט גייט שוין אָן זינט עטלעכע יאָר אַן אויפשטאַנד פון די פּאַלעסטינער אַראַבער, וואָס ווילן נישט דערלאָזן, אַז מען זאָל זיי פאַרוואַנדלען אין אַ מינדערהייט אין זייער געבוירן־לאַנד. און ווי אַנדערש קאָן מען אויפשטעלן אַ ייִדישע מדינה, אויב נישט דורך צוואייגענען די אַראַבישע ערד, אַרויסשטויסן זיי פון די אַרבעט־פּאָזיציעס אין די שטעט און אַזוי אַרום צווינגען זיי צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד? און אפילו אויב דאָס וועט מיט דער צײַט געלינגען, צי קענען מיר ייִדן זיך פאַרוואַנדלען אין אונטערדריקער און אַרויסשטויסער, און אַזוי אַרום פאַרלירן די בכורה פון אַ געליטענער, גײַסטיקער נאַציע, וועמען עס זײַנען פרעמד שׂנאה, ענגהאַרציקייט און גוואַלדטאַטן? ווי ס׳זאָל נישט זײַן, האָט ער, נחום, אויסגעקליבן צו פאַרבלײַבן אין גלות, אין פוילן, און דאָ, אויפן אָרט, אויפצוהאַלטן און פאַרבעסערן דאָס ייִדישע לעבן.

גאָר גיך האָבן ביידע, שיינדל און נחום, אײַנגעזען, אַז זיי וועלן איינער דעם אַנדערן נישט איבעראַנדערשן; זיי מוזן ממשיך זײַן יעדער אויף זײַן אייגענעם וועג און מיט זײַן געדאַנקען־גאַנג. בלויז די צוקונפט וועט ווײַזן ווער ס׳איז געווען גערעכט און וועמענס דרך האָט געפירט צו אַ ליידונג אָדער, לכל־הפּחות, צו אַ לינדערונג פונעם מצב פון אייגענעם פאָלק.

דער זומער איז שנעל אַריבער און משה־אברהם איז געווען ביכולת צו באַזאָרגן די טאָכטער מיט דער נויטיקער סומע פאַר דער

אומלעגאַלער נסיעה. ביז קיין איטאַליע האָט שיינדל געדאַרפט פאָרן מיט אַ טוריסטן־עקסקורסיע, אָבער דאָרטן, בײַם ברעג פון מיטל־לענדישן ים, האָבן זיי זיך געדאַרפט לאָזן אומלעגאַל, אויף אַ ספּעציעל־געדונגענער שיף, צו די ברעגן פון ארץ־ישׂראל. די גאַנצע זאַך איז דעריבער געהאַלטן געוואָרן בסוד און בלויז די נאָענטע משפּחה און געציילטע חברטעס זײַנען געקומען איר באַגלייטן צו דער באַן. משה־אברהם האָט אַרומגענומען שיינדלען אוןֹ מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט:

,,זאָל דער השם־יתברך דיך ברענגען בשלום אין הייליקן לאַנד.״

,,כ׳על אָנקומען אַהין, טאַטעשי, און אַלע וועט עץ קומען שפּעטער צו. . . וועסט זען. . . מיט גאָטס הילף. . .״

מיט אַ יאָמערלעך געוויין האָט זי אַרומגענומען און געקושט איטען, די שטיפמאַמע, און נחומען מיט די יינגערע קינדער. דער קאָנדוקטאָר האָט אַ פײַף געטון און שיינדל האָט זיך אָפּגעריסן פון אירע אייגענע און אַריין אין וואַגאָן. דער צוג האָט גערירט און זיך געלאָזן מיט שיינדלען אין דער ווײַטער וועלט אַרײַן.

עטלעכע וואָכן זײַנען פאַרביי און פון שיינדלען האָט מען גאָרנישט געהערט. אין איינעם אַ פרימאָרגן איז אָנגעקומען אַ בריוו פון ארץ־ישׂראל, פון אַ קיבוץ אין גליל, ווו שיינדל האָט געפונען איר נײַע היים. שיינדלס בריוו האָט מען געלייענט און איבערגעלייענט פיל מאָל פאַר פרײַנד און שכנים. אַלע האָבן זיך געפרייט, וואָס זי האָט מצליח געווען און אָנגעקומען אין יידישן לאַנד. מער פון אַלעמען איז געווען דערפרייט משה־אברהם: זײַן טאָכטער איז אַצינד צווישן די בויער פון באַנײַטן יידישן לאַנד. מיט דער צײַט, און מיט גאָטס הילף, וועט ער און זײַן בני־בית אויך זוכה זײַן אַהינצוקומען.

* * *

# יונגע ליבע

געשען איז עס אין איינעם פון די ערשטע ווינטער־טעג, ווען נחום האָט שפּעט אין אָוונט באַגלייט פראַנקאַן פון בונדישן לאָקאַל צו איר היים. פון אַלע מיידלעך פון זיבעטן קלאַס האָט נאָר זי אַליין זיך אָנגעשלאָסן און געוואָרן אַקטיוו אין דער נײַער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. כאָטש אירע עלטערן זײַנען געווען פון מיטלשטאַנד — זיי האָבן פאַרמאָגט אַ צווייִשטאָקיק הויז מיט אַ גערוימער דירה פאַר זיך און עטלעכע דירות צום פאַרדינגען — האָט פראַנקאַ פון קינדווײַז אָן געפילט אַ נאָענטקייט צו די אָרעמע באַוווינער פון די אַרומיקע גאַסן. פונקט ווי נחום, איז אויך פראַנקאַ אייניקע מאָל קריטיקירט געוואָרן פון פאַני שימאַנסקאַ פאַר אירע געוואַגטע אַרויסזאָגונגען, אין שריפטלעכע אַרבעטן, וועגן דער דאָליע פון די אָרעמע און נויט־באַדערפטיקע.

צוליב דעם ערנסטן צוגאַנג צום לעבן איז פראַנקאַ נישט מיטגעריסן געוואָרן מיט אירע חברטעס, וואָס האָבן נאָכן ענדיקן די שולע באַזוכט די טאַנצזאַלן, ווו יוגנטלעכע פון באַלעבאַטישן שטאַנד פלעגן זיך פאַרווײַלן. פראַנקאַ האָט אויסגעמיטן די דאָזיקע ערטער און ליבערשט געבליבן אין דער היים און אַרויסגעהאָלפן אירע עלטערן אין מסחר. אין דער פרײַער צײַט האָט זי געגעבן פּריוואַטע לעקציעס; אַ מאָל זיך אויך אַרײַנגעכאַפּט מיט חברטעס אין שטאָ־טישן קינאָ.

זינט דעם גראַדויִר־אָוונט אין שולע האָט נחום נישט געהאַט קיין מגע־ומשׂא מיט פראַנקאַן. ווען זיי פלעגן זיך צופעליק באַגע־גענען אין גאַס, פלעגן זיי זיך העפלעך באַגריסן און גיין ווײַטער,

יעדער אויף זײַן וועג. נחומען האָט אויסגעפּעלט מוט זי צו פֿאַרהאַלטן, ווײַל ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז פֿראַנקאַ איז נישט וויליק דאָס זאָל געשען און דערפֿאַר פֿאַרגיכערט זי אומיסטן אירע טריט.

אין דעם יוגנט־בונד ,,צוקונפֿט'' איז פֿראַנקאַ געקומען צוליב חבר פּראָים, וואָס האָט צופֿעליק זיך געהאַט אַרײַנגעצויגן אין אַן איינצלשטיבל אויפֿן צווייטן שטאָק בײַ פֿראַנקאַס עלטערן אין הויז. אויף זײַן איידעלן, שטילן אופֿן, וואָס האָט געשטראַלט מיט פֿרײַנד־שאַפֿט און מענטשלעכקייט, האָט חבר פּראָים גאָר גיך געהאַט אַ השפּעה אויף פֿראַנקאַן, דער ווירטינס יונגע טאָכטער, מיט וועמען ער פֿלעגט ליב האָבן צו שמועסן. ווען די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט געפֿײַערט איר דערעפֿענונג, האָט חבר פּראָים מיטגענומען פֿראַנקאַן צו דער שׂמחה. פֿון דעמאָלט אָן איז זי געוואָרן אַן אָפֿטע אײַנגייערין אין דעם לאָקאַל און גאָר אין גיכן געוואָרן אָנפֿירן מיט איינער פֿון די קינדער־גרופּעס. אַזוי אַרום זיינען נחום און פֿראַנקאַ זיך ווידער צונויפֿגעקומען און געוואָרן נענטער בײַ דער אַרבעט אין יוגנט־בונד ,,צוקונפֿט''.

ס'איז געווען שוין נאָענט צו האַלבנאַכט, ווען נחום און פֿראַנקאַ זײַנען אַרײַן אינעם טונקעלן קאָרידאָר, וואָס האָט געפֿירט צו פֿראַנקאַס שטוב. אַרום איז געווען שטיל און רויִק. ס'האָט אויסגעזען, אַז די באַוווינער פֿון פּאַרטער און אייבערשטן שטאָק זײַנען אַלע פֿאַרזונקען אין אַ טיפֿן שלאָף. פֿראַנקאַס האָר זײַנען געווען באַצירט מיט פֿײַכטע שניישטערנדלעך און אירע אויגן האָבן געלויכטן אין דער טונקלניש ווי פֿינקלדיקע בריליאַנטן. ווי פֿון זיך אַליין האָבן זייערע הענט זיך צונויפֿגעטראָפֿן און צוגעצויגן זייערע גופֿים אין אַ הייסער אומאַרמונג, און זייערע ליפּן האָבן זיך באַהאָפֿטן אין אַ וואַרעמען און אויסגעצויגענעם קוש. נאָר דאָ האָט פֿראַנקאַ זיך געגעבן אַ רײַס אַוועק פֿון נחומען און צוואַרפֿנדיק אים אַן אייליקן ,,אויף ווידערזען'', אַרײַן אין איר שטוב. נחום איז געגאַנגען פּאַמעלעך אויף דער שניי־באַדעקטער גאַס, אַ פֿאַרשיכורטער פֿונעם נאָר וואָס געשעענעם. ,,פֿראַנקאַ האָט מיך ליב און איך בין פֿאַרליבט אין איר!'' האָט ער איבערגעחזרט עטלעכע מאָל, און געפֿילט ווי אַ גע־הויבענע גליקזעליקייט צעגייט זיך איבער זײַן וועזן. ,,דאָס איז מײַן ליבסטע, די איין־און־אײנציקע, מיט איר וועל איך טיילן מײַן גורל פֿון איצטער אָן, אַ לעבן לאַנג,'' האָט ער געשוווירן.

פֿון דעמאָלט אָן זײַנען געקומען נאָך אַזעלכע אָוונטן, ווען נאָכן

אָפּטון זייער אַרבעט אין יוגנט־לאָקאַל, פלעגן נחום און פראַנקאַ זיך לאָזן אויף לאַנגע נאַכטיקע שפּאַצירן איבער די אײַנגעשלאָפענע געסלעך. געוויינטלעך האָט דער אָוונט זיך אָנגעהויבן מיט ערנסטע שמועסן וועגן די טעטיקייטן אין דער אָרגאַניזאַציע, וועגן געלייענטע ביכער אָדער וועלט־פּראָבלעמען, און זיך געענדיקט מיט אַרומנעמונגען, צערטלענישן און קושן. עס איז אָנגעקומען דער פרילינג. די בעז־ און אַקאַציע־ביימער האָבן זיך צעבליט און זייער פאַרשיכּורנדיקער אַראָמאַט האָט אָנגעפילט די הערצער פון יונגן פּאָרל מיט ליידנשאַפט און באַגערן. זיי האָבן זיך געלאָזן אויף לאַנגע הינטערשטאָטישע שפּאַצירן אויפן זאַמדיקן טראַקט צום טייך שווידער. אין די אָפענע סאָסנע־וועלדלעך אויף בײַדע זײַטן וועג האָבן די פאַרליבטע געקאָנט רוען אומגעשטערט אויפן ווייכן, פרישן גראָז און דערציילן זיך וועגן זייער קינדהייט, דערמאָנען די שוליאָרן און חלומען וועגן דער צוקונפט. פראַנקאָ לײַב איז געווען פריש און יונג; אירע האָר — ווייך ווי זייד; די ליפּן און דאָס מויל — זאַפטיק, און אירע אויגן האָבן געלויכטן מיטן ליכט פון ריינער, אומשולדי־קער ליבשאַפט. נחומס הענט האָבן לײַכט און איידל געוואַנדערט איבער אירע האָר און פּנים, אַרומגענומען איר טאַליע און בריסטן, אָבער נישט געוואַגט צו פאַרנעמען זיך ווײַטער. פלעגט ער זיך אַ מאָל פאַרגעסן און עס פּרובירן, פלעגט אים פראַנקאַ אָפּשטעלן און שטילערהייט אים זאָגן ער זאָל זיך אַזוי מיט איר נישט באַגיין.

אין זייערע האַרציקע, אויפריכטיקע שמועסן האָבן די פאַרליבטע דערציילט וועגן זייערע ראָמאַנטישע דערפאַרונגען. בלויז אייניקע מאָל, צום סוף פון זעקסטן שוליאָר, האָט נחום זיך געקושט און געהאַלדזט מיט אַ מיידל פון זײַן קלאַס, בעת ער פלעגט זי אַהיימפירן פון די נאָכמיטאָגדיקע שול־אַקטיוויטעטן. אין אָנהייב פון זיבעטן שוליאָר האָט ער זיך פאַרליבט איבער די אויערן אין דאָראַן, אָבער זי איז געווען אַזאַ קאַלטע און נישט צוגעלאָזענע, אַז ס'איז אים קיין מאָל נישט אויסגעקומען צו פאַרברענגען אַליין מיט איר. פראַנקאַ האָט דערציילט נחומען וועגן איר קורצן ראָמאַן מיט אַבראָמען, נחומס חבר און טוער אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, מיט וועמען זי איז אַרומגעגאַנגען אין די זומער־חדשים. דערנאָך האָט זי זיך דערווײַטערט פון אים צוליב זיין אַגרעסיווער, נישט־דזשענטל־מענישער האַלטונג. אַבראָם האָט זיך גלײַך נאָך דעם אויסגעזוכט אַן אַנדער מיידל, דווקא אַ ציוניסטקע פון „השומר־הצעיר". דאָך האָט ער געטראָגן אַ פאַרדרוס אויף נחומען צוליב זײַן צונויפגיין זיך מיט

פראַנקאָן. דערפֿאַר האָט ער זיך גענומען כּסדר אָפּצולאַכן פֿון נחומען און אויך זײַן אינטעליגענט־ראַפֿינירטן אופֿן, אַרונטערצורײַסן אים אין די אויגן פֿון אַנדערע.

מיטן אָנקום פֿון זומער פֿלעגן זיך נחום און פֿראַנקאַ אָפּט אַוועקלאָזן אויף ווײַטע, שבתדיקע שפּאַצירן קיין שרודבאָרווו און נאָך ווײַטער, איבער שכנותדיקע פֿעלדער און וועלדער. דאָרטן, אונטער אַ צעצווײַגטן בוים, אויף אַ בערגל, פֿון וואַנעט מען האָט געקאָנט זען די געגנט אַרום, פֿלעגט נחום פֿאָרלייענען פֿראַנקאַן זײַנע יִדישע לידער און פֿאַרצייכענונגען, וואָס ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן נאָך אין זיבעטן קלאַס, אונטער דער השפּעה פֿון פֿאַן פֿערלמוטער, דעם לערער פֿון יִדישער רעליגיע. שוין אין פֿינפֿטן און אין זעקסטן קלאַס, האָט נחום אָנגעהויבן צו שרײַבן לידער אויף פּויליש און אפֿילו פֿאַרטראַכט אַ לענגערע נאָוועלע וועגן צוויי יוגנטלעכע, וואָס לאָזן זיך אומלעגאַל אַוועק קיין ארץ־ישׂראל, כּדי אָנצוהייבן דאָרט אַ נײַ לעבן. אין צווישנצײַט, נאָכן אָנשרײַבן די ערשטע קאַפּיטלעך, איז נחום, אונטער דער השפּעה פֿון נײַעם לערער געוואָרן אויס ציוניסט. אַזוי איז די זאַך געבליבן ליגן נישט פֿאַרענדיקט. מיטן אַריבערגיין צו יִדיש האָט נחום דערפֿילט, אַז ער קאָן אין דעם היימישן לשון בעסער אויסדריקן זײַנע אינטימע געפֿילן און געדאַנקען. דעריבער האָט ער זיך גענומען מיט אייפֿער צום לייענען און דערלערנען די יִדישע ליטעראַטור פֿון ביכער און פֿעריאָדישע שריפֿטן, וואָס פֿלעגן אָנקומען, פֿריער אין פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין און אַצינדערט אין בונדישן לאָקאַל.

אין איינער פֿון אָט די צײַטשריפֿטן האָט נחום דערזען אַ מודעה וועגן אַ קאָנקורס אויף אַן אויטאָביאָגראַפֿיע פֿון יוגנטלעכע, ביז אין די פֿריע צוואָנציקער, אַראַנזשירט פֿון יִדיש־וויסנשאַפֿטלעכן אינ־סטיטוט אין ווילנע. דער געדאַנק פֿון שרײַבן וועגן זײַן אייגענעם לעבן האָט אים פֿאַרכאַפּט און נישט אָפּגעלאָזן. אין אַזאַ אַרבעט וואָלט ער ערלעך און אויפֿריכטיק געקאָנט דערציילן וועגן זײַנע קינדער־יאָרן, אין דער היים און אין חדר; וועגן די יאָרן פֿון יוגנטלעכער רײַפֿונג אין דער פּוילישער שולע; וועגן זײַן היים און משפּחה און זייער ביטערער געראַנגל אָנצוהאַלטן אַן ערלעך, מענטשלעך לעבן. ער וואָלט אויך געקאָנט דערציילן וועגן זײַן ווערן אַרײַנגעצויגן אין דעם אומלעגאַלן יוגנט־פֿאַרבאַנד, וועגן דעם אַרעסט און וועגן דער אַנטוישונג, וואָס איז געקומען דערנאָך, און

האָט גורם געווען זײַן אָנטייל אין אויפשטעלן די נײַע סאָציאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע. צום סוף פון דעם אַלעם וואָלט געקומען, ווי אַ ליכטיקער עפּילאָג, די שילדערונג פון זײַן ערשטער אמתער ליבע צו פראַנקאַ. די אַלע פּאַזן פון זײַן יונגן לעבן, האָט נחום געטראַכט, וועלן זיכער זײַן אינטערעסאַנט פאַר די פאָרשער פון ווילנער אינסטיטוט און קאָנען אפשר אויך דינען אים אַליין, ווי מאַטעריאַל פאַר אַ נאָוועלע וועגן ייִדישן לעבן אין פּוילן פון נאָך דער וועלט־מלחמה.

אָבער ווי קאָן ער זיך אונטערנעמען דאָס אַדורכצופירן, אַז ער איז פאַרנומען זעקס טעג אַ וואָך, פון אין דער פרי ביז פאַר נאַכט, אין שטעפּער־וואַרשטאַט. אין די אָוונטן איז ער פאַרנומען מיט דער אַרבעט אין בונדישן לאָקאַל, און נאָך אַלעם — מיט די שפּעט־נאַכטיקע שפּאַצירן מיט פראַנקאַ. בלויז די איינצלנע פרימאָרגן־שעהען, פאַרן לאָזן זיך צו דער אַרבעט, וואָלטן געקאָנט אויסגענוצט ווערן אָנצושרײַבן די אויטאָביאָגראַפיע, אויב ער וואָלט געהאַט אַ פּאַסיק אָרט, ווו ער זאָל זיך קאָנען אַוועקזעצן אומגעשטערט און שרײַבן. בײַ נחומען אין שטוב איז דאָס אָבער נישט געווען מעגלעך. שוין גאַנץ פרי פלעגן זײַנע דרײַ שוועסטערלעך און דאָס ברודערל זיך וועקן און אַרומרודערן. חוץ־מזה איז משה־אברהם, דער טאַטע, געווען אַ פריער אויפשטייער און שוין כּעלות האָט מען אים געקאָנט טרעפן זיך פאָרען בײַם וואַרשטאַטל נעבן פענצטער.

נחום האָט איבערגערעדט וועגן דער זאַך מיט פראַנקאַ און זי האָט גלײַך געפונען אַן אויסוועג: אין זייער הויז, אויפן צווייטן שטאָק, האָט זיך געמאַכט ליידיק דאָס צימערל, וואָס חבר פראָים האָט פאַרנומען זינט זײַן קומען אין שטאָט אַרײַן. נישט לאַנג צוריק האָט ער זיך אַריבערגעקליבן אין אַ דירהלע אין אַ ווילע אויף דער אַנדערער זײַט באַן. זי וועט פּרובירן איבערצורעדן איר מאַמע, זי זאָל דאָס שטיבל פאַרדינגען נחומען פאַר אַ צוגענגלעכן פרײַז. דאָרטן וועט ער קאָנען יעדן פאַרטאָג רויִק אַרבעטן איבער דער זאַך. נחום האָט מסכּים געווען און איבערגעלאָזן די דעטאַלן פאַר פראַנקאַ.

רויזע, פראַנקאַס מוטער, איז געווען אַ פרוי פון אַרום פופציק, אַ נידעריקע און פולע, מיט אַ קלאָר, געטאָקט פּנים, וואָס האָט נאָך אויפגעהיטן דעם גלאַנץ פון איר אַמאָליקער שיינקייט. כאָטש אַ פרומע און אָפּגעהיטענע, ווי מערסטע פרויען פון עלטערן דור, איז זי געווען מילד און פאַרשטענדלעך לגבי אירע קינדער — פינעף טעכטער און צוויי זין — וואָס זײַנען, ווי דאָס רוב יוגנטלעכע אַרום,

מיטגעריסן געוואָרן מיטן נײַעם, פרעמדן שטראָם. איר הויז האָט זי, פֿאַרשטייט זיך, געפֿירט ייִדישלעך, ווי גאָט האָט געבאָטן. זי האָט אָבער געוווּסט און פֿאַרשטאַנען, אַז אויסער דער שטוב זײַנען אירע קינדער נישט קיין אָפּגעהיטענע. זי האָט זיי קיין מאָל נישט אויסגערעדט און געמוסרט, בלויז באַמיט זיך, מיט ליבשאַפֿט און פֿאַרשטענדעניש, משפּיע צו זײַן, אַז זיי זאָלן אויסוואַקסן ערלעכע ייִדן און מענטשן. ס'איז פֿאַר איר אויך קיין סוד נישט געווען דאָס אַרומגיין פֿון איר טעכטערל פֿריידל, אָדער פֿראַנקאַ, ווי חברטעס האָבן איר גערופֿן, מיט נחומען. ווען פֿראַנקאַ פֿלעגט בלײַבן עטלעכע טעג אין דער היים, מחמת אַ פֿאַרקילונג אָדער אַן אָנפֿאַל פֿון מיגרענע, פֿלעגט נחום אַריבערקומען און אָפּזיצן לעבן איר בעט ביז אין דער נאַכט.

דעם אמת געזאָגט, האָט רויזע היפּשלעך איבערגעקלערט, וואָס קאָן אַרויסקומען פֿון דעם אַרומגיין פֿון איר אָפּגעהיטן טעכטערל מיט אַזאַ בחור ווי נחום. כאָטש ער זעט אויס צו זײַן אינטעליגענט און פֿאַרשטאַנדיק, און פֿון אַן אָנשטענדיקער היים, איז ער דאָך נישט קיין אויפֿטוער, אַ סוחר אָדער אַ גוטער בעל־מלאכה, וואָס זאָל זײַן ביכולת מפֿרנס צו זײַן אַ משפּחה. ווי אַזוי וועלן אָט די צוויי אײדעלע קינדער קאָנען גיין פֿאַר זיך און זיך אַן עצה געבן אין לעבן ?. . . דאָך האָט זי געזען און פֿאַרשטאַנען איר טאָכטערס נאָר וואָס צעבליטע, ערשטע ליבע און באַשלאָסן צו זײַן געדולדיק, וואַרטן און זען, וואָס פֿון דעם וועט אַרויסקומען. האָט זי נאָכגעגעבן דער טאָכטערס שתדלנות און אַרײַנגעלאָזן נחומען אין ליידיקן שטיבל אויפֿן אויבערשטן שטאָק.

ווען נחום איז אין אַ פֿאַרנאַכט אַריבערגעקומען מיט אַ ביסל בעטגעצייג און ביכער פֿאַר דער נײַער דירה, איז ער געבליבן שטיין אַ פֿאַרבליפֿטער פֿונעם אויסזען פֿון שטיבל. דער הילצערנער דיל האָט געבלאַנקט פֿון פֿריש־אָנגעשמירטער רויטער פּאָמאַדע, דאָס קאַכלענע קיכל איז געווען איבערגעדעקט מיט ווײַסע פּאַפּיר־בויגנס און דאָס פֿענצטער פֿאַרהאָנגען מיט ציכטיקע פֿורהענגלעך. אויפֿן איבערגעדעקטן טישל האָבן זיך געדרייטלט אין אַ קריגל אַ בינטל קאָלירטע רויזן, פֿריש אָפּגעריסענע אין גערטנדל אַרום הויז. דאָס אַלץ איז געווען די אַרבעט פֿון פֿראַנקאַ, וואָס איז אויך באַלד אַרויפֿגעקומען מקבל פּנים זײַן איר געליבטן אין זײַן נײַער דירה מיט הייסע האַלדזונגען און קושן.

צו מאָרגנס פֿאַר טאָג האָט זיך נחום גענומען צו דער אַרבעט איבער זײַן לעבנס־באַשרײַבונג פֿאַרן ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינ־

סטיטוט אין ווילנע. אַזוי יעדן טאָג, ווי נאָר ס׳האָט געגומען שאַרייען, פלעגט ער זיך אויפרײַסן פון בעטל, אָפּפרישן מיט קאַלטן וואַסער די הענט און דאָס פּנים, און זיך אַוועקזעצן שרײַבן אַ שעה און אַ האַלבע אָדער צוויי, ביז ס׳איז געקומען די צײַט אַריבערצולויפן אין רעסטאָראַן אַרײַן איבערצובײַסן און פון דאָרטן זיך לאָזן צו דער אַרבעט אין וואַרשטאַט.

דאָס שרײַבן איז נחומען אָנגעקומען גרינג. ווי פון אַ פאַרבאָר־גענעם קוואַל זײַנען געפלאָסן פון אונטער זײַן פעדער שורות און פּאַראַגראַפן, וואָס האָבן אויסגעפילט די זײַטלעך פון זײַן העפט. זכרונות און עפּיזאָדן פון זײַנע קינדער־יאָרן האָבן זיך געריסן אַרויסצוקומען אויף דער אויבערפלאַך, און נחום האָט זיי געמוזט צוימען און בינדן אין קאַפּיטלעך, וואָס יעדעס זאָל קענען זײַן אַ באַזונדערע אייגהייט. נאָך צוויי חדשים אינטענסיווער אַרבעט איז די ערשטע קאָפּיע פון זײַן אויטאָביאָגראַפיע געווען פאַרטיק און פאַרנומען צוויי געדיכט־פאַרשריבענע דיקע העפטן. ער האָט בלויז געדאַרפט קאָריגירן און איבערשרײַבן די זאַך אויף ריין. דאָס האָט אים גענומען בלויז עטלעכע וואָכן און ער האָט באַוויזן אָפּצושיקן אין צײַט די אַרבעט קיין ווילנע.

באַלד דערנאָך האָט נחום געמוזט פאַרלאָזן דאָס צימערל בײַ פראַנקאַ אין הויז און זיך אומקערן אַהיים. דאָס האָט סאָניע, פראַנקאַס עלטסטע שוועסטער, זיך אַרײַנגעלייגט אין דער זאַך און געפּועלט בײַ דער מאַמען, מען זאָל פּטור ווערן פון יונגן, אומנויטיקן לאָקאַטאָר. סאָניע האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק חתונה געהאַט מיט אַ יונגער־מאַן, וועלכער האָט גלײַך נאָך דעם זיך אַוועקגעלאָזן קיין ארץ־ישׂראל און געדאַרפט מיט דער צייט איר אַריבערנעמען אַהין. דערווײַל האָט זי זיך פאַרנומען מיט דער באַלעבאַטישקייט אין הויז און אַכטונג געגעבן אויף אירע ייִנגערע שוועסטערס אויפפירונג. זי האָט פון אָנהייב אָן געקוקט קרום אויף נחומען און אויף זײַן פאַרברענגען ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט פראַנקאַ איבער דער שטאָט און אין זײַן צימערל אויבן.

נחום האָט זיך אומגעקערט אין זײַן ענגער, דומפּיקער שטוב אַ דערשלאָגענער און באַליידיקטער. צום ערשטן מאָל האָבן אים גענומען פײַניקן ספקות וועגן זײַן אַרומגיין מיט פראַנקאַ. וואָס וועט פון דעם אַרויסקומען און ווי לאַנג וועט ער זיך אַרומפירן מיט איר, ווען ער קאָן אפילו נישט פאַרדינען אויסצוהאַלטן זיך אַליין? בײַ סינאַי גודמאַן אין וואַרשטאַט וועט ער זיך קיין מאָל נישט אויסלערנען דאָס

שטעפּערײַ, וואָס איז סײַ ווי אים נישט צום האַרצן. וואָס זשע וועט ער טון און ווי אַזוי קאָן ער טראַכטן וועגן חתונה האָבן און אויפשטעלן אַ משפּחה?

אָט די מחשבות האָבן אים געפּלאָגט אין שלאָפלאָזע נעכט און קיין אויסוועג האָט ער נישט געפונען. די איינציקע לייזונג וואָלט געווען צו עמיגרירן פון פּוילן קיין פּאַלעסטינע אָדער אַמעריקע. דאָרטן קומען אָן מענטשן פון אומעטום און פון אַלע שטאַנדן און יאַקאָש געפינען זיי אַלע אַרבעט און פּרנסה. מיט אייניקע יאָרן צוריק האָט פראַנקאַס עלטערער ברודער חתונה געהאַט מיט אַ מיידל, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון ניו יאָרק און ער איז אָפּגעפאָרן מיט איר אַהין צו. אַצינד שרײַבט ער, אַז ער באַמיט זיך אויסצומאַכן פאַפּירן פאַר דער מאַמע מיטביידע טעכטערלעך — פראַנקאַ מיט איר ייִנגערער שוועסטער. און אויב דאָס זאָל געשען, וואָס וועט ער, נחום, דעמאָלט טון? איז ער גרייט צו פאַרלאָזן אַלץ — דאָס אייגענע הויזגעזינד, די היימשטאָט, די חברים און די יוגנט־אָרגאַניזאַציע, און זיך לאָזן מעבר־לים? אָט די אַלע נישט אַרויסגעזאָגטע מחשבות האָבן פאַר־וואָלקנט דעם לויטערן הימל פון נחום און פראַנקאַ און אַרײַנגע־טריפט ביטערע טראָפּנס אינעם בעכער פון זייער פרילינגדיק־צעבליטער ליבע.

נישט געקוקט אויף דעם זײַנען זיי ווײַטער אַרומגעגאַנגען ווי פריער און אַפילו גענומען זיך גרייטן אַוועקצולאָזן באַנאַנד אויף אַ סוף־זומער וואַקאַציע קיין קוזמיר. געדאַרפט האָבן זיי פאָרן פון וואַרשע מיט אַ דאַמפּער אויף דער ווײַסל ביז קוזמיר, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט אירע שיינע לאַנדשאַפטן, מאָלערישע געסלעך און גאַסטהײַזער. דאָרט וועלן זיי פאַרברענגען אַ וואָך אָדער מער, אַליין און מיט זיך, ווײַט פון די היימישע גאַסן און ווײַט פון דער השגחה פון דערוואַקסענע. אין משך פון די זומער־חדשים האָבן ביידע, נחום און פראַנקאַ, געשפּאָרט אויף די רײַזע־הוצאות און געגרייט דאָס נויטיקע פאַר דעם אַרויספאָר, באַשטימט אויף דער ערשטער וואָך פון סעפּטעמבער. נישט זיי און נישט די אַרומיקע האָבן פאָרויסגעזען, אַז מיטן אָנקום פון אָט דעם חודש וועט זיך אָנהייבן אַ שפּאָגל נײַ און טראַגיש קאַפּיטל אין זייער לעבן און אין לעבן פון די דרײַ מיט אַ האַלבן מיליאָן ייִדן אין פּוילן.

* * *

# מ ל ח מ ה

פרײַטיק פאַר טאָג, דעם ערשטן סעפּטעמבער, נײַנצן נײַן און דרײַסיק, האָבן די דײַטשישע מאָטאָריזירטע דיוויזיעס, צוזאַמען מיטן לופטפלאָט, זיך אַרײַנגעריסן קיין פּוילן. באַלד אין דער פרי האָט נחומען אויפגעוועקט דאָס געשריי פון מענטשן אויף דער גאַס, וועלכע האָבן מיט שרעק און שטוינונג זיך איבערגעגעבן די נײַעס וועגן אויסברוך פון דער מלחמה צווישן פּוילן און דײַטשלאַנד. אויפן קלאָרן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן אַן עסקאַדראָן דײַטשישע עראָפּלאַנען און די מענטשן אויף דער גאַס האָבן גענומען לויפן ווי באַנומענע, כּדי זיך ערגעץ ווו באַהאַלטן. נחום, צוזאַמען מיט נאָך שכנים פון גאַס און הויף, זײַנען אַרײַן אין דער געמויערטער געוועלבונג פון טויער, וואָס האָט געפירט אין נחומס הויף אַרײַן. פון די קנאַלן פון אויפגעריסענע באָמבעס ערגעץ ווו אין דער אומגעגנט, האָט דער לאַנגער, צווייִשטאָקיקער מויער געציטערט, און די פאַר־זאַמלטע פרויען און קינדער האָבן געשריגן און געיאָמערט, ווי זיי וואָלטן געזען דעם טויט פאַר די אויגן. אַנדערע זײַנען געשטאַנען שטיל, מיט צוגעשלאָסענע וויעס, פאַרגליווערט פון שרעק. ווען דאָס קנאַלן פון די באָמבעס האָט זיך אײַנגעשטילט און די פליענדיקע משחיתים האָבן זיך אָפּגעטראָגן, איז מען אַרויס אויפן גאַס און זיך דערוווּסט, אַז דאָס יתומים־הויז פון „צענטאָס״, אין אַ ווילע אויף דער אַנדערער זײַט באַן, איז באָמבאַרדירט געוואָרן.

צוזאַמען מיט משה געלמאַן, וואָס איז אָנגעלאָפן נחומען אַנטקעגן, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזן איבער דער באַנליניע צו זען, וואָס סע איז געשען. זיי זײַנען אָנגעקומען צום שטח פון יתומים־הויז,

אין אַ וואַלדיקער געגנט אַהינטער ריימאַנטאַ גאַס און דערזען די רויכערנדיקע חורבות פון דער הויפּט־געבײַדע. אַרום דעם צעשעדיקטן הויז זײַנען געלאָפן דערוואַקסענע און קינדער און מיט פאַרצווייפלטע קולות גערופן, מען זאָל זיי העלפן אַרויסשלעפן די טויטע און פאַרוווּנדעטע פון אונטער די חורבות. טייל פון זיי האָבן געריסן פון זיך די פאַרסמאַליעטע קליידער, אָדער זיך געשלײַדערט אויפן גראָז, כּדי צו לעשן זייערע פאַרשׂרפהטע האָר און אברים. עטלעכע דערוואַקסענע זײַנען אַרײַן אין די אײַנגעפאַלענע עפענונגען פון דער חרובער געבײַדע, אַרויסגעטראָגן די טויטע און פאַרוווּנדעטע און זיי אויסגעלייגט אויפן גראָז בײַ דער גרויסער וועראַנדע, ווּ ס׳זײַנען שוין געלעגן די פאַרקוילטע גופים פון עטלעכע קינדער און פון דער הויזקעכין אין איר האַלב־פאַרברענטן אַרבעטס־פאַרטעך. עס זײַנען אָנגעקומען עטלעכע דראָשקעס מיט דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער פון דערבײַיִקן מיליטערישן שפּיטאָל און אַוועקגעפירט די פאַרוווּנדעטע. אַלץ צוזאַמען האָט מען אָנגעציילט צוועלף טויטע און אַרום פיר צענדליק ראַנירטע, צווישן זיי דער דירעקטאָר פון אַנשטאַלט, דער באַקאַנטער יִדישער פּאָעט און פּעדאַגאָג קלמן ליס.

דערשיטערטע פון דעם אומגליק, וואָס זיי האָבן צוגעזען מיט די אייגענע אויגן, האָבן משה געלמאַן און נחום זיך געלאָזן צוריק אַהיים. זיי זײַנען אַריבער די באַנליניע און געגאַנגען מיט דער פּאַרק־גאַס ביז צום קאַרטשעווער טראַקט, בײַם ראַנד פון שטאָט, ווּ ס׳האָט זיך געצויגן דער שאָסיי פון וואַרשע ביז לובלין. דער גאַנצער וועג איז געווען באַלייגט מיט זעלנער און ציווילע, וואָס האָבן געשטראָמט — צו פוס, אויף וועגענער און אויטאָס — אַרויס פון דער הויפּטשטאָט, צו די מזרח־ און דרום־טיילן פון לאַנד. אַרום האָט געהערשט אַ תוהו־ובוהו פון קולות און געשרייען; דאָס הירזשען פון פערד און דאָס טרומייטערן פון אויטאָס האָט זיך אויסגעמישט מיטן גערייד פון די פאַרשוואַרצטע פּוסגייער. טייל פון זיי האָבן גערוט אין די וועלדלעך בײַם זײַט פון שאָסיי, אָנגעשפּאַרט אויף זייערע רוקזעק און קלומעקלעך. נחום און משה האָבן פון זיי אויסגעפונען, אַז דער ראַדיאָ אין וואַרשע האָט אָנגעזאָגט אַלע יונגע מענער צו פאַרלאָזן די הויפּטשטאָט און אַוועקגיין אויף דרום, ווּ נײַע פראָנטליניעס וועלן פאָרמירט ווערן. די פּוילישע הויפּטשטאָט ווערט באָמבאַרדירט אָן אויפהער און גאַנצע הײַזער־בלאָקן שטייען אין פלאַמען.

פאַר נאַכט צו, נאָכן אָוונט־מאָלצייט, האָט משה־אברהם

צוגעמאַכט די טירן פון רעסטאָראַן און אין דער שטיל געזאָגט נחומען:

,,גיי נישט אַוועק פון הויז, וועסטו מיר שפּעטער העלפן באַגראָבן אַ ביסל לעדער און חפצים אונטער דער פּאָדלאָגע פון דער אַנדערער שטוב.''

ווי נאָר ס'איז געוואָרן פינצטער און איטע מיט די קינדער זײַנען אַריבער אין דער ווײַנשטוב אַקעגן איבער גאַס, האָט משה־אברהם צוגעשפּאַרט די לאָדנס פון פענצטער אויפן הויף אַרויס און צוזאַמען מיט נחומען זיך גענומען צו דער אַרבעט. צום ערשט האָבן זיי אַוועקגעריסן עטלעכענע ברעטער פון דיל אין ווינקל בײַ דער קיך און דערנאָך געגראָבן מיט אַ רידל טיף אין דער ערד. אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן גראָבן, האָט משה־אברהם אַריבערגעטראָגן פון דער ווײַנשטוב עטלעכע פּאַרוויִקלטע פּעקלעך מיט ווייכן לעדער, וואָס ער האָט געהאַט אָנגעגרייט פאַרן ווינטער־סעזאָן אין זײַן שטעפּער־וואַרשטאַט. נחום איז אונטערגעקומען מיט אַ הילצערן יוווילער־שקעטל מיט אַ ביסל צירונג און חפצים און, נאָכן אײַנוויקלען עס אין אַ טיכל, באַהאַלטן אין גרוב צוזאַמען מיטן לעדער. דערנאָך האָבן זיי אַלץ פאַרשיט מיט ערד, אַרײַנגעפּאַסט צוריק די ברעטער און זיי פאַרקלאַפּט מיט טשוועקעס, ווי געווען.

די גאַנצע צײַט, בעתן באַגראָבן די זאַכן, האָט משה־אברהם נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. אַצינדערט, נאָכן אָפּווישן דעם שווייס פון שטערן, האָט ער זיך פּלוצעם אָנגערופן:

,,זײַ וויסן, נחום, אַז די מלחמה וועט נישט זײַן ווי די פריערדיקע. נישט די זעלבע דײַטשן... אין אַ וואָך אַרום, אפשר נאָך פריער, וועלן זיי דאָ זײַן. און דעמאָלט... ווער ווייסט... אפשר וועלן זיי נישט טשעפּען קיין אַלטע לײַט און קינדער, אָבער דו, אַ יונגער־מאַן, באַקאַנט אין שטאָט ווי אַ בונדיסט, ביסט אין גרויס סכנה. אַנטלויף וואָס גיכער... ראַטעווע זיך...''

,,וווּהין וועל איך לויפן?... און אײַך אַלע דאָ איבערלאָזן?!...'' האָט נחום געפּרועגט, שטיקנדיק אין זיך דאָס געוויין.

,,ביסט שוין איבער אַכצן יאָר אַלט,'' האָט משה־אברהם געענטפערט, ,,אַ דערוואַקסענער מאַן. נעם זיך אָן מיט מוט און ראַטעווע זיך ביז וואַנעט ס'איז נאָך צײַט.''

ביי נאַכט, אויף זיין געלעגער, האָט נחום שעהען לאַנג געוויגן דעם טאַטנס אָנזאָג און נישט געקאָנט אָפּמאַכן ביי זיך וואָס צו טון. דאָס טרויעריקע בילד פון די פּליטים פון וואַרשע, וואָס ער האָט געזען ביי טאָג אויפן שאָסיי, האָט אים געשראָקן; און דער געדאַנק וועגן פאַרלאָזן די היים, מיט אַלע נאָענטע און טייערע, האָט אים געבריט מיט ווייטיק פון שאַנד און פאַרראַט. ווי קאָן ער דאָס טון? לאָזן אַלץ אויף גאָטס באַראָט און אַנטלויפן. ער, דער רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט געשווירן דאָ צו בלייבן און קעמפן פאַר אַ ליכטיקן מאָרגן פאַר זיך, פאַר זיין משפחה, פאַרן פאָלק! אויסער דעם, ווער ווייסט וואָס עס וואַרט אויף אים דאָרטן, אויף די הפקרע וועגן פון לאַנד, ווו מענטשן פאַלן פון מידקייט, הונגער און דורשט, און פון די כסדרדיקע דייטשישע באָמבאַרדירונגען.

צו מאָרגנס, ווען נחום האָט זיך געשטופּט אַריינצוקריגן אין דער בעקעריי, כדי איינצוקויפן אַ ברייטל, האָט זיך פון דער ווייטנס ווידער באַוויזן אַן עסקאַדראָן דייטשישע עראָפּלאַנען. אין איין אויגנבליק זיינען אַלע זיך צעלאָפן, זוכנדיק ווו זיך צו באַהאַלטן. נחום איז אַריין אין אַ שמאָל, זייטיק געסל און פון דאָרטן אָנגעקומען אין דער גרויסער ווילנע אויף גורנע גאַס. די דייטשישע עראָפּלאַנען האָבן די גאַנצע צייט אַרומגעקרייזט און באַשאָסן מיט מאַשין־געווער די געגנט. נחום איז אַוועקגעפאַלן אויפן ווייכן גראָז ביי אַ שטאַמיקן בוים און געוואַרט ביז דאָס געוויש פון די באָמבאַרדירער וועט זיך איינשטילן.

צוריק אַרויס אויף דער גאַס, האָט ער דערזען אַ גרופּע חסידים פאַרזאַמלט אַקעגן איבער, ביים טויערל פון אַ וואַלדיק הויפל, ווו ס'האָט פאַר פיל יאָרן געוווינט איינער פון די קלענערע חסידישע רביים. נחום איז צוגעקומען נענטער און דערזען פאַרן רבינס הויז אַן איבערגעדעקטע דראָשקע, געשפּאַנט אין צוויי פערד, מיטן אָנטרייבער אויף זיין געזעס, גרייט צום אָפּפאָרן. פון הויז איז אַרויסגעקומען דער רבי, זיין פּנים און באָרד פאַרבונדן מיט אַ פאַטשיילע, און נאָך אים די רביצין, איינגעהילט אין אַ טונקעלן שאַל. נאָך זיי זיינען אַרויס צוויי חסידישע יונגע־לייט, וואָס האָבן אַריינ־געטראָגן עטלעכע לעדערנע וואַליזקעס אין דער דראָשקע אַריין. די פאַרזאַמלטע האָבן אַרומגערינגלט דעם רבין, געדריקט אים די האַנט און מיט פאַרשטילטע קולות אים געווונטשן:

„זאָל דער אייבערשטער אייך באַשיצן, רבי!"

„איר זאָלט אָנקומען בשלום אין הייליקן לאַנד!"

,,בעט פאַר אונדז, רבי! זאָל השם־יתברך זיך מרחם זײַן אויף אונדז אַלע!״

דער רבי מיט זײַנע באַגלייטער זײַנען אײַנגעשטיגן אין דער דראָשקע און זיך באַהאַלטן אונטער דעם טונקעלן צודעק. דער אָנ־טרײַבער האָט געגעבן אַ שמייס די פערד און זיי האָבן זיך געלאָזן אין גאַלאָפּ אַרויס אויף דער גורנע גאַס און פאַרשווונדן אין דער ווייט. טייל חסידים זײַנען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, אַנדערע האָבן זיך נאָך פאַרהאַלטן אין הייפל אָדער צוריק אַרײַן אין רבינס הויז. אויף דער אָפענער ווערענדע האָט אַן עלטערע ייִדענע געהעשעט און ווי צו זיך אַליין גערעדט:

,,דער רבי, זאָל לעבן, איז אָפּגעפאָרן, וויי ז׳מיר! צוואָנציק יאָר האָט מײַן מאַן אים משמש געווען, און אַצינד זעמיר געבליבן דאָ, און ער איז אַוועק. . . די גויים וועלן אונדז אויסשעכטן ווי די שאָף און רינדער, וויי ז׳מיר! נאָר דו קאָנסט אונדז העלפן, רבונו־של־עולם!״

אַ צערודערטער פון דעם בײַגעווינטן, האָט נחום זיך געלאָזן צוריק אַהיים. אויפן וועג, פאַרבײַגייענדיק דעם בונדישן לאָקאַל, איז נחומען אײַנגעפאַלן אַרײַנצוגיין און אַ בליק טון אינעווייניק. זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז דער לאָקאַל געווען ליידיק און פאַרלאָזן. מיט איין מאָל איז די סטרוקטור פון דער רומפּולער באַוועגונג, פּונקט ווי דאָס גאַנצע אָרגאַניזירטע ייִדישע לעבן אין פּוילן, אײַנגעפאַלן ווי אַ קאָרטנהויז. יעדער איינער איז געבליבן פאַר זיך אַליין, מיט זײַן אייגענעם לעבן און גורל. נחום האָט אויפגע־שלאָסן די טיר, געשפּאַנט הין און צוריק איבער יעדע צימערן און זיך געוווּנדערט, צי ס׳האָט זיך געלוינט אַרײַנצולייגן אַזוי פיל מי און אַרבעט אויפצושטעלן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע. פון דער וואַנט פון גרעסערן צימער האָבן אַראָפּגעקוקט די פּאָרטרעטן פון די צוויי אָנגעזעענע פירער פון פּוילישן ,,בונד״. נחום האָט געטראַכט: ,,צי לויפן זיי אויכעט אַוועק, פּונקט ווי דער רבי, און ווי אַלע אַנדערע, וואָס וואַגן אָדער קאָנען ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן, איבערלאָזנדיק די פּוילישע ייִדן ווי שאָף אָן אַ פּאַסטעך?!״ אויפן שרײַבטישל אין ווינקל פון לאָקאַל זײַנען געלעגן די לעצטע צירקולאַרן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון יוגנט־בונד ,,צוקונפט״, וואָס זײַנען אָנגעקומען בלויז עטלעכע טעג פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה. נחום האָט ביטער געשמייכלט, ווען ער האָט ווידער געלייענט וועגן די צוגרייטונגען, וואָס די אָרטיקע קאָמיטעטן דאַרפן מאַכן אין פאַל פון אַ מלחמה. אַצינד, אויפן דריטן טאָג פון דער

מלחמה, איז מער קיין שטאָט־קאָמיטעט נישט געווען און דער צענטראַל־קאָמיטעט אַליין איז זיך מסתמא אויך צעלאָפֿן אויף מזרח אָדער דרום, צו די גרענעצן פֿון רומעניע און סאָוועט־רוסלאַנד. ער אַליין, דער סעקרעטאַר פֿון אָטוואָצקער יוגנט־בונד, וועט אויך באַלד אַלץ דאָ איבערלאָזן און זוכן אַליין זיך צו ראַטעווען.

פֿאַר נאַכט, אויפֿן זעקסטן טאָג פֿון דער מלחמה, איז נחום אַריבערגעקומען צו פֿראַנקאַ אין הויף און דערזען צוויי מענער וואַשן זייערע פּנימער און די אויבערשטע טיילן פֿון זייערע לײַבער אונטערן קאַלטן שטראָם פֿון דער פּלומפּ. נחום האָט דערקענט דעם העכערן און יונגערן פֿון די צוויי ווי פֿראַנקאַס שוואָגער ניוניעק, וואָס האָט מיט אַ קנאַפּ יאָר צוריק חתונה געהאַט מיט איר עלטערער שוועסטער לאה און זיך אײַנגעאָרדנט אין וואַרשע. געשטאַמט האָט ער פֿון לוצק, אין מערב־אוקראַיִנע, וואָס האָט זינט דער רוסיש־פּוילישער מלחמה פֿון נײַנצן איין און צוואָנציק געהערט צו פּוילן. ווי אַ סך יונגע־לײַט פֿון דער פּראָווינץ, איז ער געפֿאָרן קיין וואַרשע, דאָרט געפֿונען אַרבעט בײַ בוי־סטאָלערײַ, חתונה געהאַט און זיך אײַנגעאָרדנט אין אַן אייגן דירהלע אין אַ מויער אויף לעשנע גאַס. איין מאָל, אָנהייב זומער, האָבן נחום און פֿראַנקאַ זיך אַוועקגעלאָזן קיין וואַרשע אויף אַ פֿאָרשטעלונג אין יִידישן טעאַטער און דעמאָלט איבערגענעכטיקט בײַ דעם נײַעם פֿאָרפֿאָלק אין הויז.

דער אַנדערער מאַן, וואָס האָט זיך געוואַשן בײַ דער פּלומפּ, איז געווען מיט אַ צען יאָר עלטער פֿון ניוניעקן, פֿון מיטעלן וווקס, מיט אַ קנאָכיק פּנים און שטרענגן בליק. ער האָט דערלאַנגט נחומען די האַנט און זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז ער הייסט אַבראַשע און איז ניוניעקס אַ שכן פֿון וואַרשע. ביידע מענער, צוזאַמען מיט פֿראַנקאַס שוועסטער, זײַנען נאָר וואָס געהאַט אָנגעקומען צו פֿוס פֿון וואַרשע. אַלע דריי זײַנען געווען מיד און דערשיטערט פֿון די באָמבאַרדירונגען און די גרויליקע סצענעס פֿון טויט און צעשטערונג, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעזען דעם גאַנצן טאָג אויפֿן וועג קיין אָטוואָצק. פֿראַנקאַ איז אַרויסגעקומען פֿון הויז און אַוועקגעשטעלט אַ שיסל מיט וואַרעם וואַסער בײַ דער באַנק אונטער דעם אַקאַציע־ביימל, כּדי די געקומענע זאָלן אַרומוואַשן זייערע פֿאַרמאַטערטע פֿיס. דערנאָך זײַנען אַלע אַריבער אין דער גרויסער, באַגלאָזטער ווערענדע אין פֿראָנט פֿון הויז און זיך אויסגעזעצט אַרום דעם טיש, וואָס איז געווען געגרייט מיט גלעזער טיי און היימישע קיכלעך. דאָ האָבן ניוניעק און אַבראַשע גענומען טראַכטן וווהין זיך צו לאָזן ווײַטער. אַבראַשע האָט

פאַרגעלייגט, אַז לאה, ניוניעקס ווײַב, זאָל בלײַבן אויפֿן אָרט, מיט דער פֿאַמיליע, און זיי ביידע וועלן זיך לאָזן קיין לוצק, צו ניוניעקס מוטער און משפּחה. ער האָט אויסגעשפּרייט אויפֿן טיש אַ מאַפּע פֿון פּוילן און אָנגעצייכנט דעם וועג, וואָס זיי וועלן דאַרפֿן אַדורכמאַכן. פֿון דאַנען וועלן זיי זיך לאָזן מיט איינעם פֿון די צוגן, וואָס גייען אָפּ קיין לובלין, און פֿון דאָרטן, ווי עס איז זיך אַריבערקלייבן קיין כעלם, וואָס איז נישט ווײַט פֿון טײַך בוג. און ווי נאָר מ׳וועט אַריבער דעם טײַך, איז דער וועג אָפֿן קיין בריסק און פֿון דאָרט — קיין לוצק.

,,מיר טאָרן נישט אָפּלייגן, ניוניעק,׳׳ האָט אַבראַשע געטענהט.

,,די דײַטשן דערנענטערן זיך צו וואַרשע און אַ ליאַדע טאָג קאָנען זיי אָנקומען אַהער. און דעמאָלט, ניוניעק, דעמאָלט וועט זײַן צו שפּעט.׳׳

ניוניעק איז געזעסן שווײַגנדיק בײַ דער זײַט פֿון אַבראַשען, זײַן קאָפּ אײַנגעקלאַמערט אין ביידע הענט, און געוואָרפֿן טרויעריקע בליקן אויף זײַן ווײַב און די אַרומיקע, וואָס ער וועט דאַרפֿן דאָ איבערלאָזן. בײַ זײַן אַנדערער זײַט איז געזעסן לאה, איר האַנט פֿאַרלייגט איבערן מאַנס אַקסל, און אים געמוטיקט ער זאָל עס טון.

,,מוזט אַוועקלויפֿן, ניוניעק. אַלע יונגע מענער לויפֿן אויף מזרח. ס׳וועט נעמען אַ פּאָר טעג און וועסט זײַן מיט דײַן מאַמע און שוועסטערס אין לוצק. און וועגן מיר — זאָרג זיך נישט. ווען די מלחמה וועט זיך אײַנשטילן, וועל איך קומען צו דיר. פֿאַרלאָז זיך אויף מיר.׳׳

,,איך גיי מיט אייך,׳׳ האָט נחום זיך פּלוצעם אָנגערופֿן. ,,מיר׳ן זײַן זאַלבעדריט. כ׳וועל נישט פֿאַלן קיינעם צו לאַסט. . . איר וועט זען.׳׳

אַלע בײַם טיש זײַנען געבליבן שטיל. אַבראַשע האָט אָנגעשטעלט זײַן ביסטרען בליק אויף נחומען, ווי ער וואָלט געוויגן אין זײַן מחשבה די ווערטיקייט פֿון דעם נײַעם מיטגייער.

,,כ׳לאָז עס צו ניוניעקן,׳׳ האָט ער ענדלעך געזאָגט. ,,אויב ער איז מסכּים, בין איך נישט דאַקעגן. . .׳׳ אַלע אויגן האָבן זיך אַצינד געוואָנדן צו ניוניעקן צו זען, וואָס ער וועט דאָ זאָגן.

,,נעם מיט נחומען, ניוניעק,׳׳ האָט זיך פֿראַנקאַ אָנגערופֿן, ,,ער איז קלוג און בראַוו און וועט זײַן אַ גוטער וועג־חבֿר.׳׳

,,מסכּים !׳׳ האָט ניוניעק אויסגערופֿן. ,,מיר לאָזן זיך אַלע דרײַ אין וועג אַרײַן מאָרגן אָוונט. איבערן טאָג וועמיר זיך אָפּרוען און צוגרייטן וואָס נויטיק, און בײַ נאַכט — מיט דער באַן קיין לובלין !׳׳

פֿון גרויס פֿרייד איז נחום אויפֿגעשפּרונגען, געדריקט די הענט

פון ניוניעקן און אַבראַשען און זיי געדאַנקט פאַר נעמען אים ווי אַ שותף אין וועג אַרײַן. נחום האָט זיך געזעגנט מיט אַלעמען און זיך פאַרנומען אַהיימצוגיין אָנזאָגן טאַטע־מאַמע די נײַעס. פראַנקאַ האָט אים אַרויסבאַגלייט אויף דער לײדיקער, פינצטערער גאַס און דאָ האָבן זיי זיך אַרומגענומען און צעקושט.

,,כ׳פאַרלאָז דיך, פראַנקאַ, כ׳לויף אַוועק. . .״ האָט נחום טרויעריק געזאָגט.

,,גיי, נחום, האָב נישט קיין חרטה. זיי צופרידן, וואָס זיי נעמען דיך מיט. און איך מיט לאהן וועלן קומען שפּעטער. . .״

,,אויך איך פיל, אַז מיר׳ן זיך נאָך זען און זײַן צוזאַמען,״ האָט נחום געפּליסטערט. ,,אויף שטענדיק. . .״

צו מאָרגנס אין דער פרי האָט נחום מודיע געווען אין שטוב, אַז אין אָוונט גייט ער אַוועק מיט נאָך צוויי מענער קיין לוצק, אין אוקראַינע. משה־אברהם, וואָס איז געזעסן בײַ דער נײמאַשין, האָט מיט אַ שאָקל פון קאָפּ גוטגעהייסן די זאַך. איטע אָבער איז אויסגע־בראָכן אין אַ ביטער געוויין.

,,נחומל, מײַן קינד! ווו לויפסטו אין מיטן פון אַזאַ העליש פײַער? ! ווער וועט דיך באַהיטן און באַשירעמען אין אַזאַן ווײַטן וועג? !״

,,לאָז אים גיין,״ האָט משה־אברהם איר אײַנגעשטילט. ,,ער גייט דאָך מיט נאָך מענטשן, דערוואַקסענע, וואָס ווייסן זייער וועג. אין גיכן וועלן מיר הערן, אַז זיי זײַנען אָנגעקומען בשלום קיין לוצק.״

איטע האָט זיך באַרויִקט און גענומען העלפן נחומען אײַנפּאַקן זײַן רוקזעקל מיט עטלעכע העמדער, אונטערוועש און זאָקן, ווי אויך גרייטן אַ פּעקעלע שפּײַז, כאָטש פאַרן ערשטן טאָג אונטערוועגנס. נחום האָט איבערגעקוקט דאָס שופלאָד, ווו ער האָט געהאַלטן זײַנע פאַרשריבענע העפטן מיט לידער, שולאַרבעטן און דעם אָריגינאַל פון דער אויטאָביאָגראַפיע פאַרן ייִוואָ אין ווילנע. ער האָט אַלץ איבערגעלאָזן און גענומען מיט זיך בלויז עטלעכע פאָטאָגראַפיעס פון שיינדלען, פראַנקאַ און פון טאַטע־מאַמע מיט די קינדער, וואָס מען האָט גענומען פאַר שיינדלס אָפּפאָרן קיין ארץ־ישׂראל.

ס׳איז געווען אַ מילדער סעפּטעמבער־אָוונט. די מערסטע אײַנ־ווווינער פון איטשע איינפעלדס קאַמעניצע האָבן זיך אַרומגעדרייט איבערן גרויסן הויף, זיך געטיילט מיט די נײַעסן פון טאָג און איינער דעם אַנדערן געמוטיקט, אַז ס׳וועט נאָך גוט זײַן. נחום איז אַרומגע־גאַנגען איבערן הויף, ווו ער האָט געוווינט פון קינדווײַז אָן, און זיך

געזעגנט מיט שכנים און באַקאַנטע. נאָך איִם איז נאָכגעגאַנגען איטע מיט פאַרבראָכענע הענט, אַ פאַרצאָגטע און פאַרוויינטע. זי האָט ווידער אַ מאָל אַרומגענומען נחומען און אירע הייסע טרערן האָבן אַראָפּגעטריפט אויף זײַן פּנים.

,,ווּ לאָזסטו מיך איבער, מײַן קדיש, מײַן בכור? ! ווי וועל איך דאָס אויסהאַלטן, רבונו־של־עולם? !'' האָט זי אין אים אַרײַנגעהעשעט.

אַרום נחומען זײַנען געגאַנגען פאַרוויינטע זײַנע דרײַ שוועסטערלעך און דאָס ברודערל, גאָדל. נחום האָט זיי געגלעט איבער די קעפּלעך און געטרייסט, אַז ער וועט צוריקקומען אַהיים און ווידער זײַן צוזאַמען מיט אַלעמען. משה־אברהם איז ווי תמיד געווען באַהערשט און אײַנגעהאַלטן. בלויז אין זײַנע אויגן האָט זיך געשפּיגלט אַן אומגעהייערער טרויער, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן איבער זײַן טונקעלן פּנים. אָן אַ וואָרט האָט ער אַרויסגענומען אַ צען־זלאָטע־באַנקנאָט און דערלאַנגט נחומען.

,,זאָל גאָט דיך מציל זײַן,'' האָט ער שטיל געזאָגט. ,,און געדענק, ווּ דו זאָלסט נישט זײַן, — פאַרבלײַב אַ ייִד...'' נחום האָט דערלאַנגט דעם טאַטן די האַנט. משה־אברהם האָט זי אַ ווײַלע געדריקט און מיט אַ שטיקנדיק קול צוגעגעבן: ,,געדענק אונדז, נחום... געדענק...''

נחום איז אַוועק פון טאַטן און זיך געלאָזן צום טויער פון הויף. דאָ האָט ער זיך אומגעקערט מיטן פּנים צו אַלע און מיט דער האַנט זיך געזעגנט פון דער ווײַטנס. אַרויס פון טויער האָט ער זיך געלאָזן צו פראַנקאָס הויז. אַרום איז געווען ליידיק און פינצטער ווי אויף אַ בית־עולם. בײַם טויערל האָבן געוואַרט אויף נחומען פראַנקאַ און פּיניע צוקערקאָפּ, נחומס חבר נאָך פון דער יוגנט־סעקציע אין פאַראיין. ער האָט זיך דערוווּסט פון פראַנקאַ, אַז נחום פאָרט אַוועק, איז ער געקומען אים באַגלייטן.

,,ביסט שפּעט, נחום,'' האָט פראַנקאַ אים פאָרגעוואָרפן. ,,ניוניעק און אַבראַשע זײַנען אַוועק צו דער באַן מיט אַ האַלבער שעה צוריק.''

אין אײַלעניש האָט נחום מיט זײַנע צוויי באַגלייטער זיך געלאָזן צו דער באַנסטאַציע. נחום איז פאַרבײַגעגאַנגען זײַן שטוב און דעם צוגעמאַכטן רעסטאָראַן, אָבער נישט אַרײַן אַהין. דער צוג קאָן אָפּפאָרן אַ ליאַדע מינוט און דעמאָלט וואָלט ער געבליבן אַליין, אָן די צוויי דערפאַרענע קאַמעראַדן. אַלע דרײַ זײַנען אַדורך אונטערן

באַנטונעל און זיך געלאָזן מיטן טראָטואַר צו דער סטאַציע. אַרום איז געווען ליידיק און פינצטער. בלויז די קאָנטורן פון אַ לאַנגן פּאַסאַזשיר־צוג האָבן זיך אָנגעזען אויפן פעראָן, לינקס פון דער באַנסטאַציע. זיי זײַנען אַרויס אויף דער פּלאַטפאָרמע און שנעל פאַרבײַ די אָנגעפּראָפּטע וואַגאָנען מיט מענטשן, אויסרופנדיק די נעמען פון ניוניעקן און אַבראַשען. פון איין וואַגאָן האָט זיך דערהערט אַבראַשעס קול:

„מיר זײַנען דאָ! שטופּ זיך אַרײַן!"

אויפן שטיגל פון וואַגאָן האָט נחום זיך געזעגנט צום ערשט מיט פּיניען און דערנאָך מיט פראַנקאַ.

„מיר'ן זיך נאָך זען, מײַן איינציקע!" האָט נחום געזאָגט, קושנדיק איר צום לעצטן מאָל.

„האַלט זיך, נחום, און היט זיך אָפּ!" האָט פראַנקאַ אים אָנגעזאָגט.

נחום איז אַריין אין וואַגאָן און זיך פאַמעלעך דורכגעשטופּט צו זײַנע וועג־חברים. אַרײַנגעדרענגט און שטיל זײַנען זיי געזעסן און געוואַרט די באַן זאָל רירן. ס'האָט שוין גענומען שאַרייען, ווען דער לאָקאָמאָטיוו האָט אַרויסגעלאָזט אַ צעצויגענעם פײַף און די באַן האָט גערירט. דורכן וואַגאָן־פענצטער האָט נחום דערבליקט די הײַזער און פאַרקאַנעס פון באַקאַנטע ווילִיעס און פענסיאָנאַטן לענג־אויס דער וואַרשעווער גאַס און ווײַטער צו, ביז שרודבאָרוּוו.

נחום האָט געפילט, ווי אַ טייל פון זײַן לעבן און וועזן וואָלטן פלוצעם פאַרזונקען אין אַ פינצטערן תהום. „מײַן היימשטאָט, מײַן הויזגעזינד! שווידערסקע גאַס מײַנע! ווען איך אײַך נאָך וועט זען?" האָט ער איבערגעחזרט אין זיך בעת דער צוג האָט אים אַוועקגעטראָגן אַלץ ווײַטער און ווײַטער פון זײַן היים, אין דער גרויסער מלחמה־צעצונדענער וועלט.

* * *

# דאַנקזאָגונג

איך וויל אויסדריקן מיין דאַנק די חברים פון בוך־קאָמיטעט מיט י. ב. זאַלצבערג בראש. אַ יישר־כּוח מיין אָטוואָצקער לאַנדסמאַן איזי קירשענבאַום און זיין פרוי בעטי פאַר זייער ברייטהאַרציקער סובסידיע צו דעם בוכפּאָנד. ממשותדיקע הילף האָבן צוגעטראָגן: פריינד יוסף ב. האָרוויץ און זיין פרוי אָלין פון קליוולאַנד, דער בוך־קאָמיטעט ביי דער נייער פּראָטעסיאָנאַלער יידישער געזעלשאַפט, די בית־צדק קאָנגרעגאַציע און אַ צאָל פריינד און פאַרערער, וואָס האָבן ביישטייערט אָדער אַבאָנירט דאָס בוך פון פאָרויס.

איך וויל אויך דערמאָנען לשבח די איבערגעגעבענע אַרבעט פון יידיש־זעצער אַלעק סילווער און די קאָאָפּעראַציע פון אַ. אַדלער, אייגנטימער פון „**אדלער גראַפיקס**". און אחרון חביב — אַ ספּעציעלן דאַנק דעם גדול־הדור, **אליעזר וויזעל**, פאַר זיין מיט קענטעניש און האַרץ־געשריבענעם אַריינפיר־בריוו צו מיין בוך.

**דער מחבר**

# אינהאַלט

זײַט

# ביכער פון זעלבן מחבר

אַזוי איז אַ יוגנט פאַרגאַנגען, לידער
מאָנטרעאַל, 1950

אין שעה פון תפילה, לידער
מאָנטרעאַל, 1958

שלמה מימון, אישיותו ויחסו ליהדות
תל־אביב, 1971

צער און טרייסט, געזאַמלטע לידער
מאָנטרעאַל, 1989

בלענדיקער האַרבסט, לידער
מאָנטרעאַל, 1990

Selected Poems
Oakville, Ont., 1990

אַ שטיפקינד ביַי דער ווייַסל
טאָראָנטאָ, 1992